פּראָפ. שאַנטעפּי דע לאַ סאָסיי:

# די געשיכטע פון גלויבענס און רעליגיאָנען

איבערזעצט און בעאַרבייט

דורך

ד״ר מ. ראַבינזאָהן:



פערלאַג „וועלט-ביבליאָטעק״.

ווארשא

תרע״א — 1910

I

# איינלייטונג.

## § 1. די רעליגיאנס-וויסענשאפט.

די רעליגיאנס־וויסענשאפט צעהלט ערשט אינגאנצען איינינע צעהנדליג יאהר. זי האלט נאך אין וואקסען, און ניט אלע בעהערען איהר נאך מיט'ן נאמען וויסענשאפט. צו גרינדען אזא וויסענשאפט איז מעגליך געווארען ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 19 יאהרהונדערט, בעת די פילאזאפיע האט זיך גענומען גרינדליך אויסלערנען די רעליגיע. די פארשונג פון די קריסטליכע דאגמען האט געוויס דעם באדען פארבערייט, און מ'קען זאגען, למשל, אז די רעפארמאטאר'ס האבען געהאט א געוויסע רעליגיעזע פילאזאפיע. די אמת'ע פילאזאפישע בעטראכטונג פון די רעליגיעזע ערשיינונגען בכלל, האט זיך אבער ערשט אנגעהויבען אין דער לעצטער צייט. קאנט'ס און שלייערמאכער'ס אידעען בעהערען דעם יסוד פון דער רעליגיאנס־פילאזאפיע, און העגעל איז, לויט אונזער מיינונג, דער עכטער פאטער פון דיזער פילאזאפיע. ער האט דער ערשטער בעטראכט די רעליגיאנס־פראגע פון אלע זייטען, פון דער מעטאפיזישער, פסיכאלאגישער און היסטארישער, און האט ריכטיג בעצייכענט דעם אביעקט פון דיזער וויסענשאפט; מיר קענען איהם דעריבער מוחל זיין די פעהלערן, וואס ער האט געמאכט אין זיינע פארלעזונגען איבער רעליגיעזע פילאזאפיע אין די יאהרען 1821 — 1831.

די רעליגיאנס־וויסענשאפט האט נישט וועניג פערדיענט אויך דערפון, וואס די געשיכטע האט זיך אויסגעברייטעט און האט זיך גענומען בעשעפטיגען ניט בלויז מיט פאליטיק, נאר אויך מיט דער ציוויליזאציע פון דער מענשהייט. אויסער די פאליטישע געשעהענישען פון די פעל-

קער און מדינות, האָבען איהר אָנגעהויבען אינטערעסירען אויך די געזעלשאַפטליכע אָרדנונגען, די מאַטעריעלע לאַגע פון די נאַציאָנען, זייער קינסטלעכע ענטוויקלונג און זייערע אמונות. אין 18־טען יאָהרהונדערט האָבען שוין אויף אַזעלכע טעמעס געשריבען וויקאָ, וואָלטער, לעסינג און הערדער, און אין 19־טען יאָהרהונדערט האָט מען זיך מיט דעם שטאַרק אָנגעהויבען אינטערעסירען — בעזונדערס זייט באַקל האָט אַרויסגעגעבען זיין „געשיכטע פון ציוויליזאַציע אין ענגלאַנד” (1858).

דער עיקר איז אָבער געווען רייכער צו ווערען אין מאַטעריאַל. די ענטוויקלונג פון דער רעליגיאָנס־וויסענשאַפט האָט געפאָדערט גרויסע פאַרשוינען אין אַלטע שפּראַכען, אין פילאָלאָגיע, עטנאָגראַפיע (פעלקער קענטניס), מיטאָלאָגיע (לעהרע פון געטליכע לעגענדען), און פאָלקלאָר (פאָלקס־לעגענדען). די שפּראַך־פאָרשונגען האָבען אונז געגעבען די מעגליכקייט איינצוטיילען די מענשהייט אין גרופּעס און פעלקער, וואָס רעדען אויף פערוואַנדטע שפּראַכען; צו לעזען פערצייטיגע אויפשריפטען, און אָבצודרוקען די ווערק פון די אַלטע פעלקער אין קלאַסישע אויסגאַבען מיט גענויע איבערזעצונגען, ניט בלויז אויף די ברעגען פון נילוס און פּרת האָט מען געפונען רעשטען פון דער פערצייטיגער ציוויליזאַציע, נאָר אויך אין אַנדערע טהיילען וועלט. אַפילו די ווילדע פעלקער אינטערעסירען די נייע היסטאָריקער, און די רייזענדער, ווי די מיסיאָנערען גיבען אונז פון זיי ריכטיגע בעשרייבונגען. און אַ פשיטא שוין, אַז די ציוויליזירטע נאַציאָנען פון דער נייער און דער אַלטער צייט זענען גוט אויסגעשטודירט געוואָרען, זאָגאָר בנוגע צום לעבען פון זייער המון, זייערע הויזליכע מנהגים, זייער פיהרונג און זייערע אַבערגלויבענס.

דער גרינדער פון דער נייער רעליגיאָנס־וויסענשאַפט איז געוויס מאַקס־מילער, וואָס צייכענט זיך אויס מיט זיין טאַלענט ניט ווייניגער, ווי מיט זיינע גרינדליכע קענטעניסען. מיט דער הילף פון די גרעסטע געלעהרטע אין אָריענטאַלישע שפּראַכען, האָט ער אַרויס געגעבען אַ סעריע איבערזעצונגען פון די „הייליגע ביכער פון מזרח”, און האָט אומעטום געפונען נאָכאַהמער. אין האָלאַנד, פּאַריז, ברּיסעל און רוים, זענען אין די אוניווערזיטעטען געשאַפען געוואָרען ספּעציעלע קאַטעדרעס פאַר רעליגיאָנס־וויסענשאַפט; די פילאָלאָגען זענען אָבער דערמיט ניט צופריעדען, ווייל זיי האָבען מורא, אַז די יעוע וויסענשאַפט איז צו ברייט און אַלגעמיין, קען אַרויסגעבען דילעטאַנטען (האַלב־ווייסער); און די קירך איז דאָך אודאי ניט מסכים צו אַזאַ לעהרע, וואָס קען ברענגען

צו אפיקורסות. — מעהר כבוד און פּאָפּולאַריטעט ווי אומעטום, האָט די רעליגיאָנס־וויסענשאַפט אין ענגלאַנד; אין דײַטשלאַנד בעשעפטיגען זיך נאָר מיט איהר בעדײַטענדע געלעהרטע, אָבער אין די אוניווערזיטעטען ווערט זי געלערנט בלויז אַלס אויסנאַהם.

די דאָזיגע וויסענשאַפט בעטראַכט די נאַטור און די אויסערליכע ערשײַנונגען פון די רעליגיעס, און ווערט געטהײלט אויף געשיכטע און פילאָזאָפיע פון די אמונות צוויי טהײלען, וואָס זענען צוזאַמען ענג פערבונדען. די רעליגיאָנס־געשיכטע בעשעפטיגט זיך, אמת, אויך מיט ווילדע אָדער נאַטור־פעלקער, וואָס האָבען קײן געשיכטע ניט, איבערהויפּט בעהאַנדעלט זי אָבער די אמונות פון די צוויליזירטע נאַציאָנען. בײַם סאָרטירען די פערשידענע רעליגיעזע ערשײַנונגען געהט מען איבער פון דעם געשיכטליכען טהײל צו דעם פילאָזאָפישען, וואָס בעהאַנדעלט צוגלײַך דעם סוביעקט (דעם גלויבער) און דעם אָביעקט (דעם גלויבען), און דאַן אויך צו דער פּסיכאָלאָגיע און דער מעטאַפיזיק. אונזער ווערק וועט אָבער נאָר בעריהרען די געשיכטליכע זײַט פון די רעליגיעס.

## § 2 די אײַנטהײלונג פון די רעליגיעס.

סאָרטירען די רעליגיעס אין געוויסע קלאַסען איז זעהר שווער, ווײַל ס'זענען פערהאַן אין דעם פערשידענע אופנים, העגעל זאָגט, אַז די סאָרטירונג דאַרף זײַן אָביעקטיוו, און דאַרף צוגלײַך בעצײַכענען אויך די הויפּט־פונקטען אין דער ענטוויקלונג פון יעדער רעליגיע און די מדרגות אין איהר היסטאָרישען גאַנג. אין דער לעצטער צײַט סאָרטירען געלעהרטע די רעליגיעס אָדער לויט ראַסען־גרופּעס פון די גלויבער וואָס זענען פערוואַנדט אין שפּראַך און אָבשטאַמונג, אָדער לויט דער נאַטור פון די רעליגיעס אַלײן. מ'געפינט, אמת, גאַנץ אָפט בײַ פערוואַנדטע פעלקער פערשידענע רעליגיעס, און בײַ די נידריגערע ראַסען זענען די רעליגיעס פון פערשידענע שטאַמען גענוג ענהליך אײנע צו די אַנדערע — פון דעסטוועגען האָט די סאָרטירונג לויט די ראַסען אַ מעלה, וואָס זי בעטראַכט געהעריג דעם אײַנפלוס פון די היסטאָרישע פערהעלטניסען. לויט זײער נאַטור ווערען די רעליגיעס געטהײלט אין פאַלשע און

אמת'ע, אין נאַטירליכע און געגעבענע פון גאָט, אין מאָנאָטעאיסטישע (מיט איין גאָט) און פאָליטעאיסטישע (מיט אַ סך געטער), און שלל'דיגע, מאָראַלישע, קינסטליכע, און נאָך אַ מאַסע אַנדערע סאָרטען, וועלכע זענען אָבער קיינע ניט גענוג גענוי און בעשטימט, פיעל אַנהענגער האָט געפונען פאָן-דריי'ס סאָרטירונג, וואָס טהיילט איין אַלע פערהאַנענע רעליגיעס אין וועלטליכע און אָרטיגע (אָדער נאַציאָנאַלע), פאַר וועלטליכע ווערען גערעכענט נאָר דריי אמונות: די בודיסטישע, קריסטליכע און איסלאַמישע. מיט דיעזער איינטהיילונג מוז מען אָבער אויך זיין פאָרזיכטיג, וויל ס'זענען פערהאַן פיעל רעליגיעזע חברות, וואָס זענען פערשפרייט צווישען פערשידענע פעלקער און אין פערשידענע ערטער, האָטש זיי זענען ניט וועלטליך; און דאָסזעלבע נעהמען די יודישע און בראַהמאַנישע אמונות אָן גרים, האָטש זיי זענען נאַציאָנאַל.

לאָגישער פון אַלע איז די איינטהיילונג אין נאַטירליכע און גייסטיגע אָדער מאָראַלישע רעליגיעס. דיעזע איינטהיילונג האָט העגעל אין זינען בעת ער זאָגט, אַז דער מענשליכער גייסט געהט דורך אין זיין ענטוויקלונג דריי מדרגות פון רעליגיע: די נאַטירליכע, די געקינסטעלטע און די אַבסאָלוטע. פריהער שטעהט דער מענש אונטער דעם איינפלוס פון דער נאַטור און זיינע חושים, נאָכהער הויבט ער אָן פיהלען זיין סוביעקטיווען „איך" און געוועלטיגען איבער זיין רצון, און צום סוף דערגרייכט ער די ריינע רעליגיעזע וואַרהייט, אָדער די השגה פון געטליכקייט. לויט דעם דאָזיגען חלוק פון נאַטירליכע און ערוואָרבענע רעליגיעס, טהיילען די געלעהרטע אַלע אמונות פון דער וועלט אין גרופּעס אויף פערשידענע אופנים.

די סטאַטיסטיק פון די אמונות איז נאָך אויך ניט גענוי בעשטימט. אויף דער וועלט זענען פערהאַן בערך 1400 מיליאָן מענשען, און מ'איז משער, אַז דרייסיג פּראָצענט פון זיי זענען קריסטען, אַכט און האַלבע פּראָצענט — מחמדאַנער, אַ האַלבע פּראָצענט — יודען, 35 פּראָצענט בודיסטען, 9 מיט האַלבע פּראָצענט — בראַהמאַנער, און 16 מיט האַלבע פּראָצענט געטצענדיענער. די חינעזער און יאַפּאַנער זענען, פערשטעהט זיך, גערעכענט צווישען די בודיסטען.

## § 3. װענען אײניגע רעליגיעזע סיסטעמען.

ס'איז נױטיג צו ערקלערן דא אײניגע אױסדריקען, װאס מיר װעלען שפעטער אפט בעגעגענען. **אנימיזם** הײסט דער גלױבען אין כח פון **נשמות**. דורך אײניגע נאטירליכע ערשײנונגען, װי דער שלאף, למשל, האט דער מענש ענטדעקט אין זיך א בעזונדער קראפט אדער א נשמה, װאס לעבט אפילו בעת דער קערפער רוהט. ער האט זיך פארגעשטעלט דיזע נשמה, װי א ממשות'דיגע זאך, װאס געפינט זיך אין פולס, אין הארצען, אין בלוט, אין אטעם, אדער אין שאטען, און קען פערלאזען דעם קערפער אדער אריינגעהן אין אנדערע קערפערס. דער מענש האט אפטמאל געגלױבט, אז אנדערע לעבעדיגע אדער ניט לעבעדיגע בעשעפעניש'ן, ערשײנונגען און פלאנצונגען, האבען אױך א נשמה, און דיזער גלױבען איז אמאל פערװאנדט מיט דער אמונה אין רוחות. דאס איז אײגענטליך ניט קײן רעליגיע, נור א מין פילאזאפיע, זי איז אבער פערבונדען מיט א סך רעליגיעזע מנהגים און פערנעהמט א פלאץ אין אלע אמונות, בעזונדערס בײ די ניעדריגערע ראסען. דער **אנימיזם** פאדערט א סך סגולות, האט מיט'ן שכל און מאראל גאר קײן שײכות ניט, ערװעקט נאר פחד און זעלבסט-שוץ און איז גאנץ עגאאיסטיש.

נאהנט צו דעם שטעהט דער **פעטישיזם**. דער טערמין איז שױן געװען בעקאנט אין 17-טען יאהר-הונדערט, און שטאמט פון פארטוגעזישען װארט פײטיצא (כשוף). די געלעהרטע בעצײכענען דערמיט פערשיעדענע בעגריפען. בײ די װילדע איז דער **פעטיש** סײ דער געגענשטאנד פון פערגעטערונג, סײ די סגולה, װאס איז מקרב צו דער גאטהײט. מיר בעצײכענען אבער דאס רוב מיט'ן װארט דעם פערגעטערטען גאָץ, אדער אנ'אנדער פערגעטערטע זאך. — דער „אידאל" איז כמעט דיזעלבע זאך װאס דער פעטיש; דאס איז אבער אנ'אבגאט, װאס איז שױן עטװאס געקינסטעלט און געפוצט געװארען.

לױט **שולטצע** בעשטעהט דער פעטישיזם אין די פאלגענדע פונקטען: 1) איבעריגע שעצונג פון קלײניגקײטען, װאס טרעפט בײ מענשען, װעלכע לעבען אין א קלײנעם קרײז און האבען ניט װאו אהין צו טהון זײער כח-הדמיון; 2) פארשטעלען זיך אונבעלעבטע זאכען אלס לעבעדיגע װעזענס מיט װילען און געפיהל; 3) פערבינדען א שײכות צװישען זײ און געװיסע מנהגים און געשעהענישען; און 4) די איבערצײגונג

אַז זײ פֿערלאַנגען אַ רעליגיעזע פֿערגעטערונג. דער קולט פֿון דער נאַטור האָט ניט צו טון מיט'ן פֿעטישיזם, װעלכער איז פֿערבינדען מיט כּשוף־מנהגים. דער פֿעטיש איז אַ פֿערקערפּערונג פֿון אַ געטליכען װעזען, װעלכער האָט נישט אין זיך קײן נשמה און קײן לעבענס־קראַפֿט.

פּאָליטעאיזם און מאָנאָטעאיזם װעלען מיר פֿאָרלױפֿיג ניט ערקלערן בּפרטות, מיר װעלען נאָר בּעמערקען, אַז מ'דאַרף דיזע טערמינען ניט פֿערבּײַטען מיט פֿערװאַנדטע פֿילאָזאָפֿישע סיסטעמען, און מ'מוז זײ נאָר פֿערשטעהן אין רעליגיעזען זין. די פּאָליטעאיסטישע געטער פֿערקערפּערן די קרעפֿטען און ערשײַנונגען פֿון דער נאַטור, זענען פֿערבּונדען מיט דער װעלט, און װערען געשילדערט אין שען־פּאָעטישע מיטאָלאָגישע לעגענדען. דער אײנציגער מאָנאָטעאיסטישער גאָט, דאַגעגען, איז אַ גײַסטיגער װעזען, װאָס שטעהט העכער פֿון דער װעלט, און געפֿינט זיך בּאמת נאָר אין יודענטום, און בּײַ די צװײ טעכטער פֿון יודענטום: קריסטענטום און איסלאַם.

העןאָטעאיזם איז אַ מין פּשרה צװישען פּאָליטעאיזם און מאָנאָטעאיזם, און װערט געבּרױכט אױף פֿערשידענע אופֿנים.



## ערשטעס קאפיטעל.

# די ווילדע פעלקער.

---

## § 1. אפריקא.

די אבשטאמונג פון די אפריקאנער פעלקער איז ניט לייכט צו בע־
צייכענען. געוויסע געלעהרטע צעהלען אין אפריקא פון פינף ביז זעקס
פערשיעדענע ראסען. צווישען די פעלקער פון מיטעל־מער אין צפון ווייט,
רעכענט מען די מצרים און כושים (עטיאפיער) פאר א בעזונדער גרופע,
וואס קומט ארויס פון חם, און איז נאהנט פערוואנדט מיט די סעמיטען.
דאסזעלבע האלט מען אין צפון אפריקע די בערבערן און באסקען פאר
פערוואנדט נאך פון דער פאר־היסטארישער צייט. צו דרום זייט געהערן
צו איין ראסע די נוביער, וואס זיצען אויף'ן העכער'ן נילוס, און די
פולאס אויף'ן דרום גרענעץ פון גרויסען מדבר. די נעגער וואהנען
אין צענטער אפריקע, ביז'ן 20־טען גראד, בערך, פון דער געאגרא־
פישער ברייט; און אין רעכטען דרום וואהנען נאך צוויי־דריי ראסען:
קאפערן, האטענטאטען און בושמענער. דיזע לעצטע רעכענען זיך
פאר ענטארטעטע האטענטאטען, אדער פאר קרובים פון די קארליקעס,
וואס זענען צוזייהט אין צענטער פון אפריקע, און שטעלען פאר מיט זיך
אלס א בעזונדער ראסע, א רעשט פון דער פרימיטיווער מענשהייט.

נאר וועניג געלעהרטע גלויבען, אז די מצרים האבען זיך אויס־
געמישט מיט די פעלקער פון מיטעל־אפריקע; פון דעסטוועגען איז די
זאך מעגליך, חאטש העראראט האלט ניט אזוי. די הארטאקטער־איי־

געגשאַפטען פון די אַלטע מצרים, זייער ערפינדערישער גייסט, זייער אָריגינאַליטעט און סבלנות, טיילען זיי, אמת, אָב פון די נעגערס, דערפאַר האָבען זיי אָבער אַנדערע ערנסטע סימנים פון פערוואַנדשאַפט מיט די אַפריקאַנער פעלקער, ווי די פערגעטערונג פון בעלי=חיים, פעטישיזם, דער קולט פון מתים און מילה. די אַנאַטאָמישע אונטערזוכונג פון די מומיעס (איינבאַלזאַמירטע מתים), וואָס קען אונז פיעל בעלעהרען אין דער פראַגע, איז נאָך ניט ווייט אַוועק. און די שפּראַך=פאָרשונג ניט נישט אויך איהר קיין קלאָרען ענטפער.

געוויסע פאָרשער האַלטען, אַז אַלע אַפריקאַנער פעלקער קומען אַרוים פון איין ראַסע, און ווייזען אויף, אַז זיי שיידען זיך אונטער איינע פון די אַנדערע נאָר אויף געוויסע מדרגות, האָטש זיי זענען אויך מודה, אַז די קאַרליקעס און די האָטענטאָטען מיט זייער געלבליכער הויט זענען גאַנץ בעזונדערע ברואים. פאַר אונז וועט אַלזאָ גענוג זיין, ווען מיר וועלען איינטיילען אַפריקע אין דריי טייל: דרום, צענטער און צפון.

אין דרום אַפריקע זיצען צו מזרח זייט די קאַפערן, אָדער כופרים, ווי די האָלענדער קאָלאָניסטען האָבען זיי אַ נאָמען געגעבען. די האָטענטאָטען, וואָס וואָהנען צו מעריב זייט, האָבען בעקומען זייער נאָמען פון די האָלענדער פאַר זייער שטאַמלען, קוויטשען און מעקען. דיעזע צוויי פעלקער זענען פאַסטוכער לויט בעשעפטיגונג, זענען געזעלשאַפטליך אָרגאַניזירט, און האָבען, ווייזט אויס, געהאַט אַמאָל זאָגאַר אַנ׳אַלטע ציוויליזאַציע. זיי האָבען אַ היסטאָרישע טראַדיציע און טיילען זיך אויף פערשיעדענע שבטים. זיי קענען הייסען באַרבאַרען, בעת די בושמענער, וואָס זענען צווישען זיי צוזייהט און אומעטום געדריקט, הייסען אמת׳ע ווילדע.

די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען פון די דאָזיגע פעלקער זענען אַזוי צומישט, אַז מ׳האָט אָפט געמיינט, אַז זיי האָבען גאָר קיין רעליגיע ניט; ס׳איז אָבער ניט ריכטיג. זיי האָבען רעליגיעזע מנהגים און בעגריפען, און מיר קענען זאָגאַר די נעמען פון זייערע געטער. די האָטענטאָטען האָבען, למשל, אַ גאָט טסויגאָאַב, וואָס בעצייכענט דעם מאָרגענשטערן, אָדער די לבנה. אַנ׳אַנדער לבנה=גאָט איז פיליייכט הייטסיאייביב, און ס׳איז מעגליך אז פון זיין כבוד ווענען טאַנצען די האָטענטאָטען פאַר דער שיין פון אַ נייער און אַ גאַנצער לבנה. אומקולומקולום, דער גרעסטער גאָט, איז דער ערשטער פאָטער פון די שבטים.

דער קולט פון די עלטערן און מתים בכלל איז בײ זײ זעהר פערשפרײט, די מתים קומען געװעהנליך װײזען זיך צו זײערע קרובים אין דער פארם פון חיות, און די קופעס שטײנדלעך, װאו די פערבײגעהער װארפען צו א שטײנדל, זענען, װײזט אויס, דערנקמעלער נאך מתים. זײ גלויבען, אז די מענשהײט איז ארויס פון א בוים-שטאם אדער פון חיות, און מיט דיזען גלויבען איז פערבונדען א גאנצע געזעלשאפטליכע ארדנונג און פיעל דינים פון כשר'ע און טרפ'ע אכילות. קײן פאעטישע לעגענדעס פעהלען דא אויך ניט. דער שבט דאמארא דערצעהלט, למשל, אז דער ערשטער ערפינדער פון פײער האט פערטריבען אלע װילדע חיות און צוגעצױגען די הױזיגע; דארום האלטען מײדלעך אויס א שטענדיגען הײליג פײער בײ דיזען שבט. װעגען טויט דערצעהלען די שבטים א לעגענדע אויף פערשידענע אופנים. לויט די האטענטאטען, האט די לבנה געשיקט זאגען דעם מענשען: אזוי װי איך פערגעה און געה אויף װידער, אזוי װעסטו אויך שטארבען און װידער לעבעדיג װערען; דער האז האט זיך א-בער טועה געװען, און האט געזאגט „אזוי װעסטו שטארבען און זיך מעהר ניט אויפהויבען". די אמאזולוס דערצעהלען, אז אומקולומקולו האט געשיקט די חיה קאמעלעאן אנזאגען דעם מענשען, אז ער װעט לעבען אויביג; די חיה האט זיך אבער פערשפיעלט, און דערװײל האט גאט חרטה געהאט און געשיקט די סאלאמאנדרע זאגען, אז ער װעט יא שטארבען.

די אמונה פון די האטענטאטען און קאפערן איז ניט קײן פע-טישיסטישע, װי דער גלויבען פון די נעגערס; זי פערלאנגט נאר קרבנות פאר די נשמות און רוחות. זײ האלטען זעהר פון כשוף און קמיעות, און די מכשפים זענען צוגלײך אויך רופאים און טרעפער'ס. זײ געברויכען פערשידענע מיטלען און גרינדען אפט פערמאכטע חברות. די גײסטער װערען אויסגערופען אין הײליגער התפעלות דורך געזאנג און טענץ, און מ'בעט זײ, זײ זאלען הײלען פון א שלאנג'ס ביס, שיקען נצחון און רעגען, און בכלל אבטהון אלע צרות, די מכשפים צוזאמען מיט די מנהיגים פיהרען א שטארקע ממשלה, זענען זיך נוקם אן װעמען זײ װילען, זײ צאהלען אבער א מאל אויך מיט'ן לעבען פאר זײער רמאות.

פערהאן זענען דארט אויך, װי אין גאנץ אפריקא איבערהויפט רעליגיעזע בלוט-מנהגים. מ'ברעכט זיך אויס צײנער, א נ'אלמנה װאס האט חתונה א צװײטען מאל, שנײדט זיך אב א פינגער, און מ'איז

מל דערוואקסענע בחורים, פאר דער מילה איז דער בחור שטרענג פרום, און נאָכדעם א געוויסע צייט שטארק אויסגעלאסען. ס'זענען דא פיעל איסורים בנוגע צום עסען און אמגאנג; א הויז פון א מת ווערט פערלאזען, אלמנות און פרויען בכלל אין געוויסע צייטען ווערען אבגעזונדערט, דאס ווייב טאר ניט רעדען מיט'ן מאנ'ס קרובים, און ז. וו.

פון די נעגערס וואס זיצען אין מיטעל-אפריקע, זענען אונז די איינוואוהנער פון די גרויסע וואסער-בערגען און פון דער וואס-באזע-געגענד אין קאנגא וועניג בעקאנט. בעסער קענען מיר די בע-וואָהנער פון די מחמדאנישע מדינות פון סענעגאל ביז דארפור, וואס זייער פאליטיק און אבשטאמונג זענען אויך ניט גאנץ קלאר. די בע-קאנטע שטאדט טאמבוקטו איז, למשל, פול מיט פערשידענע נע-גער-ראסען, וואס פיהרען אנ'עקאנאמישען קאמפף.

לויט בעגאבונג און פעהיגקייט איז די נעגער-ראסע ניט פון די ניעדריגסטע. דער נעגער האט דאס רוב א לעבעדיגע פאנטאזיע און א לייכטע תפיסה; ער איז קלוג, ליידענשאפטליך, און תוך ניט שלעכט, היציג אדער ניט בעשטענדיג, איהם געפעהלען משונה'דיגע זאכען, ער דענקט אהן ארדנונג, און האט ניט גענוג ענערגיע אויס-צונוצען זיינע גייסטיגע קרעפטען. די נעגערס זענען ניט ווילד, זיי גרינדען מלוכות און גרויסע שטעדט; זייערע אכזריות'דיגע מלוכות און זייער שקלאפען-מסחר צושטערן אבער זייער סאציאלע ארדנונג.

ביי די נעגער'ס איז דער מקור פון פעטישיזם. ס'זענען דא קליינע און גרויסע געצען, אלגעמיינע און פריוואטע, וואס הייסען גריז-גריז אדער יו-יו. נאך דער מילה קלויבט זיך יעדער בחור אויס א פעטיש, און געוויסע שבטים פארבען זייער לייב לויט די סימנים פון זייער פעטיש. די פעטישען דיענען אפטמאל פאר קמיעות, און אמאל האבען זיי אנ'אמת'ע פארם פון א מענשען. מ'פערהערט זיי אין טעמפלען אדער שטיבלעך, און מ'נעהמט זיי מיט אויף רייזען.

די נעגער'ס גלויבען אויך און רוחות, און פערגעטערן זאכען פון דער נאטור, ווי דעם הימעל, די בערג, די טייכען, די זון, בעזונדערס די לבנה. ערטערווייז גלויבען זיי אויך אין א העכער'ן איינציגען גאט, וואס האט בעשאפען די וועלט, זיי גיבען אבער אב כבוד איבערהויפט די שלעכטע געטער. די נעגער האלטען אפט פון פתים-קולט. אין דאהאמיי און ביי די אשאנטים, למשל, האט מען

פיעל מענשען געאָפּפערט לכבוד די געשטאָרבענע מנהיגים. פון בעלי־חיים פערגעטערן די נעגערס איבערהויפּט דער שלאַנג. זיי האָבען אויך אַ סך דינים און איסורים, ברויכען כשוף און קרבנות, גלויבען אין גלגולים, און שטעלען זיך פאָר, ווי די חאַמאַנעס פון אַזיע, אַז די גלחים געהען אַראָב אין דער אונטער־וועלט.

דער גלח איז אויך אַ מכשף. ער איז מקריב קרבנות און שפּייזען פאַר די רוחות און מתים, כדי אָבצוהאַלטען אומגליקען; ער זאָגט נביאות, ברענגט רעגען, היילט קראַנקע און ד. ג. איבערהויפּט געפינט ער אויס די בעשולדיגטע אין חטאים, וואָס ברענגען צרות און טויט אויפ'ן כלל. מיט אַ גרויסען ליאַרעם ברענגט מען דעם בעשולדיגטען און מ'גיט איהם טרינקען אַ מין רויטען גיפט־וואַסער; שטאַרבט ער פון דעם איז אַ סימן אַז ער איז ווירקליך שולדיג. די נעגערס האָבען אויך געהיימע רעליגיעזע חברות; מיר ווייסען אָבער ניט גענוי מיט וואָס זיי בעשעפטיגען זיך.

די אינזעל מאַדאַגאַסקאַר געהערט צו אַפריקע נאָר געאָגראַפיש, אָבער ניט לויט איהרע פעלקער. אַמאָל האָבען דאָרט געוואָהנט פערוואַנדטע שבטים מיט די נעגערס, נאַלהער זענען זיי אָבער פערשלונגען געוואָרען פריהער פון די אַראַבער און שפּעטער פון די מאַלאַיער, וואָס בעהערשען נאָך איצט אויך די אינזעל. זייער רעליגיע איז ענהליך צו דער נעגערשער.

אין צפון אַפריקע איז די בעפעלקערונג מעהר געמישט ווי אומעטום. מצרים איז שטענדיג פול געווען מיט פרעמדע; פערצייטען — סעמיטען, פערסער, גריכען און רוימער; אין מיטעל־אַלטער און אין דער נייער צייט — אַראַבער, טערקען, בעוואָהנער פון קליין־אַזיע, און אייראָפּעער. צו דרום־זייט האָבען זיך די אַראַבער אויסגעמישט מיט די עטיאַפּיער, האָבען זיך בעזעצט אין אָנפאַנג פון אונזער צייט־רעכנונג אויף די אַביסינישע אַלפּען און האָבען דאָרט פערברייטערט זייער שפּראַך. צו מערב זייט, אויפ'ן ברעג פון מיטעל־מער, אין סאַהאַראַ און די בערג, עקזיסטירען נאָך די אַלטע פעלקער: בערבערן, טואַרעגן און טיבועס. נעבען זיי איז אָבער אין דיזען טייל אַפריקע, וואָס איז אונז היסטאָריש בעקאַנט, געשאַפען געוואָרען אויך אַ נעמישטע בעפעלקערונג מיט'ן נאָמען מ א ה ר ע ן, אין וועלכער ס'זענען אַריין רוימער, אַראַבער, טערקען און קריסטליכע קנעכט פון אייראָפּעאישע לענדער.

די מחמדאנישע אמונה געוועלטיגט כמעט איבער גאנץ צפון־אפריקע, און נאר איניגע שבטים אויפ'ן העלער'ן נילוס זענען גע־בליבען געטצענדיענער. די קאפטען און אביסיניער געהען צום קריסטענטום לויט דער מאָנאָפיזיטישער שיטה אנשויאונג, (לויט וועל־כער קריסטוס האט געהאט נאר איין געטליכע נאטור); זיי שטע־הען אָבער גאנץ ניעדעריג אין ציוויליזאציע. דער אביסינישער גלוי־בען האט אריינגענומען אין זיך אויך מחמדאנישע, יודישע און אפילו געטצענדיענערישע יסודות. כשוף, עין־הרע, גלגולים און אלע נאַ־רישקייטען פערנעהמען אין איהם א רעכטען פלאץ. טראָטצדעם גע־הערט צפון־אפריקע איבערהויפט צו דער געשיכטע פון מחמדאניזם און קריסטענטום.

---

## § 2. די אמעריקאנישע פעלקער.

אָבגעטהיילט פון אמעריקאנער פעלקער זענען די עסקימאָסען און גרענלאנדער, וואס ווערען גערעכענט אמאל פאר מאָנגאָלען און אמאל פאר א טהייל פון די צפון־פעלקער. זיי זענען ענליך סיי צו די מאָנ־גאָלען, סיי צו די אינדיאנער פון אמעריקע.

די געלעהרטע דיספוטירען וועגען דעם, צי ס'איז פערהאן א בעזונדער אמעריקאנער ראסע, צי דאס רוב פעלקער פון אמעריקע שטאמען פון מאָנגאָלען אָדער פון א מישונג צווישען מאָנגאָלען און מאלאיער. יעדענפאלס איז קיין ספק ניט, אז איידער קאָלאָמבוס האט נאך ענטדעקט דאס נייע לאנד, האבען שוין די דאָרטיגע איינוואָהנער געהאט פערבינדונגען מיט דער אלטער וועלט. די בעוואָהנער פונם איי־לאנד, למשל, האבען אין מיטעל־אלטער, ווי ס'צייגט זייער ליטע־ראטור, געריזט אין גרענלאנד, און ס'ווייסט אויס, אז צווישען דער מערב זייט פון צפון־אמעריקע און אזיע זענען אויך געווען פערבינ־דונגען. מיר ווייסען אָבער ניט, ווי גרויס ס'איז געווען דער איינפלוס פון די'עזע פערבינדונגען אויף אמעריקע. מ'רעכענט אָפטמאל, אז די גרינדער פון דער אלטער ציוויליזאציע אין מעקסיקע און פערו זענען געווען אידען, פיניקיער אָדער בודיסטען; אָדער מ'ברענגט אמאל די ציוויליזאציע אין פערבינדונג מיט די חיניעזער און קעלטען; דאס זענען אָבער אלץ מעהר ניט, ווי השערות.

אין צפון-אַמעריקע טיילט מען אָפּ פֿון די רויט-הויטיקע אינדיאַנער די שבטים, וואָס זיצן צו מערבֿ הינטער די שטיין-בערג ביז'ן ים אין דער געגנט אָרעגאָן. אין מעקסיקע טיילט זיך די באַפֿעלקערונג אויף דריי שבטים, וואָס האָבן באַזעצט דאָס לאַנד איינער נאָך אַנדערן. אין צענטראַל-אַמעריקע איז געוועזן די ראַסע מאַיאַ, אין די צפון-זייט פֿון דרום-אַמעריקע, ווי די אַנטילישע אינזלען זענען געווען באַוואָהנט פֿון די אַראַוואַקס און קאַראַיִבן.

די אָפּשטאַמונג פֿון די פֿעלקער אין דרום-אַמעריקע איז אונדז נאָך ווייניקער באַקאַנט. מיר טיילן זיי אין בראַזיליער שבטים, אַבּיפּאָנעס, אינדיאַנער פֿון די פּאַמפּאַסן, אַראָקאַנער, פּאַטאַגאָנער און פֿייער. אַ פּאַס לאַנד אויפֿ'ן מערבֿ-ברעג איז געווען ציוויליזירט; אין ניי-גרענאַדער זענען געוועזן די שיבשאַסן, און אין דרום-זייט האָט געבליט די ציוויליזאַציע פֿון פּערו. שפּעטער האָבן דאָרט געוועלטיקט די אינקאַס.

דער ווילדער אַמעריקאַנער איז לויט זיין כאַראַקטער פֿיל ענלעך צום מאַלייער. ער איז אַ שווייגער, האַלט זיך ערנסט און אָנגעצויגן און קאָן איבערטראָגן די שווערסטע יסורים; ער איז פֿאַלש, העלדיש, אַכזר און אַ כעסן; ער האָט אַ שווערע תּפֿיסה פֿאַר נייע זאַכן און פּאַסט זיך שווער צו צו נייע פֿערהעלטנישן. ער איז אַ בעל-דמיון, און זיין אינערלעכער לעבן איז זייער רייך. דער נעגער שטייט העכער פֿון אים נאָר אין אויסערלעכער ציוויליזאַציע. דער ווילדער אַמעריקאַנער האָט כמעט ניט קיין הויז-חיות און ווייסט ניט פֿון קיינע קולטיווירטע פֿלאַנצונגען; ער איז ניט קיין ערד-אַרבעטער אָדער פּאַסטוך, נאָר אַ יעגער, אַ פֿישער, אַ קריגער. אויסער פּערו, צענטראַל-אַמעריקע און מעקסיקע, וואו סיזענען געבליבן סמנים פֿון אַ פֿאַרצייטיקער ציוויליזאַציע — זענען אומעטום געוועסן ווילדע פּראַים.

די גרענלאַנדער און עסקימאָסן האָבן אין לעצטן יאָרהונדערט אָנגענומען דאָס קריסטנטום. פֿריער האָבן זיי געגלייבט, ווי אַנדערע ווילדע, אין דעם כּח פֿון די עלעמענטן, אין אַ יענע-וועלט און אין כּישוף. אינטערעסאַנטער איז די רעליגיע פֿון די רויט-הויטיקע. ביי זיי, ווי אין פּאָלינעזיע, אויסטראַליע און אַנדערע ערטער — באַגעגנט מען דעם טאָטעמיסטישען גלייבן. דאָס וואָרט טאָטעם קומט פֿון צפון-אַמעריקע און באַצייכנט אַ געוויסן סאָרט חיות אָדער צמחים, וואָס איז פֿאַרהייליקט געוואָרן ביי אַ שבט אָדער אַ יחיד. דיזער שבט אָדער יחיד געהערט אינגאַנצן צום פֿאַרהייליקטן סאָרט, און איז מיט אים איינס.

יעדער חיה פון דעם סארט רעכענט זיך פאר׳ן פאטער פונ׳ם שבט, און משאר זיי ניט טויטען. דער שבט טראגט די פעל אדער פעדערען פון פער היילינגטען סארט, מאכט נאך זיינע תנועות און טענץ, און ווייזט־און זיין אבהענגיגקייט פון איהם ביי יעדער געלעגענהייט, ווי א שמחה, א געבורט, א חתונה, און אז. וו.; מיט דעם טאטעם זענען פערבונדען א סך דינים פון כשר און טריפה און אויך די געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע. די שבטים טיילען זיך לויט זייער טאטעם.

אויסערדעם פערגעטערען די רויט־הויטיגע די רוחות, אדער מאניטום, וואס האבען אפט א שייכות צו נאטור־ערשיינונגען. זיי קענען אויך א „העכסטען גייסט״, דאס איז אבער ניט קיין מאנאטעאיסטישער בעגריף, ווייל זיי שטעלען איהם פאר בכלל אין דער פארם פון א חיה, און פעראייניגען אין איהם אלע געטליכע איינענשאפטען. ער האט א שייכות צו אלע נאטור־ערשיינונגען און די נשמות פון די עלטערען, און זיין קולט איז א נאאיינפאכער כשוף. אמאל האט דער העכסטער גייסט א פארם פון א מענשען, און מען דערצעהלט פון איהם לעגענדען. מאנאבאסא, דער מערב־ווינד איז אויך א העלד פון לעגענדען און אוואנטורען, וואס פילען אן א גאנצע נאך לעבעדיגע פאלקס־ליטעראטור.

אין גאנץ אמעריקא האט מען מקריב געווען און געגעסען מענשען. דער טאבאק האט זיך אויך גערעכענט פאר א קרבן, בעזונדערס ביי די רויט־הויטיגע; רויכערען די פייפקע, איז א גרויסע מצוה. רעליגיעזע התפעלות בעקומען זיי דורך א דאמפף־באד, און רייניקייט — דורך מיטלען צום רייניגען און ברעכען. די רעליגיעזע פארשטעלונגען זענען ביי די ווילדע אמעריקאנער מעהר ענטוויקעלט, ווי זייער ציוויליזאציע בכלל. זייערע הויפט־לעגענדעס דערצעהלען פון דער וועלט־שעפפונג, פון מבול און פונ׳ם אנהויב פון דער ציוויליזאציע. דער גרעסטער גייסט האט בעשאפען די וועלט, רעטענדיג די פון וואסער. דער מענש איז ארויס פון א בוים אדער פון א הייהל, האט פריהער געלעבט ווי א חיה, נאר א גאט האט איהם אויסגעלערענט לעבען קולטורעל.

די האלב־ציוויליזירטע פעלקער פון אמעריקא זענען געווען נאהענט פערוואנדט בנוגע צו אידעען און רעליגיע מיט זייערע ווילדע שכנים. די ארכיטעקטור, די רעליגיע און די געזעלשאפטליכע ארדנונג אין מעקסיקא און פערו, דערמאהנט אונז די אלטע ציוויליזאציעס פון אשור און מצרים. שטארקע הערשער האבען אין מעקסיקא אויסגעבויט פאלאצען, קברים און פיראמידען. דער לוח איז דארט געווען גוט רעגולירט לויט דעם זון־יאהר.

אין פֿערו האָבען די יונגע פּרינצען בעקומען אין די שולען די נויטיגע ערציהונג פֿאַר מלכים און גלחים; די לעהרער פֿלעגען אָבער לערנען זייער געשיכטע אויסווענדיג, געבּרויכענדיג פֿאַר'ן זכרון שנירלעך מיט קניפּלעך פֿון פֿערשידענע פֿאַרבען. נאָכדעם ווי די איראָפּעער האָבען איינגענומען אמעריקא האָט איינער פֿון שבט אינקאַס אָבגעדרוקט זייער געשיכטע מיט אַ שפּאַנישען פּירוש. — אין מעקסיקע איז די געשיכטע יאָ געשריבען געוואָרען, נאָר מיט משונה'דיגע היעראָגליפֿען און מאַלעריי־בילדער. די ערשטע פֿאַנאַטישע מיסיאָנערען האָבען פֿיעל פֿון דיעזע שריפֿטען פֿערניכטעט און אַ ביסעל געפֿינען זיך נאָך אין די מוזעאומ'ס. ס'זענען געבליבען אויך איניגע זאַמעל־ביכער פֿון פֿאָלקס־געשיכטען אין פֿערשידענע געגענדען.

די מעקסיקאַנער האָבען געהאַט אַ סך הויז־און נאַטור־געטער פֿון רעגען, ערד און ז. וו. די גרעסטע געטער האָבען געהייסען קעטצאַלקאַאַטל (געפֿליגעלטע שלאַנג), טעצקאַטליפּאָקאַ (שפּיגעל) און וויטצליפּוטצלי (קאָליבריען־פֿייגעל). די דאָזיגע געטער זענען אָפֿט פֿאָרגעשטעלט געוואָרען אין די טעמפּלען אויך אין אַ מענשליכער פֿיגור. רעליגיעזע סימבאָלען זענען אָפֿט אין מעקסיקא און צענטראַל־אמעריקא אויך די שלאַנג און דער קרייץ, וואָס געהערט צום גאָט פֿון ווינט. וועגען קעטצאַלקאַאַטל דערצעהלט מען אוואַנטוריסטישע מעשות, וואָס שטאַמען, ווייזט אויס, פֿון אַנדערישע הערשער. דאָס איז אַ גוטער גאָט, וואָס האָט דעם מענשען ציוויליזירט, וואָס פֿערלאַנגט אַנשטאָט לעבען און פֿאָדערט ניט קיין מענשען־קרבנות. אין זיין צייט האָבען מענשען געלעבט גליקליך און פֿריעדליך, אין גרויס גע־רעכטיגקייט און רייכקייט, און אַלדאָס גוטס איז פֿערשוואונדען געוואָרען בעת ער איז איינגעשלאָפֿען אין לולא אָדער חאָלולא, אָדער, לויט אַן אַנדער נוסח, ווען ער האָט אָבגערייזט איבער ווייטע ימים. ער וועט זיך נאָך אַמאָל היעדער בעווייזען און בעניייען די גוטע צייטען. בעת די שפּאַניער זענען אָנגעקומען קיין אמעריקא האָבען די גלויבער אין דיעזען גאָט געמיינט, אַז דאָס הויבט זיך אָן די גליקליכע צוקונפֿט, און האָבען די געסט זעהר שען אויפֿגענומען; די כהנים פֿון אַנדערע געטער האָבען אָבער געפֿרעדיגט, אַז מען זאָל געגען זיי קעמפֿען. — טעצקאַטליפּאָקאַ האָט ווייניגער לעגענדען; זיין קולט איז אָבער בעדייטענדער. דאָס איז דער שעפּפֿער פֿון דער וועלט, דער שטרענגער ריכטער פֿון מעשים און מחשבות, צו וועמען ס'זענען געווענדעט אַלע תפֿלות. — וויטצליפּוטצלי איז דער גרעסטער גאָט פֿון די אַצטעקען. ער שטאַרבט און לעבט־אויף אַלע יאָהר. דאָס איז אויך דער גאָט פֿון

מלחמות, װאָס פֿאָדערט איבערהױפּט מענשען־קרבנות.

אין מעקסיקאָ איז דער קולט געװען גאַנץ בעשטימט. דער מזבח איז געװען זעהר גרױס, געבױט אין אַ פֿאָרם פֿון אַ פּיראַמידען־לייטער, און אויפֿ'ן שפּיץ איז געשטאַנען אַ שטיבעל מיט די געטער־פֿיגורען. קעטצאַלקאָאַטל האָט געהאַט עטליכע טעמפּלען מיט טורעמס און גרױסאַרטיגע געצענבילדער. אין יאָהר זענען געװען פֿיעל ימים־טובים. ביים טעמפּעל האָבען די שפּאַניער געפֿונען אַ פּיראַמידע מיט קעפּ — אַ סימן פֿון אָפֿטע מענשען־קרבנות. דורך געװיסע צערעמאָניעס פֿלעגען די גלױביגע זיך פֿעראייניגען מיט גאָט. אין װינטער־יום־טוב, למשל, פֿלעגט מען מאַכען אַ געטליכע פֿיגור פֿון טײג און צוטיילען זי די גלױבער. מקריב זיין פֿלעגט מען ניט בלויז קריעגס־געפֿאַנגענע, נאָר אויך יונגע־לייט פֿון אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליעס. גאָט פֿלעגט ליעב האָבען אָנצומאַטערען די קרבנות פֿאַר'ן טויט. די שטרענגע רעליגיע האָט אויך געפֿאָדערט נזירות (אַסקעטיזם), און מענער װי פֿרויען האָבען זיך פֿערשלאָסען אין פֿיעל מאָנאַסטירען.

אויסצוגלייכען דעם זון־יאָהר, האָבען די מעקסיקאַנער געהאַט אַ מחזור פֿון 52 יאָהר. װײַזט־אויס, אַז זיי האָבען איינגעטיילט די געשיכטע פֿון דער װעלט אויף פֿינף תקופֿות פֿון טויזענדער יאָהרען. צום סוף פֿון דער ערשטער ריעזען־תקופֿה איז געװען אַ הונגער אָדער אַן ערדציטערניש; צום סוף צװייטער — איז די װעלט חרוב געװאָרען דורך פֿייער; די לופֿט־תקופֿה האָט זיך געענדיגט מיט אַ שטורעם; די װאַסער־תקופֿה — מיט אַ מבול; און בעת די שפּאַניער זענען געקומען, האָט זיך אָנגעהױבען די פֿינפֿטע תקופֿה.

אין 15־טען יאָהרהונדערט איז אין מעקסיקאָ געװען אַ גרױסער רעפֿאָרמאַטאָר, נעזאַהואַלקאָיאָטל, פּרינץ פֿון טעסקוקאָ. אַ צייט־לאַנג פֿערטריבען פֿון זיין מלוכה, איז ער נאָכדעם אַרויף אויפֿ'ן טראָן און געהאַט אַ לאַנגע גליקליכע רעגירונג. אין אויסגעבויט אַ טעמפּעל צום אומזיכטבאַרען גאָט, גאָר אָהן פֿיגורען, און אָהן קרבנות.

די רעליגיע אין פּערו איז ענליך צו דער מעקסיקאַנישער, נאָר דער קולט פֿון דער זון פֿערנעהמט דאָ אַ גרױסען אָרט. די קינדער פֿון דער זון האָבען געבילדעט דעם מענשען און זיי זענען די עלטערען פֿון די אינקאַס. פֿיעל מעכטער פֿון די הױכע פֿאַמיליעס זענען געװען געװידמעט צו דער זון און האָבען געלעבט אין מאָנאַסטירען. די פּערואַנער גלױבען אויך אין פֿיעל אַנדערע געטער און רוחות. בעת די פֿירשטען פֿון די פֿערשיעדענע פּראָװינצען אין מעקסיקאָ האָבען זיך נאָר גערעכענט פֿאַר די ערשטע צװישען אַנדערע אַריסטאָקראַטען, זענען די מלכים אין פּערו, די

קינדער פֿון דער זון, געוועזען אַבסאָלוטע רעליגיעזע און וועלטליכע הערשער, און מען האָט זיי געעהרט, ווי געטער. ס'האָבען זיך אָבער ווייזט-אויס, געפֿונען דאָרט אויך בעוואוסטזיניגערע מענשען. איינער פֿון זיי האָט, למשל, אויפֿגעוויזען, אַז ווי באַלד „אונזער פֿאָטער", די זון, דרעהט זיך אַלע מאָל אין דעמזעלבען קרייז און קאָן פֿון דאָרט ניט אַרויס — איז אַ סימן, אַז ס'איז נאָך דאָ אַ העכערע מאַכט, וואָס געוועלטיגט איבער איהר.

---

## § 3. די פֿעלקער אַרום שטילען ים.

געאָגראַפֿיש לאָזען זיך די אינזלען פֿון שטילען אָדער גרויסען ים טיילען אין 6 גרופּעס: אין צפון-מזרח — די מיקראָנעזישע גרופּע, אין צענטער — די מעלאַנעזישע (ניי-גווינעאַ, ניי-העברידען, ניי-קאַלעדאָניע און אייניגע אַנדערע), אין דרום-אויסטראַליע (ניי-האָלאַנד) און טאַסמאַניע, אין מזרח — פֿיעל פּאָלינעזישע אינזלען. די איינוואָהנער פֿון דיזע אינזלען טיילען זיך אויף דריי ראַסען: די אויסטראַלישע, מיט גלאַטע האָר, וואָס זיצט אין ניי-האָלאַנד און טאַסמאַניע; די פּאַפּוסען (אין ריינער פֿאָרם — אין ניי-גווינעאַ, געמישט — אין פֿיעל אַנדערע אינזלען); און די שוואַרצע, וואָס זיצען אויף בערג. מעהר פּלאַץ פֿון אַלע אַנדערע פֿערנעהמט אָבער אויף די אינזלען די מאַליי-פּאָלינעזישע ראַסע, וואָס שטאַמט ווייט-אויס, פֿון האַלב-אינזעל מאַלאַקאַ, אין אַזיע.

די אויסטראַליער שטעהען אין ציוויליזאַציע נידעריגער פֿאַר אַלעמען און האַלטען, ווייזט-אויס, ביים פֿערשוואונדען ווערען. ווי אַנדערע נידעריגע ראַסען, גלויבען זיי אין רוחות און מתים און זייער קולט בעשטעהט פֿון כישוף. בעזונדערס בעשעפֿטיגען זיי זיך מיט השארת-הנפש און גלויבען, אַז די טויטע מענשען זענען צוריקגעקומענע פֿון יענער וועלט. — די פּאַפּוסען זענען לויט זייער כאַראַקטער היציג, ליידענשאַפֿטליך און שטורמיש; די מאַלאַיער זענען בעזעסענע, שווייגענדיגע און אכזרים, און די פּאָלינעזער זענען ענהליך צו זיי. אין אויסטראַליען עסט מען מעהר מענשען-פֿלייש, ווי אומעטום, כאָטש די קריסטליכע און מחמדאַנישע אמונות האָבען שוין פֿיעל געווירקט צום גוטען אין דער הינזיכט. די מאַלאַיער און פּאָלינעזיער זענען זעהר אָבגעהיט אין שטאַט און העפֿליכקייט, און מיט העכערע פּערזאָנען רעדען זיי אָפֿט אַ גאַנץ ספּעציעלע שפּראַך.

דאָס וואָרט מ אַ נ אַ בעצייכענט פֿאַר זיי יעדע העכערע מאַכט. אַ שטיין,

וואָס טהוט נסים, א לחש, א נשמה פון א מת — אלץ הייסט מאנא. זיי האָבען געהיימע חברות, דינים, איסורים און לעגענדעס. — די פאלינעזער גלויבען אין די כוחות פון דער נאטור, אין כשוף, אין רוחות און אין נשמות, וואָס הייסען טיקי. דער העכסטער גאָט טאנגאלאא הערשט איבער הימעל און ים און האָט בעשאפען די וועלט, וואָס איז זיין פערקערפערונג אָדער א שאָלעכץ פון א גרויסער איי. פאָעטישע לעגענדען דערצעהלען, אז גאָט האָט פריהער געשאפען פראָבע-וועלטען, אָדער ער האָט די וועלט פון ים געפאנגען. אָפט ווערט דער מענש געשילדערט, ווי א פערבלאָנדזשעטער מלאך. — אין ניי-זעלאנדיע איז מאָי דער הויפט-העלד פון די לעגענדען. ער פאנגט די וועלט און גנב'עט דאָס פייער. זיינע רייזען בעצייכענען, היינט-אויס, ווירקליכע עמיגראציעס פון פעלקער. — די געטער זיצען לויט די פאלינעזיער, אין הימעל און די טויטע — אונטער דר'ערד, אָדער אין פולאָטו.

פון די רעליגיעזע מנהגים אין פאלינעזיע, איז בעזונדער כאראקטעריסטיש די מאלעריי אויפ'ן קערפער. דער גלח מאָהלט-אויס פערשיעדענע חיות, שלאנגען, פיש, פייגעל און ד. ג. אויף די לענדען און בויך פון יונגע בחורים, און זינגט דערביי א זמר; פרויען מאָלען זיך וועניגער און קנעכט גאָרניט. אָפטמאָל מוזען אייך אייראָפּעער זיך לאָזען מאָלען און אָבמאָל ערלויבט מען זיי די זעלבע עהרע בשום אופן ניט. די מאָלעריי שילדערט סימבאָלען פון געוויסע געטער, אָדער דעם טאָטעם, צו וועלכען דער מענש געהערט. די פאלינעזיער זענען זיך אויך מל.

זייער געזעלשאפטליכע אָרדנונג איז אריסטאָקראטיש. די פרינצען און די העכערע קלאסען, ווי געוויסע ערשיינונגען פון דער נאטור, ווערען פערהייליגט אונטער'ן בעגריף פון „טאבו“ דורך צערעמאָניעס. א געוויסע חברה „ארעאָיעס“ האלט זיך פאר קינדער פון גאָט אָראָ און איז בעזונדערע הייליג. זי מאכט פיעל מאלערייען און פאָהרט-ארום, ווי א טרופע פון ארטיסטען, שטעלט-פאר סצענעס פון געטליכע לעגענדען און איז שטארק אויסגעלאסען.

אויף די מאלאישע אינזלען איז די רעליגיע מעהר קאָמפּליצירט, ווייל די אינדישע ציוויליזאציע האָט אהין אריינגעדרונגען ניט שפעטער, ווי אין ערשטען יאָהרהונדערט פון אונזער צייט-רעכנונג און האָט זיך פערשפרייט בעזונדערס אין יאווא, מאדורא און באלי. ליטעראטור, געזעצען, טעמפלען — אלץ ווייזט-ארויס דעם איינפלוס פון אינדיען און דעם בודיזם. אין 15-טען יאָהרהונדערט האָט זיך די מחמדאנישע אמונה אנ-

געהויבענע פערשפרייטען אויף די אינזלען. יעצט זענען דארט פאראן אויך א ביסעל קריסטען און איניגע שבטים געצענדיענער. אפילו ביי רער מחמדאנישער בעפעלקערונג איז נאך דארט געבליבען א גרויסע רעשט פון דער אלטער געצענדיענעריי. די אמונה אין די כחות פון דער נאטור און אין רוחות איז שטארק פערשפרייט. לויט זייער גלויבען, האט יעדער מענש איניגע נשמות אין אטעם, הארצען און שאטען. בעת׳ן שלאף געהט די נשמה ארוים פון קערפער און בעקומט א געשטאלט פון א פויגעל, פאר וועלכער מ׳שיט איס רייז. נשמות פון געוויסע מתים, שוואנגערע פרויען, וואס שטארבען פאר׳ן געבורט אדער אין קינפעט, זענען געפעהרליך. ביים שטארבען און מקבר זיין געברויכט מען צערעמאניעס, צו מאכען דעם מת אונשעדליך, אדער כדי צו ברענגען די נשמה אין איהר רוה, אויף א נאהענטען אינזעל. מ׳גיט דער נשמה מתנות מיט זיך, אדער מ׳גרייט די זעלבע אן פאר איהר בעת זי וועט צוריק־קומען. חיות און פלאנצונגען האבען אויך נשמות, און מ׳פערגעטערט זיי, בעזונדערס רייז. בעת מ׳זייט אין יאוואַ דעם רייז פייערט מען סימבאלישע חתונות, ימים טובים און עפענטליכע שמחות.

די עמבלעמען פון די פירשטען, געוועהר, קליידונג און פוצונג, געהערען צו די פעטישען און קמיעות, און האבען א כשוף־קראפט. די נאטור איז פערגעטערט און רייך פערשענערט מיט לעגענדעס. בערג, וואסער, זון און לבנה זענען געטער. בעת ס׳הויבט זיך אן דער רעגען־סעזאן, האט דער הימעל חתונה מיט דער ערד. אין דרום־יאוואַ גלויבט מען, אז די געטין פון ים, ראטו־קידול, זיצט אויפ׳ן אבגרונד אין א וואונדערליכען פאלאץ, און הערשט איבער אנאַרמעע גייסטער, וואס וואהנען אין די פעלזען פון ברעג. נעבען דער געטין געפינט זיך דער שלעכטער רוז ני־בעלאראנג, וואס טיילט די מענשען רייכקייט און לאזט זיך דערפאר אב־צאהלען.

---

## § 4. מאנגאלען.

ווען אפילו מיר זאלען די צפון־סיבירער פעלקער און אמעריקאנער עסקימאסען ניט רעכענען פאר מאנגאלען, בלייבט זייער ראסע דאך די גרעסטע פון אלע. קודם כל געהערען צו איהר פיעל שבטים פון אורא־לאלטיי, וואס טיילען זיך אין אוגרא־פינער — פינער, לאפאנס, עסטאניער,

לִיוואָניער אִין צפון-רוסלאַנד, אָסטיאַקען אִין אָבּ-געגענד, און סאַמאָיעדען פֿון אַלטײַ בִּיז׳ן אײז-ים — און טערקען-טאַטאַרען: קִירגִיזען, אַבּאַקאַנער, אַלטאַיער און אַז. וו., וואָס זִיצען אִין דרום-סִיבִּיר בִּיז׳ן בּײַקאַל. אַהער געהערען אויך דִיאַקוטען אִין געגענד פֿוּן לענאַ, דִי אמתע מאָנגאָלען אִין מאָנגאָליע, דִי קאַלמִיקען אִין מערב זײַט, דִי בּוּריאַטען אַרוּם בּײַקאַל, דִי טאַטאַרען פֿוּן מִינוּסִינסק בִּיז׳ן מערב פֿוּן דִי בּוּריאַטען, דִי טוּנגוזען אִין מערב אַמוּר, און דִי מאַנדזשוּרִיער צוּ דרום. אַזוֹי דאַרף מען רעכענען פֿאַר מאָנגאָלען אויך דִי טִיבּעטער און דִי שבטים, וואָס זִיצען אויף׳ן מערב שפּוּע פֿוּן הִימאַלאַיער בּערג, ווי אויך דִי טאַיסען און אָנאַמִיטען. וועגען חִינעזער און יאַפּאַנער וועלען מִיר ווײַטער רעדען.

דִי מאָנגאָלען זענען וואַנדערער אִין דִי מדבריות פֿוּן צפון חִינאַ, אִין מערב-סִיבִּיר, און אִין דִי וועלדער פֿוּן דער הויכער-פֿלאַכקײַט; אִין חִינע און יאַפּאַן זענען זײ אָבער אויך צִיווילִיזִירטע ערד-אַרבּײַטער. דער מאָנגאָל אִיז לויט׳ן האַראַקטער פֿלעגמאַטִיש, קאַלטבּלִיטִיג; ער טראַכט נִיט לאָגִיש, אִיז ווײַט פֿוּן מעטאַפִיזִיק, און אִינטערעסִירט זִיך נאָר מִיט פּראַקטִישע פֿראַגען; זײַן פֿאַנטאַזִיע אִיז אַ שוואַכע, דערפֿאַר אִיז בּײַ אִיהם ענטוויקעלט דער הִיסטאָרִישער זִין. דער פּרט פֿערלִיערט זִיך אִין כּלל, דִי אָרִיגִינעלע פּערזענלִיכקײַט אִיז נִיט געשעצט, און דער גאַנצער אִידעאַל, אַפִילוּ דִי ווִיסענשאַפֿט, לִיעגט אִין דער פֿערגאַנגענהײַט. דִי ערצִיהוּנג אִיז בּײַ דִי מאָנגאָלער גאַנץ לִיטעראַרִיש. טראָץ אַלע נצחונות פֿוּן דִי טערקען-טאַטאַרען אִין אײראָפּאַ, האָבען זײ אִין דער געשִיכטע נִיט געלאָזען נאָך זִיך קײן בּעדײַטענדען רושם, און דִי בּעזִיגטע צִיווילִיזאַצִיע אִין רוסלאַנד און חִינאַ האָט זִיך בּאַלד ווִידער אויפֿגעהויבּען.

דער קוּנסט-געשמאַק אִיז נאָר ענטוויקעלט אִין חִינאַ און יאַפּאַן; אַ געווִיסען ווערט האָבען דִי העלדען-געשִיכטען פֿוּן דִי טערקען-טאַטאַרען און פִינען, ווי דִי לִירִישע פּאָעזִיע פֿוּן דִי חִינעזער און יאַפּאַנער. דִי חִינעזער צײכענען זִיך אויך אויס אִין דעם פּרט פֿוּן פֿערפֿאַסען ענצִיקלאָפּעדִיעס. צוּ דִי רעלִיגיעזע מנהגים פֿערהאַלט זִיך דער מאָנגאָל גלײַכגִילטִיג, פֿוּן דעסטוועגען אִיז ער זײ מעגלִיכסט מקיים. אִיבּערהויפּט אִיז דער הִינעזער פּעדאַנטִיש אִין דער הִינזִיכט. דִי גרויסע מאָנגאָלִישע הערשער אִין מִיטעל-אַלטער האָבען זִיך בּעצויגען גאַנץ טאָלעראַנט בּנוגע צוּ רעלִיגיעזע פֿראַגען.

אַמאָל האָבען אַלע טערקען-טאַטאַרען אָבּגעהִיט דִי אמוּנה פֿוּן שאַ-מאַנִיזם, וועלכע אִיז יעצט געבּלִיבּען נאָר בּײַ דִי טוּנגוזען, אִין דִי בּערג אַלטײַ און סאַיאַנסק, און אִין מאַנדזשוּרִיע, וואוּ זִי מאַכט שותפות מִיט׳ן

בודיזם. איסער די בוריאטען ביים בייקאל, זענען די איבעריגע מאנגאלער געווארען שוין פאר הונדערטער יאהרען בודיסטען, די טערקען — מחמדאנער. — די טערקען־טאטארען פערגעטערען די געגענזאצען: ליכט און פינ־סטערניש, די רוחות און נשמות פון זייערע עלטערען. אין העכסטען הימעל זיצט דער גרויסער גאט און פיהרט די וועלט; אין זעכצעהנטען — קלענערע געטער; אין זיעבעטען — די מוטער זון און פאטער לבנה; און אין דריטען — די זיעבען קודאיס און די נשמות פון די עלטערען, וואס זענען ממליץ טוב פאר די געטער. די פערגעטערטע ערד בעהערשען זיעבצעהן „קאנס" (פרינצען), יעדערער זיין טייל וועלט. פערשיעדענע סארטען שלעכטע רוחות געפינען זיך אין די ניין אבטיילונגען אונטער דר'ערד, און זייער עלטסטער ערליק־קאן איז דער גרעסטער שונא פון דער מענשהייט, וועלכען מאיז מפצה מיט קרבנות. — דעם מענשען בעגלייטען ביים לעבען און נאכ'ן טויט צוויי רוחות, א גוטער און א שלעכטער. מיט די ערדישע געטער קאן יעדער אליין אין פערבינדונג; צו די הימלישע קאן אבער נאר צוקומען דורך קרבנות דער שאמאן (גלח), וועלכער פיהרט אויך די נשמה אין דער אונטער־וועלט. די כהונה גערט איבער (בירושה צו די כהנים, וואס ליידען פון עפילעפסיע (חולי־נופלים), און ווי דעם נייעם כהן חאפט אן דער ערשטער קריזיס פון דיעזער קראנקהייט, בעקומט ער באלד זיין שטעלע. ער שפיעלט אויפ'ן מיסטישען פייקעל, און בעט זיינע פערשטארבענע עלטערען, זיי זאלען איהם ביישטעהן אין דער כהונה. — דעם הויפט־קרבן, א פערד אין א העלער קלייד, איז מען מקריב צו בייגעלגען, וואס זיצט אין זעכצעהנטען הימעל. די היילינע פארציע, די פעל, דעם קאפ, און די פיס, שטעקט מען אן אויף א שפיז, און דאס פלייש עסט מען. מטאר דערביי ניט פערגיסען א טראפען בלוט און צוברעכען א ביין. דער שאמאן דערצעהלט דעם עולם דראמאטיש און מיט התפעלות, ווי ער איז געווען אין פערשיעדענע הימלען און האט בעקומען אנ'ענטפער אויף אלע נויטיגע פראגען; נאכהער ברענגט ער דעם קרבן. בעת מ'דארף ריינינען א הויז פון א מת, חאפט דער שאמאן די נשמה און ווארפט איהר אראב אין דער אונטער־וועלט. די פאעטישע פארם פון דעם שאמאנ'ס רעדען און זיין הימעלס־בעשרייבונג דערמאנען די „געטליכע קאמעדיע" פון דאנטע.

אויפ'ן באלקען פון א פריוואט־וואוינונג הענגט א בילד פון גאט אין א הילצערנער ראם, און דערביי א פעל פון א פוקס מיט פערשיעדענ־פארביגע שטאפען אויף א שנירעל. זיי פערגעטערען אפט פייער, שטיינער

און בוימער. אַ הייסע בעריאָזע, די צאָהל ניין און מזרח־זייט — זענען הייליג. פאַר אַ שבועה טרינקט מען בלוט פון אַ קרבן, אין אַמאָל טרינקען ביידע צדדים, וואָס האָבען אַ משפט, בלוט פון די אָרעמס איינע ביי די אַנדערע. די צוקונפט טרעפט מען: 1) פּרובירענדיג די געדערים אָדער דעם רוקען פון געבראָטענעם קרבן; 2) אויסדייטענדיג נאַטירליכע ערשיינונגען, ווי דאָס אויפגעהן פון אַ רויך; 3) דורך אַ רעגלענונג פון שטיינדלעך אָדער שעפּשען־באָבקעס; און 4) דורך עקסטאַטישע זעהונגען פון די שאַמאַנ'ס.

די אוגראָ־פינער שבטים אין סיביר און די לאַפּלאַנס אין רוסלאַנד האַלטען זיך נאָך ביי דעם שאַמאַניסטישען גלויבען.

בעטראַכטענדיג די עסטאָניער, ליוואָניער און פינלאַנדער אַלס בעזונדערע טיילען פון דער מאָנגאָלישער, זעהען מיר, אַז די לעצטע זענען אַם מייסטען טיפּיש און אינטערעסאַנט. די פינלענדישע ליטעראַטור איז זעהר רייך, ווי ס'צייגען די זאַמלונגען פון פאָלקס־פּאָעזיע „קאַלעוואַלאַ" און „קאַנטעלעטאַר", וואָס לענראָט האָט אָפּגעדרוקט, ווי אויך די משלים, רעטענישען און כישוף־ליעדער, וואָס דער זעלבער האָט פערעפענטליכט. — די לעגענדעס ביי די פינער זענען אַנדערש, ווי ביי אַנדערע מאָנגאָלען, זייער מעטרישע פאָרם האָבען זיי בעקומען 800 אָדער טויזענד יאָהר נאָך קריסטוס, און זענען צום טייל בעאיינפלוסט פון זייערע שכנים, די סקאַנדינאַווער אָדער ליטוואַקעס. די וועלט איז לויט זייער פאָרשטעלונג בעשאַפען געוואָרען ניט מיט אַמאָל, נאָר ביסלעכווייז. די לעגענדעס געברויכען דערביי די פאָרשטעלונג פון אַ פויגעלשער איי, אַ פרוי, וואָס איז פון ווינד מעוברת געוואָרען, אָדער פון אַ גאָט, וואָס רייבט זיך די הענד אָדער די קניה. די געטער האָבען אונדייטליכע פיגורען, קוים אַ מענשליכע פאָרם. אוקאָ (דער אַלטער) איז דער העכסטער גאָט, וואָס האָט שפּעטער בעקומען אַלע געטליכע אייגענשאַפטען פון דער ביבעל, און האָט אַ ווייב אַקאַ. ערד, וואַסער, וועלדער, פעלדער, הימעל, זון, לבנה, שטערן און די אונטער־וועלט — האָבען אַלע ספּעציעלע געטער אָדער געטינס. אויסער דעם זענען דאָ פרייע רוחות, האַלטיאַס, וואָס פערקערפּערען זיך אין מענשען אָדער נאַטור־ערשיינונגען. ס'זענען פאַראַן אַ סך שלעכטע גייסטער; דעם בעגריף פון גיהנם האָבען די פינער אויך געליהען. זיי האָבען געהאַט הייליגע ערטער, געצען, קרבנות און ימים־טובים, דאָס רוב פערבונדען מיט ערד־אַרבייט. איין יום־טוב געהערט צו די פערשטאָרבענע עלטערן. זייערע הייליגע ציפערן זענען זעקס, זיבען, אַכט, אָדער איינס, צוויי, דריי.

דער העלד פון די לעגענדעס קעמפפט ניט זיינע כשוף-ליעדער מעהר, די מיט געוועהר. דאס איז דער אלטער שאמאן, וואס האט אויסגעביטען זיין פייקעל אויף א הארפע. דאס בוך קאלעוואלא איז, ווייזט אויס, אויך ניט קיין העלדען-ליעד פון אמת'ע קריעגער, נאר פון מכשפים.

---

## צווייטעס קאפיטעל.

## די חינעזער.

### § 1. הייליגע שריפט:

די חינעזער זענען געקומען פון צפון-מערב, האבען זיך לכתחילה באזעצט אין דער געגענד פון געלען טייך, און זיך פערשפרייט נאכהער אין דרום-זייט. זיי געהערען צו דער מאנגאלישער ראסע. חי׳ סיצזייגען זייער רעליגיע און ציוויליזאציע. בעת זיי האבען זיך ענטפלעקט דער געשיכטע זענען זיי שוין געווען א ציוויליזירטעס פאלק מיט א געזעלשאפט-ליכער, פאליטישער און רעליגיעזער ארדנונג, וואס בעשעפטיגט זיך מיט ערד-ארבייט, שרייבען, מעסט די צייט אין אז. וו. און זייער לעגענדע דער-צעהלט, אז דיעזע ארדנונג הערשט שוין פון אור-אלטע צייטען.

די קלאסישע שריפטען זענען געזאמעלט אדער געשריבען דורך קאנג-צע און זיין פעטער. צו די אריגינעלע שריפטען געהערען די פינף ק י נ ג ים די פיער ש ו ם ׳ס, און נאך איניגע וויכטיגע ביכער. דער עלטסטער און אם מייסטען געעהרטער איז יי-קינג, דאס בוך פון אומבייטונג. בעת מ'האט אין יאהר 213 פערברענט די ביכער, איז ער נצול געווארען צוליעב זיין ספעציעלער קדושה. די לעגענדע דערצעהלט, אז פון געלען טייך איז ארויס א לינדווארעם, און אויף זיין רוקען זענען געווען בעצייכענט די אלט סימנים, וועלכע זענען דער קערן פון דיעזען בוך. יעדענפאלס זענען זיי זעהר אלט, און בעשטעהען פון גאנצע און צובראכענע שטריכען:

דיעזע אַלט דרייערס שטעלען זיך אויף אין 64 זעקסערס, וועלכע זענען דער גאַנצער יסוד פֿון שי-קינג, און דאָס איבעריגע אין אים איז נאָר אַ פּירוש אויף זיי. די ערקלערונגען זענען געשריבען פֿיל שפּעטער. דאָס בוך איז דונקעל, אונפֿערשטענדליך. ער בעשעפֿטיגט זיך מיט הויכע סימבאָלען, מיט'ן פֿאָלקס-מאָראַל און אויך מיט איינפֿאַכע וואָרט-שפּיעלערייען. ער האָט געדיענט פֿאַר אַ ספר-גורלות, און איז צוליעב דעם בעריהמט געוואָרען.

פֿון גרויסען היסטאָרישען בוך שו-קינג זענען בעת דער גרויסער ביכער-שרפֿה נצול געוואָרען נאָר געצעהלטע עקזעמפּליאַרען. ער בעשרייבט די געשיכטע פֿון כינע אין אַ משך פֿון 17 הונדערט יאָהר, ביז זיעבעטען יאָהרהונדערט פֿאַר קריסטוס. זיין היסטאָרישער ווערט איז מסופּק; ער איז אָבער בעזונדערס אינטערעסאַנט צוליעב זיינע אַנשויאונגען איבער גלויבען און רעגירונג. — דאָס דריטע קלאַסישע בוך שי-קינג בעשטעהט פֿון מעהר ווי 300 ליעדער מיט גראַמען אָהן ריטמען. איינינע פֿון דיעזע פּאָעמען זענען איינפֿאַכע ערצעהלונגען, אַנדערע זענען סימבאָליש. דער ערשטער טייל שילדערט די זיטען און דאָס הויז-לעבען פֿון פֿערשיעדענע פּראָווינצען, און האָט פֿיעל נאַאיווע ליערישע ליעדלעך. נאָכהער קומען צוויי טיילען פֿול מיט שילדערונגען פֿון די מאָלצייטען און בעלער אין קייזערליכען הויף; און אין פֿיערטען טייל געפֿינען מיר ענדליך די פּאָעמען, וואָס מ'פֿלעגט זינגען ביים מקריב זיין קרבנות לכבוד די פֿערשטאָרבענע עלטערען.

דאָס פֿיערטע בוך לי-קי איז אַ מין שולחן-ערוך פֿון דרך-ארץ. ער האָט בעקומען זיין יעצטיגע פֿאָרם בערך אין אָנפֿאַנג פֿון אונזער צייט-רעכענונג. זיינע 46 פּרקים זענען פֿול מיט רעליגיעזע און סאָציאַלע מנהגים און כללים פֿון העפֿליכקייט צו הויז און אין געזעלשאַפֿט. — דאָס פֿינפֿטע בוך, וואָס קאָנג-צע האָט אַליין פֿערפֿאַסט, הייסט טשונציאו, דער פֿריהלינג און הערבסט. ער ענטהאַלט אַ טרוקענע געשיכטליכע בעשרייבונג פֿון געגענד לו אין משך פֿון 722 — 494 פֿאַר קריסטוס. — צו דער קלאַסישער ליטעראַטור געהערט אויך דאָס פֿרומע בוך היאַאָ-קינג. זיינע 18 קאַפּיטלען שטעלען פֿאָר אַ געלעהרטען שמועס צווישען קאָנג-צע און איינעם פֿון זיינע תלמידים.

די פֿיער ביכער שו, וואָס געהערען צו דער צווייטער קלאַסישער מדרגה, גיבען אונז נאָך אַ בעסערע ערקלערונג פֿון קאָנג-צע'ס שיטה. דאָס ערשטע בוך לון-יו בעשרייבט געוויסע געשעהענישען און קורצע

געשפּרעכען, און פֿערצייכענט די ווערטער פֿון רבין קאנג-צע. זיינע 20 חלקים, געטיילט אין 497 פֿראַגמענטען, זענען דער אמת'ער מקור, פֿון וועלכען מיר שעפּען די ידיעות וועגען קאנג-צע'ס לעהרע. — אנדערע צוויי שו-ביכער, טשונג-יונג, ערקלערען אין אַ קלאַסישער פֿאָרם די אידעען פֿון קאָנפֿוציוס, און זענען זעהר געשעצט אין חינע.

## § 2. די אַלטע רעליגיע אין חינע (סיניזם).

די ידיעות וועגען דער אַלטער נאַציאָנאַלער רעליגיע אין חינע האָבען מיר בעקומען דורך קאנג-צע; מ'דאַרף דאַרום זיך פֿערהאַלטען פֿאָרזיכטיג צו זיי, ווייל דיעזער רעפֿאָרמאַטאָר האָט ליעב געהאַט אָפֿטמאָל צו ענדערען דעם רעליגיעזען שטאָף. פֿון דעסטוועגען קאָן מען די הויפּט-אידעען פֿון די קינג'ס בעטראַכטען פֿאַר עכט טראַדיציאָנעלע, און מ'מעג זיך אויף זיי פֿערלאָזען.

די אַלטע רעליגיע פֿערגעטערט דעם הימעל, דעם העכסטען קיסר (שאַנג-טי) און פֿערשידענע רוחות. די הייליגע ביכער רעדען אָפֿט וועגען שאַנג-טי אַזוי הויך און אַזוי ריין גייסטליך, אַז פֿיעל געלעהרטע פֿערגלייכען איהם צום מאָנאָטעאיסטישען גאָט פֿון דער ביבעל. פֿון גלויבען אין כשוף און מתים איז נאָך אָבער דיעזע רעליגיע ניט ריין. דער פֿערגעטערטער הימעל אינטערעסירט זיך ניט מיט'ן פּרט-מענשען, נור מיט דער אַלגעמיינער אָרדנונג אין דער נאַטור. דער הימעל ווירקט שטענדיג רוהיג און איינפֿאַך, און ווייזט זיין השגחה דורך רעגען, זון, ליכט, וואַרעמקייט, קעלט און צייט-ענדערונג. קומט אַלץ אין דער צייט, הייסט'ס: גליק; פֿעהלט אָבער איינע פֿון די זאַכען איז אַנ'אומגליק, און די ערדישע פֿירשטען זענען שולדיג אין דעם. די וועלט-אָרדנונג איז פֿערבונדען מיט דער האַרמאָניע פֿון די פּאָליטישע, סאָציאַלע און מאָראַלישע פֿערהעלטנישען, און יעדע שלעכטיג מעשׂה'ניש אין דער נאַטור ווייזט, אַז אין דער מלוכה איז קיין סדר ניטאָ. ס'זענען פֿאַרהאַן דריי הויפּט-כחות: דער הימעל, די ערד און דער מענש, און צווישען זיי אַלעמען הערשט אַ אינטימע האַרמאָניע. די געזעצען פֿון דער מלוכה ווערען בעטראַכט, ווי נאַטור-געזעצען, פּונקט פֿערקעהרט, ווי מיר זענען געוואוינט צו אורטיילען. די געטליכע השגחה איז אַ ריין סאָציאַלע; דער הימעל שטראָפֿט דעם בעל-גאוה און בעלוינט דעם ענו. זיין ווילען צייגט זיך אין פֿערלאַנג פֿון פֿאָלק, וואָס פֿיהרט אַראָב פֿון טראָן די שלעכטע

הערשער. מיט אײניגע צעהנדליג יאָהר פֿריהער האָט דער קיסר פֿון חינע אָבגעזאָגט אײניגע תביעות פֿון ענגלאַנד מיט'ן תירוץ, אַז דאָס פֿאָלק װיל עס ניט, און זײַן װילען איז אַ בעשלוס פֿון דער השגחה.

מיט'ן קולט פֿון הימעל און נאַטור־אָרדנונג איז ענג פֿערבונדען די פֿערגעטערונג פֿון די גײַסטער, װאָס טײלען זיך אין הימלישע, ערדישע און מענשליכע נשמות. מעהר פֿון אַלע פֿערגעטערט מען דיזע לעצטע, בעזונדערס די נשמות פֿון די פֿערשטאָרבענע קיסרים, געלעהרטע, װאָהל־טעטער און די עלטערען פֿון גאַנצע פֿאַמיליעס. די פֿערשטאָרבענע האָבען אַנאײַנפֿלוס אויפ'ן לעבען, און געפֿינען זיך שטענדיג צװישען די לעבעדיגע. זײ גיבען הילף אין אַ געפֿאַהר אָבער בײַ אַ קראַנקהײט, אין זײערע טעמפּלען פֿײַערט מען חתונות און מ'קרוינט קיסרים, און זײערע הייליגע טאַבעלען נעהמט מען מיט אויפ'ן װעג אָדער אין אַ מלחמה. דער חינעזער לעבט נאָר פֿאַר זײַן פֿערגאַנגענהײַט, און זײַן פֿערזענליכע אײביגקײַט בעשטעהט אין'ם בונד פֿון דער פֿאַמיליע, װאָס לעבט פֿון דור צו דור. בײַ קרבנות־מאָלצײַטען טהוט דאָס יונגע אײניקעל אָפּט אָן דעם פֿערשטאָרבענעם זײדענ'ס קלײדער, זעצט זיך אויף זײַן אָרט, און רעכענט זיך אָנשטאָט איהם פֿאַר'ן חשוב'סטען גאַסט.

דיזע רעליגיע האָט ניט קײַן געטליכע לעגענדען, קײַן פֿעסטע שיטה און קײַן גלחים. די צערעמאָניעס האָבען געהערט צום געװעהנליכען לעבען, יעדער האָט זײ געבראַכט בײַ זיך אין הויז, אָדער די בעאַמטע פֿון דער רעגירונג האָבען זיך דערמיט בעשעפֿטיגט פֿאַר דער געזעלשאַפֿט. קרבנות האָט מען מקריב געװעזען אין בעשטימטע צײַטען, — אין די פֿיער סעזאָנען פֿון יאָהר, למשל — אָדער בײַ אַ געלעגענהײַט פֿון אַ קריעג, אַ שלעכטער גערעטעניש, אָדער דעם קיסר'ס אַ געציעג. דעם גרויסען קרבן צום הימעל פֿלעגט מקריב זײַן דער קײזער אַלײן; די אָבהענגיגע פֿירשטען פֿלעגען מקריב זײַן צו די גײַסטער פֿון די בערג און טײַכען אין זײערע לענדער, און צו די נשמות פֿון די עלטערען; נאָר קטורת צום הימעל האָט געמעגט מקריב זײַן אַפֿילו דאָס פֿאָלק. דער קרבן פֿלעגט בעשטעהן פֿון בעלי־חיים, פֿרוכט אָדער בשמים, און דער קרבן־ברענגער, װי דער מתפּלל, פֿלעגען דערבײַ בעטען בײַ גאָט, אַז ער זאָל האַלטען די אָרדנונג אין דער װעלט און געבען אַל־דאָס־גוטס.

די קלענסטע פּריװאַט־זאַך, אָדער דער מינדעסטער קהל'שער ענין פֿלעגט אין חינע ניט געטהון װערען, אײדער מ'פֿלעגט פֿרעגען דעם טרעפֿער, װאָס פֿלעגט אויסדײַטען פֿערשידענע נאַטירליכע ערשײַנונגען (לקוי־חמה,

לקוי־לבנה און ערד־ציטערניש זענען שלעכטע סימנים), צוזאַמענטרעפע־נישען, חלומות, און ד. ג. אינטערעסאַנט איז די איסדייטונג פון פלאַנצונג שי אָדער פון שילד־קראָטים שאָלעכין, װעלכע מיפערברענט, כדי צו פער־שטעהן די צוקונפט לויט דער פאָרם פון די שטיקלעך אַש.

## § 3. קאָנפיציוסעס לעבען און לעהרע.

דער חינעזישער געזעצגעבער האָט געהערט צו דער פאַמיליע קאָנג, און הייסט צוליעב דעם קאָנג־צע, אָבער ניט קאָנג־פוטס, פון װאַנען ס'איז געװאָרען קאָנפוציוס. זיין אייגענער נאָמען איז געװען טשונג־ני. זיין לעבען (571 — 478 פאַר קריסטוס), איז אונז גוט בעקאַנט, און פיעל געשיכטעס האָט מען אונז װעגען איהם דערצעהלט. ער שטאַמט פון אַ יחוסדיגער פאַמיליע, אפשר פון פרינצען, נאָר זיין פאָטער איז פריה געשטאָרבען, און ער איז אויפגעװאַקסען אין אָרימקייט, פערדיענענדיג זיין ברויט אַלס משרת ביי אַ נגיד־עושר. די צייט איז דאַן געװען אַן אומרוהיגע, די פירשטען פון פער־שיעדענע מדינות האָבען ניט געפאָלגט דעם קייזער, און די אַריסטאָקראַטען האָבען זיך געבונטעװעט געגען די פירשטען. לויט קאָנג־צע'ס בעשרייבונג, איז די געזעלשאַפט דאַן געװען זעהר פערדאָרבען אין זיטען, און אַלס ערהרליכער מאַן איז איהם, װיזט אויס, געװען זעהר שװער צו נעהמען זיך, ביי אַזאַ מצב, צו קהל'שער טעטיגקייט. ער האָט זיך אָבער פון דיזער טעטיגקייט ניט געקאָנט אָבזאָגען, װייל, לויט זיין מיינונג, איז דעם מענשענ'ס אויפגאַבע ניט צו ליעבען געראַכט פאַר זיך אַליין, װי אַ נזיר, נאָר אַריינצו־ברענגען װאָס מעהר גערעכטיגקייט אין געזעלשאַפטליכען לעבען.

אין דער יוגענד האָט קאָנג־צע בעזוכט מיט זיין האַר די הויפט־שטאָדט פון דער דינאַסטיע טשעאו. דאָר װעלכע ער האָט שפעטער אַרויסגעװיזען אַ גרויסע ליעבע, און דאָרט האָט ער בעגעגענט דעם אַלטען חכם לאָאָ־צע. בעת קאָנג־צע איז אַלט געװען 35 יאָהר האָבען אין זיין מדינה לו אויסגע־בראָכען גרויסע אומרוהען, און ער האָט געמוזט ענטלויפען אין טשי, װאו זיין בעקאַנטער פרינץ האָט איהם פריינדליך אויפגענומען און האָט מיט פערגעניגען אויסגעהערט זיין לעהרע; ער האָט אָבער מורא געהאַט צו געבען איהם אַן אָפיציעלע שטעלע, און דער פילאָזאָף האָט זיך אין אַ יאָהר אַרום אומגעקעהרט מיט גאָרניש אין זיין פאָטערלאַנד. דאָ האָט ער שפעטער אָנגענומען איניגע װיכטיגע שטעלעס פון זיין בעפריינדעטען פרינץ, װאָס

האט ווידער בעקומען די ממשלה, און אלס מיניסטער, האט ער איינגעפירט אין לאנד גרויסע רעפארמען. דאס האט אבער געדויערט נישט מעהר, ווי פיער יאהר. קאנג-צע'ס אמת איז בּיסלעכווייז געווארען צו לאסט פארן פרינץ, און ער האט טרויעריג געמוזט אװעקגעהן אין גלות אויף 14 יאהר. ער האט בעזוכט פירשטליכע הויפען, אדער ער איז ארומגעגאנגען צווישען געמיינעם פאלק, און האט אומעטום געפרעדיגט גאט'ס ווארט. א מאל פלעגט מען איהם אבגעבען כבוד, און א מאל פלעגט מען איהם וועלען אומ-ברענגען. א גרויסע מחנה פון תלמידים און פריינד האט איהם אויפ'ן וועג בעגלייט, און איינער פון זיי האט גע'טועלט, מ'זאל דעם פילאזאף ערלויבען אומקעהרען זיך אין זיין פאטערלאנד. קומענדיג צוריק פון גלות איז ער שוין געווען קרוב צו 70 יאהר, און ער האט פערבראכט זיינע לעצטע יאהרען אין תורה און טרויעריגע מחשבות. דער נאהנטער טויט האט קאנג-צע'ן געמאכט מרה-שחורה'דיג, און ער האט געוויינט אויף דער ירידה פון דער מלוכה אין אויפ'ן סוף פון מענשען.

דאס בוך לון-יו שילדערט קאנג-צע'ן אלס הויכען פילאזאף, וואס ליעבט די גאנצע וועלט, און בעשרייבט אויספירליך זיין הנהגה צו הויז און אין געזעלשאפט. דער הויפט-צוועק פון זיין לעבען איז די חכמה, וועלכע — ווי ער איז אליין מודה — ער האט נאך ניט משיג געוועזן; ער פיהלט אבער קלאר, אז ער טראגט א הויכע מיסיע. ער האט איבערגע-ארבייט די הייליגע ביכער קינג, וועלכע זענען געווארען דער יסוד פון דער חינעזישער קולטור. קאנג-צע איז ניט קיין רעפארמאטאר; ער האט דעם גרעסטען רעספעקט פאר די אלטע ספרים און בעטראכט די פערצייטיגע קיסרים יאא און שון, וואס האבען געגרינדעט די דריטע דינאסטיע, אלס אידעאלע צדיקים; פון דעסטוועגען האט ער זיך ערלויבט אויסצושניידען גרויסע חלקים פון די הייליגע ביכער.

קאנג-צע האט מקיים געווען געטריי אלע מצוות. ער פלעגט אפט בעזוכען די טעמפלען, און פלעגט הייסען, מ'זאל אבהיטען די 300 דינים פון דער צערעמאניע און די 3000 כללים פון אויסערליכען קולט. דאגעגען פלעגט איהם די העכערע טעאלאגיע נאר זעלטען אינטערעסירען. ער פלעגט אפט זאגען: די מענשען קענען מיר ניט — ווי זאלען מיר קענען די גייסטער? דאס לעבען פערשטעהען מיר ניט — ווי זאלען מיר פערשטעהן דעם טויט? זיין גייסט איז איבערהויפט געווען א פראקטישער; זיין מאראל איז אבער געבויט אויף א מעטאפיזישען יסוד. דער מענש דארף לעבען אין הארמאניע מיט דער נאטור, וועלכע האט איהר מאראלישע ארדנונג,

ער דאַרף שטענדיג זײַן אײַנפֿאַך, פֿרײַ, אָפֿענהערציג, גוטמוטיג און ערהרליך, ווי די נאַטור אַליין. האַנדעלט אָבער דער מענש לויט זײַנע מאָמענט-אינטערעסען, און בײַם זײַן אויספֿיהרונג לויט די פֿערשידענע אומשטענדען — צושטערט ער די נאַטירליכע אָרדנונג. טראָטץ-דעם, וואָס קאָנג-צע האָט זיך אָנגעזעהען פֿיעל פֿערדאָרבענהייט אין דער וועלט, גלויבט ער, אַז דער מענש איז נאַטירליך גוט, און ער דאַרף נאָר פֿאָלגען זײַן מאָראַלישע נייגונג.

קאָנג-צע בעשעפֿטיגט זיך איבערהויפּט מיט דעם געזעלשאַפֿטליכען מאָראַל, וועלכער שטרעבט צו שלום און אחדות. די געזעלשאַפֿטליכע בעציהונגען טיילען זיך אין פֿינף מדרגות; די העכסטע פֿון זיי איז דער צובונד פֿון קינדער צו עלטערען, וועלכע מ׳דאַרף פֿאָלגען בײַם לעבען און עהרען מיט קרבנות נאָכ׳ן טויט. מ׳מוז אויך צאָהלען זייערע חובות, און נעהמען זייער הנהגה אַלס מוסטער. אויף אַ ניעדעריגערער מדרגה שטעהט דער רעספּעקט, וואָס דער אינגערער ברודער מוז פֿיהלען צום עלטערען, און די פֿרוי — צום מאַן. די פֿרוי ווערט השובי׳ער בעת זי ווערט אַ מוטער, דער מאַן מעג אָבער נעהמען פֿיעל פֿרויען, איבערהויפּט ווען ער האָט נאָך קיין זכרים ניט. אויף דער לעצטער מדרגה שטעהען גלייכע מענשען, וואָס לעבען פֿריינדליך צווישען זיך, און מוזען בלייבען טרײַ איינער דעם צווייטען. די מנהיגים פֿון פֿאָלק דאַרפֿען זאָרגען פֿאַר זײַן גייסטיגער ערציהונג, פֿאַר זײַן פֿערטיידיגונג און וואוילשטאַנד, און אויסבעסערען די פֿערברעכער ניט מיט שטראָף, נאָר מיט אַ גוטען בײַשפּיעל. לויט קאָנג-צעס מיינונג, האָט זיך די וועלט פֿאַרצייטען אַזוי געפֿיהרט, מ׳דאַרף אַלזאָ נאָר בעניי׳ען דעם אַלטען צושטאַנד.

קאָנג-צעס תלמידים האָבען זיך דאָס רוב בעשעפֿטיגט מיט פּראַקטישער אַרבײַט. זײַן אײַנפֿלוס אויף חינאַ איז געווען אונגעהויער גרויס, און אַ טייל פֿון זײַן לעהרע איז איבערגעגאַנגען צום געבילדעטען קלאַס. בעת די דינאַסטיע צין האָט געמאַכט אַ גייסטיגע רעוואָלוציע, האָט זי זיך קודם כל בעמיהט צו פֿערניכטען קאָנג-צעס שריפֿטען; און אַז די דינאַסטיע האַן האָט אויפֿגעשטעלט די אַלטע אָרדנונג, האָט זי ניט בלויז בענייט דעם כבוד פֿון דיעזע הייליגע ביכער, נאָר אויך געשאַפֿען אַ קולט פֿאַר קאָנג-צעס פּערזאָן. מ׳האָט איהם פֿיעל טעמפּלען געווידמעט, קרבנות מקריב געווען, און איהם פֿערגעטערט מיט די טיטלען „פֿירשט“, „אמתער חכם“, „קעניג אָהן אַ טראָן“ און אַז. וו.

## § 4. דאָס בוך טאַאָ־טע־קינג פֿון לאַאָ־צע.

לאַאָ־צע איז געבאָרען אין יאָהר 604 פֿאַר קריסטוס; ער איז אַלזאָ געווען עלטער פֿאַר קאָנג־צע. די צווי פֿילאָזאָפֿען האָבען געהאַט צווישען זיך געשפּרעכען, און די חינעזישע געשיכטע־שרייבער האַלטען דעם מיסטישען דענקער לאַאָ־צע העכער פֿאַר קאָנג־צע, וועלכער האָט זיך איבערהויפּט אָבגעגעבען מיט ערדישע אױפֿגאַבען. לאַאָ־צע האָט ניט געוואָלט צו ווירקען אויפֿ'ן פֿאָלק, ער האָט ניט געגרינדעט קיין שול און זיין לעבען איז געבליבען לעגענדאַריש.

זיין בוך טאַאָ־טע טיילט זיך אין 81 קאַפּיטלעך. ער איז ווענדעט פֿערנעבעלט און באַשעפֿטיגט זיך מיט מאָראַל, פּאָליטיק און דאָס וויסען פֿון יעדער זאַך. געוויסע געלעהרטע געפֿינען אַ שייכות צווישען דער לעהרע פֿון טאַאָ און דער בראַמאַנישער אמונה. דיעזעס בוך, די עוואַנגעליען און די בודישע זוטאַס, רעכענען זיך צווישען די העכסטע הייליגע ביכער, צוליעב דער הויכקייט פֿון זייערע געדאַנקען און דער טיעפֿקייט פֿון זייער מאָראַל. דאָס טאַאָ־טע פֿערטיידיגט מענשליכע פּאַראַדאָקסען: ער ווייזט אויף, אַז גייסט שטעהט העכער פֿון קערפּער, אָרימקייט — פֿון רייכקייט, ענוה פֿון גאוה, דער רוּה — פֿון דער זאַך, וואָס געפֿינט זיך אין איהם.

דאָס וואָרט טאַאָ איז ניט קלאָר, עס בעצייכענט, ווייזט אויס, דעם אור־פּרינציפּ פֿון דער וועלט, וואָס האָט ניט קיין אָנהויב און קיין סוף, און בעהערשט די גאַנצע נאַטור. ער לאָזט זיך ניט בעצייכענען; די, וואָס בעגרייפֿען איהם אָבער, געווינען די אייביגקייט. דאָס בוך טאַאָ־טע האַלט אויך פֿון דער פֿערגאַנגענהייט, און בעטראַכט דעם געלען קיסר האָאַנג־טי פֿאַר אַ אידעאַלע פּערזאָן. אַזוי ווי קאָנג־צע, זאָגט לאַאָ־צע אויך, אַז דער הימעל און די ערד זענען גלייכגילטיג, ווי דער חכם, און די חכמה בעשטעהט פֿון סבלנות. ביידע פֿילאָזאָפֿען האַלטען, אַז כדי צו זיין מאָראַליש דאַרף דער מענש נאָר פֿאָלגען זיין העכערען אינסטינקט; לאַאָ־צע בעטראַכט אָבער דעם טאַאָ פֿאַר'ן פּרינציפּ פֿון מאָראַל, און וויל, אַז דער מענש זאָל זיין פֿערטיעפֿט אין זיין אינערליכען לעבען. ער דאַרף ניט זיין קיין פּרוש פֿון דער וועלט, ער מוז אָבער זיין גייסט בעפֿרייען פֿון ערדישע דאגות און זוכען דעם וועג צום הימעל אין איינזאַמקייט. לויט לאַאָ־צע זענען פֿרומקייט, שפּאָרזאַמקייט און ענייוות די דריי העכסטע מדות פֿון מענשען. ער איז געקומען צום העכסטען מאָראַלישען בעגריף צווישען אַלע דענקער פֿון דער מאָנגאָלער ראַסע: צאָהלען מיט גוטס פֿאַר שלעכטס.

„בֿשו גוטס, זאָגט ער, די, וואָס טוען מיר גוטס; כּשו גוטס אַפֿילו די, וואָס טוען מיר ניט קיין גוטס; אויף אַזאַ אופֿן ווערען אַלע גוט". אַז מ'האָט געפֿרעגט וועגען דעם קאָנג-צע, האָט ער געענטפֿערט: „מיט וואָס זשע וועסטו בעפֿרידיגען די גוטסקייט? צאָהל פֿאַר שלעכטס מיט גערעכטיגקייט, און פֿאַר גוטס — מיט גוטסקייט". לאַאָ-צע האַלט ווייניג פֿון דער פּראַקטישער פֿרומקייט און די העפֿליכקייטס-כּללים, וואָס פֿאַרנעהמען אַזאַ גרויסען פּלאַץ אין קאָנג-צע'ס ווערק.

אין פּאָליטיק איז לאַאָ-צע אויך ניט פּראַקטיש. דער פֿירשט דאַרף בעגרייפֿען די העכערע אידעען פֿון טאַאָ, און פֿערשפּרייטען זיי אין פֿאָלק. פּאָזיטיווע אַרבייט און מאַטעריעלער פּראָגרעס זענען ניט וויכטיג, און פֿיעל געזעצען זענען גאַנץ איבעריג. די הערשער דאַרפֿען רוהיג און ענוות'דיג געוועלטיגען איבער'ן פֿאָלק, וועלכער זאָל זיך אין אַ שטילער מנוחה איבערגעבען זיינע מחשבות וועגען טאַאָ.

דער מיסטישער פֿילאָזאָף און זיין דונקעלע לעהרע האָבען ניט געהאַט קיין גרויסען איינפֿלוס אויף דעם חינעזישען פֿאָלק. דער טאַאָאיזם, וואָס מיליאָנען מענשען גלויבען אין איהם, האָט אַ קליינע שייכות צום בוך טאַאָ-טע-קינג.

# § 5. דער טאַאָאיזם.

די טאַאָאיזם-לעהרע פֿון כּשוף און אָבערגלויבער מאָראַל האָט בעקומען אמת, איהר נאָמען פֿון דער הויכער טאַאָ-שיטה; זיי האָבען אָבער צווישען זיך אַ קנאַפּע פֿערוואַנדשאַפֿט. די טאַאָאיסטען פֿערהייליגען דאָס בוך „וועגען לוין און שטראָף", וואָס איז געשריבען אין 15-טען יאָהר-הונדערט, און דאָס בוך פֿון דער „געהיימער ברכה", וואָס איז פֿערערדט ביי אַלע רעליגיעזע סעקטעס אין חינאַ. אַלס מאַטעריאַליסטען האָבען די חינעזער בילעכווייז געמאַכט פֿון הויכען טאַאָ-מיסטיציזם אַ פּראַקטישע אמונה, וואָס זאָגט-צו אייביגקייט דורך מאָראַלישע מעשים און כּשוף-מנהגים. אין דריטען יאָהרהונדערט פֿאַר קריסטוס האָט דער קייזער שי-האָאַנגטי געשיקט אַ פֿלאָט זוכען די גליקליכע אינזלען, וואו די גייסטער שענקען דעם לעבענס-געטראַנק. און אַזוי האָט זיך אויך ענטוויקעלט די לוסט צו רייכקייט, און די גלחים האָבען מיט דער צייט פֿערנאַכלעסיגט זייערע רעליגיעזע פֿליכטען און האָבען זיך גענומען צו אַלחימיע, וואָס גיט געקינסטעלטע אוצרות,

און צו קמיעות און כשוף, וואָס לאָזען זיך גוט בעצאָהלען. די טעמפּלען פֿון די טאַאָאיסטען זענען ניט געווען קיין מקום־קדוש פֿאַר תפלה און כונה, און האָבען אויסגעזעהען ווי טרינק־הייזער פֿון טרעפֿערס און מכשפים. בעת די בודיסטישע אמונה בעשעפֿטיגט זיך איבערהויפּט מיט מעטאַפֿיזיק און צוקונפֿטס־לעהרע (עשאַטאָלאָגיע), און קאָנפֿוציוס׳עס תורה — מיט מאָראַל, איז דער טאַאָאיזם אַ נאַטוראַליסטישער גלויבען. אויסער כשוף און טרעפֿעריי האָט ער ענטוויקעלט דעם קולט פֿון העלדען און נאַטור־ערשיי־נונגען, וואָס האָט גאָר קיין שייכות ניט צו זיין מאָראַל. די הויפּט־געטער זיינען רייכקייט, לאַנג־לעבען און וויסענשאַפֿט.

אַריינקומענדיג אין אַ טאַאָאיסטישען טעמפּעל בעגעגענט מען באַלד דריי גרויסע געצען, וואָס שטעלען־פֿאָר לאַאָ־צע אויף פֿערשידענע אופֿנים, אַזוי ווי די דריי בודיסטישע געצען שטעלען־פֿאָר בודע׳ן, זיין לעהרע און זיין געמיינדע. דער העכסטער גאָט, וואָס פֿיהרט די וועלט און זעהט אויס, ווי אַ טייערער שטיין, הייסט שאַנג־טי, — אַ נאָמען, וואָס האָט געהערט צו אַ מכשף פֿון זיבעטען יאָהרהונדערט לויט אונזער צייט־רעכענונג. די טאַאָאיסטען פֿערגעטערען אויך געוויסע שטערען. די פֿינף עלעמענטען, מעטאַל, האָלץ, וואַסער, פֿייער און ערד האָבען נשמות, פֿון וועלכע ס׳זענען געוואָרען די פֿינף פּלאַנעטען, וואָס צעהלען זיך צווישען די געטער. אויף די ברעגען פֿון טייכען שטעהען טעמפּלען, געווידמעט צום גאָט פֿון וואַסער; ער פֿערקערפּערט זיך אָפֿטמאָל אין אַ שלאַנג, צו וועלכען מ׳איז מתפּלל אין אַ פֿאַל פֿון פֿערפֿלייצונג. צום קולט פֿון דער זון געהערט דאָס פֿריידע־פֿייער, וואָס מ׳צינדט אָן אין אַ פֿריהלינגס־יום־טוב פֿאַר׳ן טעמפּעל פֿון געבורטס־גאָט. די גלחים שיטען זאַלץ אין דיזע אייפֿין פֿייער, לויפֿען איהם דורך מיט באָרוועסע פֿיס, און צושטעכען זיך דאָס געזיכט מיט מעסערס. לכבוד דעם געבורטס־גאָט אָרגאַניזירט מען אויך פּראָצעסיעס מיט לאַנטערנעס און וועגען געצירט מיט פֿלאַנצונגען, הינטער וועלכע ס׳געהען די צובייליטע גלחים. אין די לעגענדעס קומט די לבנה אין פֿערבינדונג מיט׳ן פֿראָש, פֿוקס, קאַמעלעאָן און האָליך־העקער. דער קאַסיע־בוים, די הושענה, די בעריאָזע און דער פּיריזבוים רעכענען זיך פֿאַר הייליגע פֿלאַנצונגען.

פֿאַר דעם עהרען־אַריינגאַנג אין יעדען חינעזישען הויז, שטעהט אַנאָפֿענער שראַנק מיט פֿערשידענע הויז־געטער. די פֿיגור פֿון קיך־גאָט און די עלטערען־טאָוועלעך מוזען זיך געפֿינען אין יעדער וואוינונג. פֿון די פּראָפֿעסיע־געטער איז בעקאַנט וואַן־שאַנג, דער ליטעראַטור־גאָט. דאָס איז דער גייסט פֿון אַ געוויסען געלעהרטען, וואָס פֿערקערפּערט זיך

אין אלע בעריהמטע חכמים, און איז פערגעטערט ביי די סטודענטען. זיינע טעמפלען געפינען זיך נעבען די שולען. — די סאלדאטען פערגעטערען קוואן-טי, דעם גאט פון מלחמה, און די סוחרים — צעשין, דעם גאט פון רייכקייט. איבער דעם זענען נאך פארהאן א סך רוחות, וואס האלטען דעם עולם אין איין פחד.

די גלחים, וואס שטאמען פון די נידעריגע פאלקס-מאסען, בעשעפטיגען זיך מיט פערטרייבען די רוחות דורך קמיעות, וואס מ'העגנט אפט אויף אויפ'ן טהיר. ס'איז אויך פארהאן א פויפסט און נזירים, וואס האבען ניט חתונה און לעבען איינזאם אין היילינגע מחשבות. דער פויפסט אדער שאנג, הייסט דער הימעל-רבי און וואוינט זייט דעם ערשטען יאהר-הונדערט פון אונזער צייט-רעכענונג אויפ'ן בארג לונג-הו. ער ווערט אויסגעקליבען על פי גורל, ווי דער לאמא, און פערקערפערט דעם גייסט פון ערשטען שאנג.

די לעהרע פון טאאיזם ליגט אין היילינגען בוך „וועגען לוין און שטראף", וואס בעשטעהט פון 212 קורצע סענטענצען און געבאטען. די גייסטער פון הימעל און ערד צאהלען דעם מענשען פאר זיינע גוטע און שלעכטע מעשים. בעגעהט א מענש א גרויסע זינד, פערליערט ער צוועלף יאהר פון זיין לעבען, א קליינע עבירה — הונדערט טעג. געהען אויס זיינע יאהרען, שטארבט ער, און די ניט-בעצאהלטע חטאים פאלען אויף זיינע קינדער. דער טאאיזם, ווי די אמונות פון קאנפוציוס און סיניזם, ווייסט ניט פון קיין שטראף נאכ'ן טויט; די צדיקים פערשפרעכט ער אבער איביגעס לעבען. „דער, וואס וויל ווערען א אונשטערבליכער פון הימעל, מוז טהון 1300 גוטע מעשים; דער, וואס וויל ווערען א אונשטערבליכער פון דר'ערד, מוז טהון 300 גוטע מעשים". דאס בוך „וועגען לוין און שטראף" ענטהאלט אין זיך אויך פיעל מאראלישע כללים בנוגע צו אייגענטום, לעבען און פאמיליע. מיר געפינען דארט, צום ב. ש., אזעלכע געבאטען: „צושייד ניט קיין מאן און ווייב, ווייל זיי זענען איינס, ווי פלייש און ביין"; „לעב אין שלום מיט דיין פרוי"; „פרויען, עהרט אייערע מענער"; „העט ניט, וואס דיין פרוי און דיינע קעפס-ווייבער זאגען, פאלג דיין פאטער און מוטער"; „קיין שום נייע איינפיהרונגען, כל זמן דער קייזער לעבט!"; „הרג'ע ניט דיינע קינדער, ניט נאכ'ן און ניט פאר'ן געבוירען"; „פרעה דיך אויף יענעמ'ס הצלחה און פיהל-מיט דעם צווייטענס אומגליק, אזוי ווי דו וואלסט אויף זיין פלאץ געוועזען"; „וויין ניט, און שפיי ניט אין דרום זייט".

די טאאיסטישע גלחים זענען מאראליש פערדארבען, און זייערע

פֿרויען-מאָנאַסטירען רעכענען זיך פֿאַר ערטער פֿון הפקרות. פֿיעל פּאָפּולערע בעגריפֿען האָט דער טאַאָאיזם געליהען פֿון בודיזם, צום ב. ש.: די מדה פֿון צער בעלי חיים, די תפלות, דעם מנהג פֿון אונבעווייבטע נזירים, דעם גיהנם און ד. ג. — אַ ספּעציעלער חכם, פֿענג-שוי, האָט די אויפֿגאַבע צו בעצייכענען דעם קבורה-אָרט פֿאַר יעדען מת. דיעזער אָרט מוז זיין טרוקען, ריין פֿון ווייסע מוראַשקעס, און צווישען די מאַגנעטישע שטראָמען פֿון דער בלויער שלאַנג און דעם ווייסען טיגער. מ'לאָזט אָפֿט ליעגען די מתים אַ לאַנגע צייט, ביז מ'געפֿינט פֿאַר זיי דעם פּאַסענדען אָרט, און אַמאָל טראָגט מען זיי איבער אין אַנ'אַנדער קבר (ווייל דער מת, וואָס האָט ניט קיין בעקוועמען קבר, בעאונרוהיגט די לעבעדיגע).

מ'קאָן זאָגען, אַז דער קאָנפֿוציוס-גלויבען איז געצט די אָפֿיציעלע רעליגיע אין חינאַ. וועלענדיג אויסבעסערען די זיטען פֿונ'ם פֿאָלק, האָט דער קייזער קאַנג-הי פּובליקירט, ענדע פֿונ'ם 17-טען יאָהרהונדערט, אַ קיצור פֿון קאָנג-צע'ס ווערק אין 18 כללים, און האָט איהם פֿערשפּרייט צווישען דער מאַסע. דיעזע ווערק זענען געבליבען קלאַסיש אין חינאַ, און דער קולט פֿון הימעל, ווי פֿון די עלטערען איז עד היום דער יסוד פֿון דער רעליגיע. דערביי עקזיסטירען אָבער אויך דער טאַאָאיזם און דער בודיזם. די רעגירונג שיצט אַלע דריי רעליגיעס, און דער המון פֿערמישט זיי צוזאַמען.

---

## § 6. די פֿילאָזאָפֿען:

זייט קאָנג-צע האָט זיך די חינעזישע ליטעראַטור ענטוויקעלט אין פֿערשיעדענע ריכטונגען, בעזונדערס אונטער די דינאַסטיעס האַן, טאַנג און סאָנג. בעריהמט זענען די היסטאָריקער סעמאַטסיען (2-טער יאָהרהונדערט נ. ק.), און דער ענציקלאָפּעדיסט מאַטואַנלין (13-טער יאָהרהונדערט); ס'זענען אויך דאָ אויסגעצייכענטע דראַמען-שרייבער און פֿילאָזאָפֿען, וואָס ענטוויקלען די לעהרען פֿון קאָנג-צע און לאַאָ-צע, אָדער שאַפֿען אונאָבהענגיג. צו די לעצטע געהערען יאַנג און מיה-צע, וועלכע האָבען געלעבט ווייט אויס, אין פֿינפֿטען יאָהרהונדערט פֿאַר קריסטוס. יאַנג האָט געהאַלטען אַז „יעדער לעבט פֿאַר זיך", און האָט געראַטען צו לעבען אַ גוטען טאָג. מאָראַל און אַ גוטער שם, וואָס מ'לאָזט נאָך זיך איבער, זענען פּוסטע ווערטער, מ'דאַרף וואָס מעהר געניסען פֿון ערדישע פֿערגעניגענס, און בעגעגענען דעם טויט גלייכגילטיג; די לעבע-יונגען זענען אַלזאָ קליגער פֿאַר די

מאָראַלישע העלדען, וואָס האָבען זיך געאָפּפֿערט פֿאַר כלומרשטע אמת׳ען. — מיה־צע האָט אויפֿגעוויזען, אַז ניט די אַלטע אינסטיטוציעס זענען דער עיקר, נאָר די מענשען־ליעבע. אַלע צרות שטאַמען פֿון האַס און פֿון דעם אונטערשייד, וואָס מענשען מאַכען צווישען זיך, ווארום די אמת׳ע ליעבע באַלייכט אַלעמען גלייך, ווי די זון און לבנה. דיעזע פּאָליטישע לעהרע האָט געפֿונען פֿיעל אַנהענגער.

ליה־צע שטימט איין די הויפּט־פּונקטען פֿון זיין לעהרע מיט לאַאָ־צע, און ערקענענדיג די וויכטיגקייט פֿון כשוף, שטעהט ער נעהנטער צום פֿאָלק. אַ טיעפֿערען גייסט פֿאַר איהם האָט געהאַט טשוואַנג, וועלכען מ׳האַלט אָפֿט פֿאַר׳ן אָריגינעלסטען דענקער פֿון חינאַ.

פֿון קאָנג־צע׳ס תלמידים איז דער גרעסטער מענג־צע (371 — 288 פֿאַר ק.), וואָס איז געבאָרען פֿון אַ חשוב׳ער פֿאַמיליע אין לו, ווי זיין רבי, און האָט געהאַט דעם זעלבען שיקזאַל, וואָס ער. ער איז אויך געווען לאַנגע יאָהרען נע־ונד, און האָט געווירקט אויפֿ׳ן פֿאָלק מיט זיינע דרשות. ער האָט אויך געשמיט פֿאַר אַ בעל־מדות, און זיינע געדאַנקען, וואָס די תלמידים האָבען אויפֿגעקליבען אין זיעבען ביכער, לאָזען זיך לייכטער סיסטעמאַטיזירען, ווי זיין רבי׳ס לעהרע. ער האַלטען ביידע אַנ׳עולם־ומלואו פֿון כבוד־אב, פֿון רעספּעקט געגען די הערשער און פֿון מתים־צערעמאָניעס. די פֿיער העכסטע מדות, לויט מענג־צע, זענען: קלוגהייט, מענשען־ליעבע, גערעכטיגקייט און העפֿליכקייט. דער מענש איז פֿון נאַטור גוט, ער דאַרף נאָר ניט קאַליע ווערען דורך אויסערליכע איינפֿלוסען. דאַגעגען האָט דער פֿילאָזאָף סעאון, וואָס האָט געלעבט אַ ביסעל שפּעטער, געקוקט אויפֿ׳ן מענשענ׳ס כאַראַקטער פּעסימיסטיש. לויט זיין מיינונג, מוז דער מענש דרעסירט ווערען מיט דער הילף פֿון אַ שטרענגער דיסציפּלין, אידער ער בעקומט קינסטליך גוטע מידות, וואָס געהען געגען זיין שלעכטער נאַטור. דאָס אַליין, וואָס דער מענש שטרעבט שטענדיג צו ווערען גוט, ווייזט שוין, אַז ער איז נאַטירליך ניט גוט.

אַ פּשרה אין דיעזער פֿראַגע האָט געמאַכט האַן־יו, אַ פֿילאָזאָף פֿון אַכטען יאָהרהונדערט, לויט אונזער צייט־רעכענונג. ס׳זענען פֿאַראַן, זאָגט ער, אַלערליי מענשען מיט פֿערשיעדענע מדרגות פֿון גוטסקייט, און מ׳קאָן זיי אַלעמען אויסבעסערען דורך ערציהונג.

דעם גרעסטען איינפֿלוס אויף חינאַ אין דער נייער צייט האָט געהאַט טשו־הי (12־טען יאָהרהונדערט נ. ק.), אַ בעריהמטער געלעהרטער, וואָס האָט פֿערפֿאַסט פּירושים אויף די הייליגע ביכער. מ׳האַלט איהם אפֿילו פֿאַר׳ן

אָפיציעלע פאָרשטעהער פונים קאָנפוציוס-גלויבען; זיין לעהרע איז אָבער א גאנץ אַנדערע. זי איז געבויט אויפ'ן גענענואַץ צווישען מענליכען און היבלישען פרינציפּ.

## דריטעס קאַפּיטעל.

## די יאפּאנער.

### § 1. געשיכטע און לעהרע.

די יאַפּאַנער שטאַמען פון צוויי פערהאַנדטע מאָנגאָלישע שבטים, וואָס זענען געקומען פון קאָרעא עטליכע הונדערט יאָהר פאר קריסטוסן, און האַבען בעזעצט די אינזלען, פערטרייבענדיג די פריהערדיגע איינוואוינער. זייט דעם 3-טען יאָהרהונדערט האָט זיך אין יאַפּאַן אָנגעהויבען פערשפּרייטען די חינעזישע ציוויליזאַציע, און דריי הונדערט יאָהר שפּעטער האָט דער בודיזם דאָרט איינגעשלונגען די אַלטע שינטאָ-רעליגיע. פון 9-טען ביז 17-טען יאָהרהונדערט האָט אין יאַפּאַן בעזונדערס שטאַרק געווירקט די סעקטע ריאָבו, וועלכע האָט בעטראַכט די געטער פון שינטאָ אַלס פאָרשטעלונגען פון איינציגען בורא. שפּעטער, בעת דער חינעזער טשו-הי האָט בענייט דעם קאָנפוציאָניזם, האָבען די יאַפּאַנישע געלעהרטע זיך אויך גענומען אויפלעבען זייערע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס. זיי האָבען געהאַט אַזא ערפאָלג, אַז אין יאָהר 1868 איז די שינטאָ ווידער געוואָרען די אָפיציעלע מלוכה-רעליגיע און דער מיקאַדאָ האָט פערטרעטען דעם פּלאַץ פון דעם פריהער-דיגען שיאָ-גון.

דאָס עלטסטע היילעגע בוך קאָיקי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אין יאָהר 712 נ. ק., און צוזאַמען מיט זיין ענטשטעהונג האָט זיך דער אויטאָריטעט פון קייזער אָנגעהויבען צו שטיצען אויף דער טראַדיציע. לויט דעם דאָזיגען בוך זענען פון אָנפאַנג געווען הימעל און ערד, און נאָכהער זענען געבאָרען געוואָרען פערשידענע געטער און געטינס, וואָס האָבען פערפיהרט אַלערליי אינטריגעס און זענען געקומען אין פערבינדונג מיט די נאַטור-ערשיינונגען דורך עראָטישע סימבאָלען. פון דיזע געטער שטאַמען דער מיקאַדאָ און אַנדערע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס. העניגער זילבוג

איז דאָס הײליגע בוך ניהאָנגי, װאָס איז צוזאַמענגעשטעלט געװאָרען אַ ביסעל שפּעטער.

דער פײַער־קולט װײַזט זיך נאָך איצט אַרױס אין די פריד־פלאַמען, װאָס מ'צינדט־אָן אײנים חודש נאָװעמבער אין די הױפען פון די טעמפּלען אין הײליגען טעמפּעל־פײַער פון נײַ־יאָהר. און אײנים מנהג דורכצוליפען דאָס פײַער, װאָס דינט יעצט נאָך אַלס פּראָבע פאַר מאָראַלישע פערדעכ־טיגע פּערזאָנען. די געשלעכטס־קמיעות פערלײַכטערען דעם פּראָצעס פון טראָגען און האָבען קינדער, און הײלען פון אַלע געשלעכטס־קראַנקהײַטען. דער גאַסען־גאָט איז פאָרגעשטעלט אין דער געשטאַלט פון געשלעכטס־גליעד (פאַללוס). ער בעשיצט די פּראָסטיטוטקעס, און איז אויסגעמאָלט אױפ'ן הײליגען־ברעטעל פון די שאַנד־הײַזער. דער יאַפּאַנער פערגעטערט אױך פערשידענע בױמער און בעלי־חיים. דער האָן איז, למשל, געװידמעט צו דער זון־געטין, דער פוקס — צו דער ערד־געטין, און די מױז — צום רײַכקײַטס־גאָט. מ'זעהט אָפט בײַ די טעמפּלען אַ הײַסליכען פערד, װאָס די פרומע עולה־רגל'ניקעס (פּילגרימען) גיעבען צו עסען. פון בײדע זײַטען אַרײַנגאַנג אין טעמפּעל שטעהען אָפט אַ „הימעל־הונד" און אַ „קאָרעאישער הונד", אַזױ װי די צװײ טיגערס בײַ דער טהיר פון חינעזישע טעמפּלען. די אײַנװאױנער פון געגענד איזומאָ הרגענען בײַ רעליגיעזע צערעמאָניעס שלאַנגען, טריקענען זײ אױס, און האַלטען זײ פאַר אַ סגולה געגען שרפות און פערפלײַצונגען. ס'זענען אױך דאָ געװיסע קלײנע שדים'לעך, אַזױ, װאָס קאָנען מזיק זײַן; די נאַטור־גײַסטער דאַגעגען טהוען קײן בײז ניט.

דער קולט פון די פערשטאָרבענע עלטערען און העלדען איז שטאַרק ענטװיקעלט. גרױסע געלעהרטע און אויסגעצײכענטע קיסרים דערגרײכען אָפט די מדרגה פון געטער, און מ'פערעהרט זײ אָפטמאָל צוזאַמען מיט די נאַטור־געטער. די יאַפּאַנער צעהלען בערך אַכט־הונדערט מאָל צעהן טױזענד געטער אָדער געטליכע װעזענס אונטער'ן אַלגעמײנעם נאָמען קאַמי.

---

## § 2. דער קולט.

אין יאָהר 927 נ. ק. איז אויפגעשטעלט געװאָרען פון אַלטע שריפטען דאָס רעליגיעזע מנהגים־בוך, יענגישיקי, װאָס ערקלערט 27 באַרבאַרישע צערעמאָניעס. מ'צושנײַדט ריטער אין דינע פּאַסקעס און מ'צוזײט זײ אױפ'ן װינד, און די קרבנות װאַרפט מען אַרײַן אין נאָהענטסטען טײַך. נאָך אַ

געװיסער עבודה פֿון כהן-גדול טראָגען די קאַמיס אַװעק די זינד.

פֿון 1-טען ביז'ן דריטען יאַנואַר פֿײַערט מען נײַ-יאָהר; דעם 4-טען פֿעברואַר איז מען מתפּלל אויף גערעטעניש; דעם 15-טען יוני איז דער יום-טוב פֿון די געטער, װאָס זענען פֿערװאַנדט מיט דער קײזערליכער פֿאַמיליע; דעם 15-טען סעפּטעמבער װערט געפֿײַערט דער בכּורים יום-טוב: דעם 23-טען נאָװעמבער — דער שניט-יום-טוב; 30-טען יוני און 31-טען דעצעמבער — רײניגונגס-ימים-טובים. געװיסע צערעמאָניעס קומען-פֿאָר מיט מוזיק און טענץ. אין אָרטיגע ימים-טובים געהען דורכ'ן שטאָדט פּראָצעסיעס פֿון געמאָלטע װעגען אין סימבאָלען. די קרבּנות בעשטעהען פֿון רײז, פֿיש, חיות, ביער, פֿרוכטען, גרינסען, װאַסער, אָפֿטמאָל אויך פֿון פֿלאַקסענע אָדער זײַדענע קלײדער, שיסלען און אַז. װ.

די גלחים שטאַמען פֿון די געטער, צו װעלכע ס'געהערט זײער טעמפּעל, און זײ גיעבען איבער די כּהונה בירושה צו די קינדער. זײערע יונגע טעכטער העלפֿען בײַ דער עבודה אין טאַנצען מימישע טענץ. דער טעמפּעל זעהט נאָך יעצט אויס, װי אַ באַרבאַריש װאוינונג. נעבען איהם געפֿינען זיך: אַ זאַל פֿאַר די בעזוכער, אַ ברונעם מיט הײליג װאַסער אויף װאַשען די הענד פֿאַר דער עבודה, אײניגע קלײנע קירכען פֿון פֿערשידענע געטער, אַ שפּײַכלער פֿאַר קרבּנות, אַ טראָטואַר אויף טענץ, אַ שטאַל פֿאַר'ן הײליגען פֿערד, און אַ גאַלעריע. אַלע טעמפּלען זענען געװענדעט צו מזרח-זײַט, אויסער אָקונינושיס, װאָס איז גערichtet צו מערב. די טעמפּלען פֿון אַמאַטעראַזו (איזע) און אָקונינושי זענען פֿאַר שינטאָ-גלויביגע אַזוי הײליג, װי מעקאַ, למשל, פֿאַר מחמדאַנער. די געבײַדע פֿון טעמפּעל אַלײן טײלט זיך אין צװײ צימערן; אין אינעװעניגסטען צימער געפֿינט זיך די „פֿאָרשטעלונג פֿון די נשמות", ס'הײסט, אַ שװערד, אַ שפּיגעל און אַ שטײן-ציערונג; דאָרט װאוינט גאָט, פֿאַר װעמען מ'לעגט אָפֿט אַ קישען. אין אויסװעניגסטען אָפֿענעם צימער געפֿינט זיך דער גאָהעו, פּאַפּיער-בענדער אָנגעװיקעלט אויף אַ שטעקען, װאָס פֿערקערפּערט די גאָטהײט.

יעדע יאַפּאַנישע פֿאַמיליע — אויסער די פֿרומע בודיסטען — האָט אַ הײליגען טאָװעל, אויף װעלכען ס'שטעהען עטליכע קלײנע אַלמערלעך; אין אײנעם ליעגט אַ פּאַפּיערענע קמיע פֿון אַ געװיסען גאָט, אין צװײטען — אַ גאָהעי, אין דריטען — קלײנע בילדער פֿון די גליקס-געטער דײַקאָקו און יעביזו. יעדען אָװענד צינדט מען אָן אַ לאָמפּ אויפֿ'ן טאָװעל, און דעם 2-טען, 15-טען און 28-טען פֿון מאָנאַט לעגט מען אויף איהם אַ שפּײַז-קרבּן. יעדער יאַפּאַנער מוז לפּחות אײן מאָל אין לעבען בעזוכען די גרויסע טעמפּלען, כּדי

מצליח צו זיין אין זיינע עסקים. מ'פאָהרט אהין אין פרעהליכע קאָמפּאַניעס, און די שטעדט פון דיעזע טעמפּלען זענען פול מיט פערגוויגלונגס-ערטער.

דער געשלעכטס-קולט איז זעהר ענטוויקעלט, און מ'געפינט אומעטום סימבאָלען פון זכר און נקבה געמאַכט פון שטיין, לייהם, האָלץ אָדער אייזען. די עקרות אָדער קראַנקע פרויען זענען מקריב צו זיי אוי-שאָלעכין; מ'איז זיי מקריב אויך פערשיעדענע שפייזען און משקאות. דער פירזיך-בוים און דער באַב רעכענען זיך פאַר נקבה-סימבאָלען, דער שוועמל און חזיר-שנויץ — פאַר זכר-סימבאָלען. אין יאָהר 1872 האָבען די אָנגעפאָהרענע אייראָפּייער געווירקט אויף דער יאַפּאַנישער רעגירונג, זי זאָל מבטל זיין די האָזינגע אונאַנשטענדיגע סימבאָלען, וועלכע זענען געוועזען אומעטום עפענטליך אַרויס-געשטעלט; פון דאַן אָן געפינען זיי זיך נאָר אין די פערוואָרפענע געגענדען.

כשוף ווערט אָפט געברויכט, און די קמיעות קלעבט מען אָן אויף די וועגד אָדער מ'טראָגט זיי אויף זיך פאַר אַ סגולה. ביז'ן אַכטען יאָהרהונדערט נ. ק. פלעגען די טרעפער איסדייטען די שפּאַלטען פון רוקען ביי אַ גע-בראָטענעם הירש, און פון דאַן אָן האָבען זיי זיך אָנגעהויבען בעדינען מיט דער חינעזישער מעטאָדע פון שילד-קראָט-פעל. מ'טרעפט אויך די צוקונפט דורך די ווערטער, וואָס מ'הערט פון פערבייגעהענדע אין גאַס, דורך חלומות, אָדער דורכ'ן ערשטען פייל, וואָס מ'שיסט אויס. אַנדערע ווערען פעהיג אויף זאָגען נבואה, דורכ'ן היילינען עקסטאַז, צו וועלכען מ'קומט, לעבענדיג איינזאַם אין וועלדער און פערברענגענדיג די צייט אין טבילות און תעניתים. אַן-אָרקעסטער פון אַכט אינסטרומענטען שפּיעלט אַ לאַנגע צייט פאַר'ן נביא, וועלכער נעהמט אין האַנד אַ גאָהעי און הויבט זיך אָן צו טרייסלען ביז ס'האַפּט איהם אַ קאָנוואולסיע; דאַן לעגט איהם זיין בעהעלפער פאַר פער-שיעדענע פראַגען, און ער ענטפערט אויף אַלע, ווי אַן אָראַקול.

אַמאָל פלעגען די יאַפּאַנער האַלטען אַ מת אין אַ טרויער-שטיבעל אַ משך פון אַכט טעג; מ'פלעגט איהם טראָגען עסען און טרינקען, פון דרוי-סען פלעגט ברענגען אַ פייער, און די אבלים פלעגען טאַנצען לאַנגזאַם, בעגלייט פון זינגען און מוזיק. דעם מת פלעגט מען מקבר זיין ביי-נאַכט, און מ'פלעגט איהם מיטגעבען אין קבר שפייז, כלי-בית, זיינע פערד און משרתים, וועלכע פלעגען בעגראָבען ווערען לעבעדיגערהייד. אין ערשטען יאָהרהונדערט נ. ק. האָט מען אָנגעהויבען מקבר זיין אַנשטאָט די פערד און משרתים — זייערע לייהמענע פיגורען אין דער נאַטירליכער גרויס. לויט דער קבורה-צערעמאָניע פון שינטאָ, וואָס פראַקטיצירט זיך יעצט, פערמאַכט מען די נשמה פון מת אין אַ הילצערנער קעסטעלע, „דאָס הויז פון דער נשמה".

און מ'שטעלט זי אויפ'ן היילינגען קאמי-טאוועל, כדי מתפלל צו זיין צו איהר. ביי דעם טרויער-שטיבעל געפינען זיך א פאר בנינים אויף חתונות און קינדער האבען. — לויט דעם ריינינגונגס-געזעץ, מוז א אונריינע פרוי (נדה) עסען און שלאפען אויסער דער פאמיליע. — רויט און ווייס זענען היילינגע קאלירען, 8—א היילינגער ציפער.

---

## פיערטעס קאפיטעל.

# די מצריים.

### § 1. די געטער פון דער פאלקס רעליגיע.

„אין שלום זענען אלע געטער פון הימעל, אלע געטער פון דער ערד און וואסער; אין שלום זענען אלע געטער פון דרום און צפון, אלע געטער פון מזרח און מערב; אין שלום זענען אלע געטער פון געביטען און אלע געטער פון שטעדט”. דיזער חאראקטעריסטישער טעקסט, וואס מיר לייענען אויף די פיראמידען, ווייזט, ווי ווייט די מצרים זענען געוועהנט געווען אומעטום צו זעהען געטער. די געטליכע נאטור, דער געטליכער סוד איז פערשפרייט אויף דער גאנצער וועלט. די פלאנעטען, וואס געהען שטענדיג מיט זייער רעגולירטען מארשרוט, די ערד אונזער שפייזערין און דער מיסטישער וואוילטעטיגער נילוס — אלע זענען שטארקע געטער, אהן וועמענס הילף מ'קאן ניט אויסקומען. די פאלקס-פאנטאזיע האט אנגעפילט די מדבריות מיט לעגענדאריש-מורא'דיגע בעשעפענישען, מיט ספינקסען און געפליגעלטע לייבען און האט געהערט געטליכע שטימען אין גערויש פון די רייכע פלאנצונגען. די פערצייטיגע מצרים זענען געווען שארפע בעאבאכטער פון דער נאטור, זיי האבען בעמערקט די טבע פון יעדער חיה און האבען פיעל בעשעפענישען פערגעטערט. אפילו די מתים-וועלט איז פול געווארען מיט שדים און געטער אין מענשליכע און טיערישע געשטאלטען. די בוימער, די חיות, די מענשען, זאגאר די געביידעס, זענען געווארען פערקערפערונגען פון געטליכע קרעפטען.

די פאלקס-רעליגיע אין מצרים איז געווען, ווייזט-אויס, פון אנהויב א אמונה פון פעטישען און רוחות, וועלכע די ציוויליזאציע האט שפעטער

אידעאליזירט, ניט־ענדערענדיג זייער הויפט־כאראקטער, ביז'ן קריסטענטום. פיעל חיות, ווי קעץ און שפארבערס, זענען געווען הייליג אומעטום; אנדערע, ווי קראקאדילען און נילוס־פערד, זענען געווען פערגעטערט אין געוויסע געגענדען און פערשאלטען אין אנדערע ערטער. אויסער דיזע פערהייליגטע סארטען חיות, זענען געווען אויך ספעציעלע בעשעפענישען, וועלכע האבען פערקערפערט געוויסע געטער אין האבען געהאט טעמפלען, כהנים, ימים־טובים און ז. וו. בעזונדערס בעקאנט זענען דער אקס אפיס אין מעמפיס, מנעוויס דער הייליגער אקס פון גאט רא אין העליאפאליס, און דער באק פון אזיריס און מענדעס. אזוי האט מען פערעהרט אויך דעם הייליגען פויגעל בענו אלס פערקערפערונג פון אזיריס'ס נשמה.

דער ארטיגער גאט איז געזעסען אין זיין טעמפעל, געבויט אויף זיין טעריטאריום, אויף וועלכען אלע איינוואוהנער האבען געלעבט אונטער זיין שוץ און האבען איהם געצאהלט א מין צינז פון פערעהרונג. ער האט ניט מקפיד געווען, ווען מען האט דערביי פערעהרט נאך אנדערע געטער. בעת א טייל שטאדט־לייט האבען אויסגעוואנדערט און געגרינדעט ערגעץ א קאלאניע, פלעגען זיי מיטנעהמען דעם ארטיגען גאט מיט זיין קולט און איהם פערפלאנצען אין דעם נייעם פאטערלאנד; אויף אזא אופן האבען זיך אפטמאל לאקאלע אמונות פערשפרייט אין וויטע לענדער אין דער פאר־היסטארישער צייט. בעת פיעל געביטען האבען זיך פעראייניגט אין איין מלוכה, פלעגט דער ארטיגער גאט פון דער הויפט־שטאדט פערשפרייטען זיין ממשלה אויף דער גאנצער מדינה. דער ארטיגער גאט פון דעם ראיאן, פון וואנען דער קעניג שטאמט, פלעגט אויך בעקומען א געוויסע חשיבות. די טעמפלען פון פטאה אין מעמפיס, פון זון־גאט אין העליאפאליס און פון אזיריס אין אבידאס זענען געווען שטארק געהערט אין גאנץ מצרים; דאגעגען פלעגען די מלכים ניט מאכען קיין גרויסען ווזען פון די קליינע, ארטיגע טעמפלען, און רעמסס II האט זיך, למשל, ערלויבט צו צושטערען אזעלכע טעמפלען כדי צו בויען פון דעם מאטעריאל טעמפלען פאר זיינע בעליעבטע געטער. אפטמאל האט די מיטאלאגישע לעגענדע פערוואנדעלט דעם ארטיגען גאט אין אנאציאנאלען, ווי ס'האט פאסירט מיט אזיריס און אמאן־רא.

דער ארטיגער גאט האט אפט פארגעשטעלט א געוויסע ערשיינונג פון דער נאטור; אנהור, טום, און הארוס פון ענדפו זענען, למשל, זון־געטער; סעט, אמאן און מין — ערד־געטער; קנומו, הארשעפיטו און אזיריס — נילוס־געטער, און האטאר איז געווען א הימעל־גאט. געוויסע געגענדען האבען געהאט פאר בעשיצער געטער אהן נעמען אדער געטינס. פיעל געטער,

ווי, למשל, פֿון זון, לבנה, הימעל, ערד, נילוס, זענען געווען פֿערעהרט אין גאַנץ מצרים. די שטערן האָבען, ווייזט־אויס, אויך געהאַט אַ שייכות מיט'ן פֿאָלקס־קולט, ווי געוויסע געטינס פֿון שניט, געבורט און ד. ג.

דער זון־גאָט רא האָט ניט געוואוינט אויף דר'ערד, ווי די לאָקאַל־געטער; ער פֿאָהרט־אַרום אויפֿ'ן הימעל אין זיין שיפֿעל, און אַלס וואוילטעטער פֿון דער גאַנצער נאַטור און הער פֿון דער צייט, שענקט ער לעבען און שיצט מצרים. רא איז דאָס ליכט, וואָס פֿערניכטעט דאָס פֿינסטערניש און קעמפֿט אַלע טאָג מיט'ן שלאַנג פֿון די וואָלקענס אַפּאָפּיס; אַלע פֿאַר־נאַכט ווערט ער אויס פֿערוואונדעט און אויף מאָרגען ערשיינט ער ווידער לוסטיג — אַלס זיעגער. לויט דער לעגענדע איז רא געווען דער ערשטער קעניג אין מצרים און אויף דער עלטער האָט איהם אַ שלאַנג אַ ביס געטהון. די געטין איזיס האָט ניט געוואָלט אָבטרייבען דעם גיפֿט, כל זמן ער וועט איהר ניט אויסזאָגען זיין נאָמען און וועט ניט אָבגעבען זיינע ביידע אויגען, די זון און די לבנה, דעם גאָט האָרוס.

אַ זון־גאָט איז אויך געווען טום, דער הערשער פֿון אָן (העליאָפּאָליס) אין ניעדער־מצרים, וואו ס'האָט זיך ענטוויקעלט די זון־טעאָלאָגיע, וועלכע האָט בעקומען אַזאַ גרויסען איינפֿלוס אין מצרים. מיט רא האָט זיך פֿערבונדען אין דער צייט פֿון דער מיטעל־אימפּעריע דער גאָט פֿון טהעבעס, אַמאָן. בעת טהעבעס איז געוואָרען די הויפּט־שטאָדט פֿון דער ניי־געגרינדעטער אימפּעריע, האָט מען אַמאָן־רא פֿערעהרט אין גאַנץ מצרים, און די טעאָלאָגען האָבען פֿון איהם געמאַכט אַ פּאַנטעאיסטישען גאָט. ער האָט זיך פֿערקערפּערט אין אַ הייליגען באַראַן און זיינע טעמפּעלען האָבען אָנגעפֿילט אפילו סוריע און נוביע, וואו די טהעבישע קריעגער האָבען איהם פֿערטראָגען. רעמסס דער דריטער אַליין האָט אויסגעבויט פֿינף־און־זעכציג טעמפּעלען צו דיעזען גאָט און ניין פֿון זיי אין אויסלאַנד. דער קעניג האָט זיך גערעכענט פֿאַר אַ זוהן פֿון רא און זיין פֿאָרשטעהער אויף דר'ערד; מ'האָט איהם פֿערגעטערט נאָכ'ן טויט, און אין אַלטע צייטען, ווייזט־אויס, אויך לעבעדיגער־הייד. די אמת'ע געטער הייסען „גרויסע", און דער קעניג — „גוטער גאָט". אוזירטעזען III, וואָס האָט איינגענומען נוביע האָט איינגעפֿיהרט דעם פּרעה־קולט זאָגאַר ביי די אונטערטעניגע באַרבאַרען און אַמענאָפֿיס III האָט איהם נאָכגעאַהמט, בויענדיג פֿאַר זיך אַליין אַ טעמפּעל אין נוביע און פֿאַר זיין מלוכה — אין סעדיינגאַ. אויסערדעם איז געווען אין מצרים אַ אונצעהליגע מענגע פֿון אָרטיגע און אַלגעמיינע געטער און געטינס פֿון רוחות און שדים. פֿון די געטער, וואָס האָבען געהאַט אַ נאָהענטע שייכות צום פּראַקטישען לע־

בעז, קאן מען רעכענען נעפער און נעפרים, תבואה-געטער; מאסקאנים, די מכשפה, וואס איז ממונה אויף געבורט; רענוט די געטין, וואס בעשיצט דעם ניי-געבוירענעם קינד און די הויז-שלאנג, וואס בעקומט אלע טאג קרבנות.

בעת מצרים איז געקומען אין פערבינדונג מיט דרום-אפריקא און אזיע, האט זי איבערגענומען פון דארטען נייע געטער, וואס האבען אבער ניט געהאט קיין גרויסען איינפלוס אויף איהר טעאלאגיע. די געטין ניים, למשל, שטאמט פון ליביע, דער גאט דודון — פון נוביע, דער קטורת-גאט בעס — פון סאמאלים-ברעג. די סעמיטישע געטער בל, עשתרות און רעשעף האבען אויך בעקומען א גרויסע חשיבות אין מיטען פון דער נייער אימפעריע. דאסועלבע האבען די מצרים פון זייער זייט פערשפרייט זייערע געטער אין די איינגענומענע לענדער, ניט ענדערענדיג זייער טעאלאגיע.

אויף ווי ווייט דאס יודענטום איז בעאיינפלוסט געווארען פון דער מצריישער אמונה — איז שווער צו וויסען. די ביבלישע ערצעהלונגען פון מצרים שטימען זעהר גוט מיט'ן חאראקטער פון דיעזען לאנד און די אויסגראבונגען פון נאוויל בעשטעטיגען טיילווייז די מעשה פון יציאת-מצרים; מיר ווייסען אבער ניט, וואס דאס יודענטום האט געליהען פון מצרים. — אין די העלעניסטישע און רוימישע פעריאדען, בעת די נאציאנאלע ציוויליזאציע פון מצרים איז געקומען צו א ירידה, האבען זיך אין אייראפא פערשפרייט פיעל רעליגיעזע אידעען פון מצרים, בעזונדערס דער קולט פון איזיס; דיעזע אידעען האבען אבער ניט געהאט קיין דויערענדע ווירקונג.

## § 2. דער טויט, די קבורה און יענע וועלט.

די מצרים האבען שטארק געווארט פאר'ן שיקזאל פון די מתים און האבען אונז געלאזען א גרויסע ליטעראטור וועגען קבורה-מנהגים און יענע וועלט, — חאטש דאס „בוך פון די מתים" און די אויפשריפטען אויף די פיראמידען זענען אפט אונפערשטענדליך. דער מת פלעגט ווערען באלזאמירט כדי ער זאל ניט פוילען; די געדערים און אנדערע וויכטיגע טיילען פון קערפער פלעגט מען שטעלען אין וואזען אונטער דער בעשיצונג פון געוויסע געטער, און דעם איינבאלזאמירטען קערפער פלעגט מען בעהאלטען אין גרויסע פרייע קברים. אנשטאט דאס הארץ פלעגט מען אריינלעגען א שטיינערנע פליג, נאכהער פלעגט מען ארומלעגען דעם קערפער מיט קמיעות, איינטונקען איהם אין נאטראן און פעך און גוט איינוויקלען אין וואלענע טיכער.

די מומיע פֿלעגט מען אַרײַנלעגען אין אַן אַראָן פֿון שטיין, האָלץ אָדער קאַרטאָן, וועלכען מ'פֿלעגט אַמאָל אַרײַנטהון אין אַ צווייטען אָרון, באַפּוצט מיט טעקסטען און בילדער. די קרובים און פֿרײַנד פֿון מת פֿלעגען איהם בעגלייטען צום קבר, די פּראָצעסיע פֿלעגט דערבײַ טראָגען אַלע כלים פֿון קבר און הינטען פֿלעגען געהן די קלאָגערקעס מיט די גלחים. די שטעדט, וואָס זענען געבויט אויפֿן מזרח-ברעג פֿון נילוס, פֿלעגען דאָס רוב מאַכען דעם בית-עלמין אויף יענער זײַט טײַך, און די לויה האָט זיך געמוזט איבערשיפֿען איבערן שטראָם. די קבורה-צערעמאָניעס פֿלעגען געפֿײַערט ווערען אין פֿאָדער-זאַל פֿון קבר, אָדער בײַ דער טיהר. מען פֿלעגט אויפֿפֿיהרען אַ דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונג פֿון דער לעגענדאַרישער ערצעהלונג, לויט וועלכער די געטער איזיס, נעפֿטיס, האָרוס און אַנוביס האָבען אויפֿגעלעבט נאָכ'ן טויט אָזיריס'ן, וואָס ס'קען דיענען פֿאַר אַ ראיה אויף תחית המתים. די בעגלייטער פֿון מת פֿלעגען דערבײַ שפּיעלען די ראָלע פֿון אַקטיאָרען. דערנאָך האָט מען מטהר געווען די מומיע אָדער סטאַטוע פֿון מת, מקריב געווען צוויי אָקסען און אָבגעגעבען דער מומיע דאָס האַרץ און דעם הינטער-חלק. און דאַן הויבט זיך אָן די ווילטיגע צערעמאָניע פֿון „עפֿענען דאָס מויל און די אויגען", וועלכע גיט דעם מת די מעגליכקייט צו געניסען פֿון די קרבנות. דעם מת פֿלעגט מען נאָכהער אַרײַנטראָגען אין אינווענייגסטען צימער אויף אייביגער רוה און אין פֿאָדער-זאַל פֿלעגט געמאַכט ווערען דער לעצטער מאָלצײַט, אין וועלכען דער מת האָט כלומרשט אַנטייל גענומען.

די קברים, אָדער די „אייביגע הײַזער" זענען געשטאַנען צוזאַמען אויף אַ ברייטען בית-עלמין-פּלאַץ, וועלכער איז געלעגען אין מערב-זײַט פֿון שטאָדט, וואו די זון פֿערגעהט אין אַנאַנדער וועלט. דאָרט, וואו דאָס לאַנד איז ענג אויסגעדריקט פֿון נילוס און די אַרומיגע בערג אין הויך-מצרים, למשל, זענען די קברים געווען אויסגעהאַקט אין פֿעלז, כדי דאָס וואַסער זאָל ניט שאַדען. פֿון די עלטסטע קברים זענען בעקאַנט די פּיראַמידען אין דרום-זײַט פֿון מעמפֿיס. די פֿערצײַטיגע מלכים האָבען אָנגעלעגט די דאָזיגע מוראדיגע בערג שטיינער אויף זייערע קברים, כדי זייער אייביגע רוה זאָל ניט געשטערט ווערען. די געוועהנליכע קברים, אָדער מאַסטאַבאַס, פֿון יענער צײַט, בעשטעהען דאָס רוב פֿון דרײַ טייל: אַ פֿאָדער-זאַל, געפּוצט מיט אויפֿשריפֿטען און אַ מזבח, וואָס שטעהט אָפֿען פֿאַר'ן עולם; אַ קליין צימערעל מיט די סטאַטועען פֿון מת און אַ צימער פֿאַר'ן אָרון טיעף געגראָבען אונטער דר'ערד, וואוהין ס'פֿיהרט אַ געהיימער אַנצוגענגליכער פֿאַר

ציִמער. צו די מעבעל פֿון קבר האָבען געהערט אַ פּאָר שיסלען אויף וואַסער און אייניגע סטאַטועען פֿון דעם מת'ס משרתים. די קברים פֿון דער מיטעל-אימפּעריע זענען געבויט אין באַרג מיט גרויסע גאַלעריען. אָפֿטמאָל איז דער פֿאָדער-זאַל געבויט פֿון ציגעל; רייכע מענשען פֿלעגען מאַכען אייניגע גרויסע זאַלען אין זייערע קברים. אין דער נייער אימפּעריע זענען די טהעבעשע קברים געווען זעהר רייך געפּוצט און מעבלירט מיט שטוהלען און בעטען, געוועהר, פּאַפּירוסען אא"וו. אין אַנדערע קברים האָט זיך געפֿונען אַ קליין שיפֿעל מיט אַ גאַנצען פּערסאָנאַל פֿון הילצערנע פּופּעס, וואָס ס'ווייזט אויפֿ'ן מת'ס איבערשיפֿען זיך אין יענער וועלט.

די אָרימע-לייט האָבען, פֿערשטעהט זיך, ניט געהאַט בכח צו צאָהלען פֿאַר אַן אָנשטענדיגען קבר מיט מעבעל און פֿאַר די באַלזאַמירונג-צערעמאָניעס, און אַזוי ווי די איביגקייט פֿון מענשען איז געווען פֿערבונדען מיט דיזע צערעמאָניעס, האָבען צו איהר זוכה געווען נאָר די רייכע, די אָרים-סטאַקראַטען. אַנ'אָרימען מת פֿלעגט מען איינטונקען אין נאַטראָן, איינוויקלען אין אַ טוך און בעגראָבען איינפֿאַך אין דער זאַמדיגער ערד, אָדער ערגעץ אין אַנ'אַלטען קבר. די לעבעדיגע פֿלעגען אַלטמונג געבען אויף די קברים פֿון זייערע פֿערשטאָרבענע קרובים, און אַז אַ פֿאַמיליע פֿלעגט אויס-שטאַרבען, פֿלעגען איהרע קרובים בלייבען הפקר, איבערהויפּט ווען זיי האָבען זיך געפֿונען אויסער דעם בית-עלמין, וואָס שטעהט אונטער דער השגחה פֿון דער אַדמיניסטראַציע. אויפֿ'ן בית-עלמין אין טהעבעס זענען געווען געבויט גרויסע אַלגעמיינע קברים, וואו יעדער האָט געקאָנט קויפֿען אַ פּלאַץ. אין די גרויסע ימים-טובים פֿלעגט מען מקריב זיין צו די מתים און מתפּלל זיין פֿאַר זייערטוועגען. די בעזוכער פֿלעגען זאָגען די תפילות, וואָס זענען געווען אויסגעקריצט אויף די מצבות און האָבען געהאַט אַ כח צו שענקען דעם מת פֿון קבר טויזענדער לאַבענס ברויט, טויזענדער קריג ביער און אַנדערע נויטיגע זאַכען. רייכע מענשען פֿלעגען לאָזען אַ קרן-קימת אויף אויסהאַלטען אַ ספּעציעלען גלח, וואָס זאָל נאָך זייער טויט שטענדיג אַכטונג געבען אויפֿ'ן קבר און אָבהיטען פֿאַר זיי די נויטיגע מתים-צערעמאָניעס.

לויט די מצרים בעשטעהט דער מענש פֿון אַ גוף, אַ נשמה, אַ שאָטען, אַ נאָמען און אַ „דאָפּעלט געשטאַלט", וואָס הייסט קאַ. דיזע געשטאַלט ווערט געבאָרען מיט'ן מענשען, בעגלייט איהם אומעטום, און בלייבט לעבען נאָך זיין טויט, אויב דער קערפּער ווערט ניט פֿערניכטעט. צוליעב דעם באַלזאַמירט מען דעם מת, מ'גרייט-אָן סטאַטועס מיט זיין ריכטיגער געשטאַלט

און מ׳רופֿט דעם קבר: „דאָס הויז פֿון קאַ״. דער קאַ קאָן נאָכ׳ן מענשענס טויט-שטאַרבען פֿון הונגער און דאָרשט אָדער זײַן געצוואונגען פֿון נויט אַרומצובלאָנדזשען צווישען די לעבעדיגע; דאַרום האָבען זיך די מצרים בעזאָרגט מיט קמיעות געגען אַזעלכע געשפּענסטער און די קינדער פֿון מת האָבען געשפּײַזט זײַן קאַ, כּדי ער זאָל זײַן רוהיג. דער גאַנצער מת-קולט איז געווען געווידמעט צום קאַ און פֿאַר איהם איז אויך געווען בעשטימט דאָס מעבעל פֿון קבר. אַ געוויסע תּפילה האָט געקאָנט דורך אַ כּשוף-קראַפֿט בעזאָרגען דעם קאַ מיט זײַנע אַלע הצטרכות׳ן און מאַכען די אײַנגעמאָלטע מעבעל-שטיקער אויפֿ׳ן וואַנט פֿון קבר, פֿאַר ווירקליכע כּלי-בית.

די עקזיסטענץ פֿון מענש איז אויך געווען פֿערבונדען מיט זײַן נאָמען, וואָס בלײַבט אין זכרון פֿון די קומענדע דורות און איז אויסגעקריצט אויף דער מצבה; אָבמעקען אַזאַ נאָמען האָט זיך גערעכענט פֿאַר אַ גרויסע זינד. די נשמה אָדער באַ נעהמט-אָן אַ פֿאָרם פֿון אַ פֿויגעל אָדער אַ הײַשעריק און פֿליהט-אַוועק נאָכ׳ן טויט צו די געטער אין הימעל; זי בעזוכט אָבער אַמאָל דעם קבר. דער מת געהט אַרײַן אין קעניגרײַך פֿון גאָט אָזיריס אָדער אין „די פֿעלדער פֿון יאַלו״, אַ גן-עדן אויפֿ׳ן עגיפּטישען שטײַגער. דורך פֿרוכטבאַרע פֿעלדער פֿליסט דאָרט דער נילוס מיט אַ סך קאַנאַלען, די תּבֿואה דערגרייכט זיבען איילען די הויך און דער מת דיענט דאָרט אָזיריס׳ן אַזוי ווי ער האָט בײַם לעבען געדיענט פּרעה׳ן. ווערט איהם די אַרבײַט צו שווער, העלפֿען איהם די קליינע האָלץ-און פּאָרצעלײַ-פֿיגורען, וואָס מען גיט איהם מיט אין קבר. דער מת שיפֿט זיך אַריבער אויף אַ פּאַראָם אין יענער וועלט, וואָס געפֿינט זיך אין מערב-זײַט פֿון דער הייליגער שטאָדט אַבידאָס. מען פֿלעגט אָפֿט פֿיהרען אַהין די מומיעס פֿאַר׳ן מקבר זײַן זיי און די גאַנץ-פֿרומע פֿלעגען פֿאָהרען פֿון גאַנצען לאַנד און אַבידאָס בעשטעלען זיך אַ קבר נעבען אָרט, וואו אָזיריס איז בעגראָבען. דאָס גליקליכע לעבען פֿון מת נאָכ׳ן טויט ווערט געזיכערט איבערהויפּט דורך כּשוף-צערעמאָניעס; פֿונדעסטוועגען האָט זײַן מאָראַלישע אויפֿפֿיהרונג בײַם לעבען אויך אַ געוויסע ווירקונג אויף זײַן איבּיגקײַטס-שיקזאַל, און אין „בוך פֿון די טויטע״ ווערט אָפֿט דערמאָהנט, אַז דער מת שטעהט פֿאַר אַ בית-דין של מעלה פֿון געטער, וואָס וועגט זײַן האַרץ. אין טהעבּישע טעקסטען רעדט זיך וועגען אַ גיהנום, וואו מתים ווערען שרעקליך געפּײַניגט, איבערהויפּט, ווען זיי האָבען ניט אָבגעהיט די נויטיגע צערעמאָניעס. די נשמה פֿון מת האָט אויך געדאַרפֿט בכח מגולגל צו ווערען אין געוויסע חיות, ווי אַ בעגולטער שפּאַרבער, אַ הייליגער באַראַן, אַ קראָקאָדיל און ז. ח.; דיעזער גלגול איז אָבער ניט בעטראַכט

געוואָרען אַלס אַ שטראָף, ווי ביי די אינדיאַנער און אין דער לעהרע פֿון די פּיטאַגאָרעער, נאָר פֿאַר אַ פּריווילעגיע, וואָס גיט דעם מת די מעגליכקייט צו פֿעראייניגען זיך מיט די פֿערגעטערטע חיות.

## § 3. טעאָלאָגיע און וועלט לעהרע.

די טעאָלאָגיע האָט פֿעראייניגט אין איין סיסטעם די פֿערשיעדענע אָרטיגע און אַלגעמיינע אמונות, צו וואָס ס'האָט אויך געפֿיהרט די פּאָליטישע פֿעראייניגונג פֿון מצרים. דערביי האָט די טעאָלאָגיע אידעאַליזירט די אַלטע אמונות, אַריינלעגענדיג אין זיי אַ נייעם אינהאַלט און צופּאַסענדיג זיי צום פּראָגרעס פֿון די רעליגיעזע אַנשויאונגען. די שפּעטערע טעאָלאָגען האָבען איבערגעמאַכט די אַלטע דאָקומענטען, וועלכע זענען דאַדורך אָפֿט געוואָרען אונפֿערשטענדליך פֿאַר אונז. פֿערשיעדענע טעאָלאָגען האָבען, אמת, געשטרעבט צו מאַכען די אָרטיגע געטער און אמונות פֿון זייערע טעמפּלען פֿאַר'ן צענטער פֿון דער רעליגיאָנס-לעהרע אין מצרים; מנצח געווען האָט אָבער די טעאָלאָגישע שולע פֿון העליאָפּאָליס, וואָס האָט זיך איינגעגעצען געפֿינען אונטער'ן איינפֿלוס פֿון דעם זון-קולט.

די טעאָלאָגיע האָט פֿון יעדען סאָרט געטער (געטער פֿון זון, ערד, מתים, נילוס, און אַ.), געמאַכט איין גאָט און ענדליך איז פֿון אַלעמען געוואָרען איין זון-גאָט. יעדער גאָט האָט אָפֿט פֿאָרגעשטעלט דריי-פֿאַך: אַלס פֿאָטער, מוטער און זוהן. די געטינס ווערען געוועהנליך פֿאָרגעשטעלט אין געשטאַלט פֿון אַ קוה. די געטער קומען אין פֿערבינדונג מיט די הויפּט-שטערען; אָריאָן, למשל, מיט אָזיריס, סיריוס מיט איזיס, סאַטורן מיט הורוס, מערקור מיט סעט, אָדער טיפֿאָן.

יעדער אָרטיגער גאָט איז אויך דער שעפֿער פֿון דער וועלט אויף אַ געוויסען שטייגער. קנום, למשל, האָט געמאַכט, ווי אַ טעפּער אויף זיין רעדל דאָס איי פֿון דער וועלט, פֿון וואַנען אַליך איז נאָכהער אַרויס; פּטאַה פֿון מעמפֿיס האָט בעשאַפֿען די וועלט ווי אַ מויערער אין אַרכיטעקט; נייט פֿון סאַאיס האָט געוועבט די בריאה, ווי אַ וועבערין. ווי פֿיעל אַנדערע פֿעלקער, האָבען די מצרים געגלויבט, אַז די וועלט איז בעשאַפֿען געוואָרען פֿון וואַסער. לויט איין נוסח, האָט זיך דער שליים פֿון נילוס אָנגעהאַרעכט פֿון דער זון און האָט אַרויסגעגעבען פֿון זיך מענשען, חיות און פֿלאַנצונגען. לויט אַן אַנדער אַנזיכט, האָבען די טרעהרען פֿון די געטער אַרויסגעבראַכט

אלע לעבעדיגע בעשעפעניששען. טהאַט, דער אָרטיגער גאָט פון הערמאָפּאָ-
ליס, האָט בעשאַפען די וועלט בלויז מיט זיין וואָרט. דאַרין ליעגט שוין
אַ העכערער בעגריף פון דער געטליכער מאַכט; מיר מוזען אָבער מודה זיין,
אַז חאָטש די העכערע טעאָלאָגיע פון די גלחים האָט אָנגעהויבען גאַנץ פריה
צו סימבאָליזירען די מצריישע רעליגיע און אַריינצולעגען אַ גייסטיגען אינ-
האַלט אין די נאַרישע מנהגים — איז דאָך דיעזע רעליגיע געבליבען אין גרונד
„אַנימיסטיש", ד. ה. אַ רעליגיע, וואָס האָט צו טהון איבערהויפּט מיט
רוחות און כשוף.

---

## § 4. קולט און מאָראַל.

דער קולט איז בעשטאַנען אין בעזאָרגען דעם אָרטיגען גאָט מיט
שפּייז, קליידונג און אַנדערע הצטרכות. מ'דאַרף וואַשען דעם קערפּער פון
געץ, וואָס שטעלט איהם פאָר, פאַרבען זיינע ברעמען און איהם פרעהליך
מאַכען מיט געזאַנג אין פּראָצעסיעס אין טעמפּעל, וואו ער זיצט ווי אַ הער-
שער פון דער געגענד. אַלע הוצאות פון קולט פלעגט דעקען די געמיינדע,
און שפּעטער די מלוכה-קאַסע. די רעגירונגס-בעאַמטע און דער קעניג זענען
צוגלייך געווען אויך גלחים.

דער טעמפּעל איז בעשטאַנען פון אַ קליין פינסטער צימער, וואו
ס'האָבען זיך געפונען די געשטאַלט פון גאָט און זיין היילינגע חיה. אַהין איז
מען אַריינגעקומען דורך אַ פאָדער-זאַל, וואָס איז געווען בעלויכטען מיט
קליינע פענסטערלעך אונטער'ן דאַך. דיעזער זאַל האָט אָפט פאָרגעשטעלט
די וועלט, זיין באַלקען איז געווען געציערט מיט שטערען און די באַלקענס
האָבען אויסגעזעהען ווי פלאַנצונגען. ביים אַריינגאַנג זענען געשטאַנען צוויי
טורעמס. וועלכע זענען פון אָנפאַנג געווען בעשטימט צו שיצען דעם טעמ-
פּעל. מ'האָט זיי אַרומגעשטעלט מיט פאָהנען, גרויסע סטאַטועען און זיילען.
די גרויסע טעמפּלען, ווי אין קאַרנאַק, זענען געווען אַרומגערינגעלט מיט
הויפען, פערשיעדענע גרויסאַרטיגע געביידעס און אַלעען, צווישען צוויי
שורות ספינקסען, וואָס פיהרען צו אַנדערע טעמפּלען. אין אינעווייניגסטען
הויף האָט מען מקריב געווען קרבנות און ימים-טובים פלעגען דאָרט
פאָרקומען פייערליכע פּראָצעסיעס מיט די היילינגע בילדער. אין טעמפּעל
אַליין האָבען נאָר געמעגט אַריינגעהן דער קעניג מיט די גלחים. פאַר אַ גרויסען
עולם איז אין די הויפען קיין אָרט ניט געווען, ווייל דער טעמפּעל, אָדער

„גאָטס הויז איז געווען איבערהויפּט בעשטימט פֿאַר גאָטס וואוינונג, פֿאַר די הייליגע כלים און די אוצרות.

די גלחים, וואָס האָבען געהאַט אַ גרויסען איינפֿלוס אויף מצרים, זענען ניט געווען אַזאַ פֿערשלאָסענע קאַסטע, ווי מ׳שטעלט זיך פֿאָר. אויסער די פּריוויליגע גלחים פֿון די אַריסטאָקראַטען און רעגירונגס-בעאַמטע, זענען אויך געווען פּראָפֿעסיאָנעלע שמשים, וואָס האָבען אַלע טאָג בעדיענט דעם טעמפּעל. די בעל-קריאה׳ס, אָדער קער-העבּוס זענען געווען געלערענט אין די דינים פֿון געזעץ און האָבען געקאָנט דורך אַ לחש בעצויבערען די געטער און ווייזען מופֿתים אויף הימעל און ערד. אין משך פֿון דער נייער אימפּעריע האָט זיך די פּראָפֿעסיאָנעלע כהונה זעהר ענטוויקעלט. די טעמפּלען זענען אומגעהויער רייך געוואָרען און די גלחים האָבען בעקומען אַ גרויסע מאַכט, זיי האָבען זיך אָנגעהויבען מישען אין פּאָליטיק און זענען געוואָרען שעדליך פֿאַר דער רעגירונג. די גלחים האָבען זיך דאַן געטיילט אין געוויסע מדרגות. אין קולט פֿון אַמאָן-רא זענען געווען, למשל, אַ נביא אָדער „גאָטס קנעכט", „אַ געטליכער טאַטע" און אַ „ריינער" פֿון געוויסע גראַדען. אויסער די פּראָפֿעסיאָנעלע גלחים האָבען זיך בעטייליגט אין קולט אויך פֿרויען אַלס שפּיעלערינס. דער גלח פֿלעגט אָבגאָלען דעם קאָפּ און פֿלעגט טראָגען קליידער פֿון אַנצאַלטען פֿלאַקס. ער פֿלעגט אָבהיטען מאַסען צערעמאָניעס און שטעלען אַלע טאָג פֿאַר גאָט שפּייז, אָפּטמאָל אויך בלומען. אין געוויסע ימים-טובים פֿלעגען די גלחים אַרויספֿאָהרען איבערן נילוס מיט די געטער. די געטין האַטהאָר פֿון דענדערא פֿלעגט איין מאָל אין יאָהר פֿאָהרען בעזוכען דעם גאָט האָרוס פֿון עדפֿו.

ביים גרינדען אַ נייעם טעמפּעל האָט מען מקריב געווען אַ מענשען, כדי זיין נשמה זאָל נאָכהער בעשיצען דעם בנין. שפּעטער, אין דער צייט פֿון די ראַמעסידען, האָט מען דיעזען באַרבאַרישען מנהג אָבגעשאַפֿט. פֿון אָנפֿאַנג האָט יעדער טעמפּעל בעקומען זיין הכנסה נאָר פֿון די נדבות, וואָס זיינע בעזוכער פֿלעגען מנדב זיין; נאָכהער זענען די געטער ביסלעכווייז געוואָרען בעזיצער פֿון גרויסע נחלאות, וואָס די רעגירונג און רייכע יחידים פֿלעגען זיי שענקען. די רעגירונגס-קאַסע איז פֿון דעם פֿעראָרעמט געוואָרען, און די מלוכה איז געקומען צו אַ ירידה.

מצרים איז געווען זעהר רייך אין ימים-טובים, אַלגעמיינע און אָרטיגע. יעדער טעמפּעל האָט געהאַט זיין לוח מיט לעגענדאַרישע עראייגנונגען וועגען זיין גאָט. ביי יעדער וויכטיגער געשעהעניש — ווי אַ פֿערפֿלייצונג פֿון נילוס, סעזאָן-וועקסעל, דעם קייזער׳ס קרוינונג אָדער געבורטס-טאָג — פֿלעגען

פֿאַרקומען עפֿענטליכע פֿייערליכקייטען. אין דער־וואָכען פֿלעגט דער מצרי אויך פֿיהרען אַ פֿרעהליכען לעבען; ער האָט נאָר געדאַרפֿט בערוהיגען די שלעכטע געטער, די שדים און רוחות פֿון עין־הרע מיט פֿערשידענע קרבנות און מתנות, איז ער שוין געווען זיכער, אַז ס׳וועט איהם קיין בייז ניט געשעהען, און ער קאָן פֿריי געניסען פֿון לעבען מיט אַלע זיינע חושים.

אַ לחש און אַ קמיע האָבען זיך גערעכענט פֿאַר די בעסטע רעצעפּטען געגען אַלע קראַנקהייטען, וואָס קומען איינענטליך נאָר פֿון שדים. דורך אַ געוויסען געטראַנק פֿלעגט מען ברענגען מענשען צו ליעבע, אָדער צו־נעהמען דעם שלאָף ביי אַ שונא. יעדער האָט געטראָגען אַ קמיע, וואָס איז בעשטאַנען פֿון אַן איינגעוויקעלטען פּאַפּירוס, אויף וועלכען ס׳זענען געווען געשריבען עטליכע משונה׳דיגע ווערטער. די גלחים האָבען גאַנץ ערנסט און גענוי פּותר חלום געווען, און איינינע אויפֿשריפֿטען דערצעהלען אונז, ווי גאָט פֿלעגט זיך ווייזען צו פּרעה׳ן אין שלאָף און מגלה זיין איהם זיין רצון. ס׳זענען געווען גליקליכע און אומגליקליכע טעג, לויט די לעגענ־דאַרישע פּאַסירונגען פֿון די געטער, וואָס זענען געווען פֿערבונדען מיט זיי. אין געוויסע טעג האָט מען זיך ניט געטאָרט וואַשען, הערען פֿרעהליכע געזאַנג, טהון אַן אַרבייט און אַפֿילו אַרויסגעהן פֿון שטוב.

דאָס געפֿיהל פֿון סאָלידאַריטעט, געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג און מאָראַל, איז געווען גוט ענטוויקעלט אין מצרים, ווייל די בעפֿעלקערונג איז געווען זעהר געדיכט בעזעצט און האָט געלעבט געזעלשאַפֿטליך. דער נילוס פֿלעגט אויך אַלעמען גלייך שפּייזען מיט זיין פֿערפֿלייצונג. די געזעצען און דינים פֿון אייגענטום און יושר זענען דאָרט שטענדיג געווען גענוי בעשטימט. דער מת איז זיך מתודה פֿאַר אָזירים׳ן: „כ׳האָב ניט געטהון קיין זאַך, וואָס די געטער געפֿעלט ניט“ — ס׳הייסט: כ׳האָב ניט מחלל געווען קיין שום היילינע זאַך, ניט גע׳גנב׳עט, ניט געזאָגט קיין ליגען, ניט געגעבען קיין פֿאַלשע מאָס, און אַז. וו. די עלטערען, די חכמים און די זקנים זענען געווען זעהר געשעצט. די געשטאָרבענע ריהמען זיך אָפֿט אויף זייערע מצבות, אַז זיי זענען געווען „אַ מאַן פֿאַר אלמנות, אַ פֿאָטער פֿאַר יתומים און אַ שיצער פֿאַר שוואַכע און געדריקטע“.

די פֿרוי איז אין מצרים געווען זעהר געעהרט און אונאָבהענגיג. מ׳האָט, אמת, געמעגט נעהמען עטליכע ווייבער, דער פֿאַל איז אָבער געווען גאַנץ זעלטען; אַ האַרעם האָט נאָר געהאַט דער קעניג. קינדער האָבען זיך גערעכענט פֿאַר אַ ברכה פֿון גאָט, און אַ קינדערלאָזע פּאָר־פֿאָלק — פֿאַר אומגליקליכע מענשען, וואָס נאָכ׳ן טויט וועט קיינער ניט אָבהיטען פֿון

זייערטהוערגען די מתים-צערעמאניעס. די מצרים זענען געוועזען א פראקטישעס פאלק, אהן ראמאנטיק און פאעזיע — א פאלק, וואס זארגט איבערהויפט פאר זיינע ממשות'דיגע אינטערעסען.

## § 5. די רעליגיעזע ענטוויקלונג.

די יסודות פון דער מצרי'שער רעליגיע זענען זעהר אלט. שפעטער האט זי זיך אנגעהויבען ענטוויקלען דורך פאליטישע און גייסטיגע סיבות, און אונטער'ן פרעמדען איינפלוס. די שטארקע מלוכה פון מצרים איז אין משך פון דער צוועלפטער דינאסטיע פערניכטעט געווארען דורך די היקסאס (סעמיטישע פאסטוכער פון אזיע), וואס זענען בעפאלען דאס לאנד. און די אנפאלער האבען אין מצרים פערשפרייט געוויסע רעליגיעזע מנהגים און דעם קולט פון נייע געטער, ווי, סעט, למשל. זיי האבען אבער קיין טיעפען איינדרוק ניט געמאכט אויף דער מצרי'שע טעאלאגיע; אדרבא, די ענטוויקעלטע עגיפטישע ציוויליזאציע האט נאכהער אויף זיי געווירקט. דערפאר, בעת די שטארט טהעבעס האט אויפגעהויבען די בעפרייאונגס-פאהן און האט אנגעהויבען רייניגען דעם מצרים-טהאל פון די „פערפעכטעטע" זיעגער, ביז זי האט זיי פון גאנצען לאנד פערטריבען — איז איהר גאט אמאן-רא נתעלה געווארען צו דער העכסטער מדרגה. דיעזער גאט פון ליכט און לעבען האט מצליח געוועזען אין דעם קאמפף, דעריבער איז זיין קולט געווארען בעזונדערס חשוב און ער האט בעקומען גרויסע מתנות. דורך דעם נאציאנאלען זיעג האט זיך באלד געעפענט איך דער וועג אין אזיע, וואו מצרים האט געהאט נייע נצחונות און האט מיט דעם געריבטען האב און גוטס אזוי רייך געמאכט די טעמפלען פון אמאן-רא, אז זייערע גלחים האבען בעקומען א גאנץ שטארקען איינפלוס אויף דער פאליטיק.

דאס האט, ווייזט אויס, געבראכט דעם קעניג אמענאפיס IV, דעם זוהן פון בעריהמטען זיעגער אמענאפיס III, צו מאכען א רעליגיעזע רעוואלוציע,— א פאל, וואס איז נאר איין מאל פארגעקומען אין דער געשיכטע פון מצרים. די גלחים פון אמאן-רא זענען געווארען א צו-שטארקע און געפעהרליכע מאכט פאר דער רעגירונג, דעריבער האט דער יונגער קעניג זיך גענומען קעמפפען געגען דיעזען גאט און זיין איינפלוס. ער האט אבגעמעקט זיין נאמען פון אלע דענקמעלער, און האט זיין אייגענעם נאמען, אמענאפיס, וואו ס'האט זיך געפונען דאס פערהאסטע ווארט אמאן, פערביטען אויף קונאטאן,

מיהײַסט: „דער גלאַנץ פֿון זון-געזיכט". דער קעניג האָט אױך פֿערלאָזען זײַן אַלטע רעזידענץ-שטאָדט טהעבעס, װאָס איז געװען פֿול מיט טעמפּלען פֿון פֿערהאַסטען גאָט אַמאָן-ראַ און מיט אַ פֿײַנדליכער פֿעלקערשאַפֿט — און האָט פֿערװאַנדעלט עלעאַמאַרנאַ אין אַ גלענצענדע הױפּט-שטאָדט. די קברים-איפּשריפֿטען פֿון דיזער שטאָדט צײַגען אונז, אַז דער קעניג האָט געװאָלט אײַנפֿיהרען אַ מאָנאָטעאיסטישע רעליגיע פֿון זון-גאָט אַטאָן, װאָס איז געװען פֿאָרגעשטעלט נאָר אין אַ געשטאַלט פֿון אַ זון-פֿאָרם מיט שטראַהלען, װאָס ענדיגען זיך אין דער פֿאָרם פֿון הענד. דאָס איז, װײַזט אױס, דערזעלבער זון-גאָט פֿון העליאָפּאָליס, װײַל ער הײסט אױך אַטט רא, אָדער „האָרוס מיט צװײ האָריזאָנטען". כאַראַקטעריסטיש איז דאָס, װאָס דיזע רעליגיעזע רעװאָלוציע האָט אױך געהאַט אַ גרױסע װירקונג אױף דער קונסט, װעלכע איז בעפֿרײַט געװאָרען פֿון די אַלטע, שטאַרע און סטערעאָטיפּ-פֿאָרמען. מ׳האָט אָנגעהױבען מאָלען נאַטירליך און רעאַליסטיש, װי ס׳װײַזען די עכטע פּאָרטרעטען פֿון דעם העסליכען קעניג.

אַמענאָפֿיס IV האָט ניט געלאָזען קײן טראָן-יורש, און אין משך פֿון דער 19-טער דינאַסטיע, װאָס האָט געקעניגט נאָך איהם, איז דער אַלטער נאַציאָנאַלער גאָט אַמאָן-ראַ געװאָרען נאָך שטאַרקער, װי פֿאַר דער רעװאָלוציע. די טעאָלאָגיע האָט אָבער ניט אױפֿגעהערט צו שטרעבען צו רעליגיעזער אײנהײט מיט אַ פּאַנטעאיסטישער שאַטירונג, װאָס שפּיגעלט אָב די געטליכקײט אין אַלע זאַכען און ערשײנונגען פֿון דער נאַטור. די פֿערשידענע קולטען און געטער זענען פֿאַר די העכערע מענשען געװאָרען סימבאָלען פֿון אײן געטליכקײט, און דאָס האָט אָבגעשװאַכט פֿיעל פּראַקטישע מנהגים. דערבײַ האָבען די מלחמות מיט אַזיע געבראַכט אין מצרים טױזענדער סעמיטישע געפֿאַנגענע, װעלכע האָבען פֿערשפּרײט נײַע אמונות און אַרײַנגעטראָגען נײַע שטריכען אין דער נאַציאָנאַלער רעליגיע.

די גלחים פֿון אַמאָן-ראַ זענען װידער געװאָרען אַזױ שטאַרק און רײַך, אַז דער כהן-גדול פֿון דיזען גאָט האָט געקאָנט אױף אַ קורצע צײַט בעזעצען דעם קעניגליכען טראָן. באַלד זענען אָבער געקומען נײַע דינאַסטיעס פֿון צפֿון-מצרים, װאָס האָבען די גלחים אָבגעשטופּט פֿון דער רעגירונג און פֿעריאָגט די קנאים פֿון אַמאָן-ראַ אין עטיאָפּיע. אונטער דער 26-טער סאַיטישער דינאַסטיע האָט מען אָנגעהױבען װידער מחדש זײַן די אַלטע מנהגים, בענײַען דעם קולט פֿון די פֿערשטאָרבענע מלכים און צוריקשטעלען די פּיראַמידען, װאָס שטעהען שױן אַ פּאָר טױזענד יאָהר — אַ פֿאַקט, װאָס װײַזט, װי װײַט דער נאַציאָנאַלער גײַסט פֿון מצרים איז געװען קאָנסערװאַטיװ.

אין יענער צייט איז, ווייזט אויס, אויך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען דאָס הייליגע „בוך פון די מתים“, וואָס בעשטעהט פון פערשיעדענע פראַגמענטען וועגען רעליגיעזע מנהגים און אַנזיכטען בכלל, און מתים-צערעמאָניעס בפרט.

אין דער פערסישער און גריכיש-רוימישער עפּאָכע האָט די מצרי'שע ציוויליזאַציע אָנגעהויבען בעקומען, וואָס ווייטער אַלץ מעהר איינפלוס פון דער פרעמד; די נאַציאָנאַלע רעליגיע האָט זיך פון איהר אָבגעריסען און איז פערגליוערט געוואָרען אין אַלטע לעבענסלאָזע פאָרמען. אויף דער לעבעדיגער שעפּפונג פון לאַנד האָט זי מעהר קיין ווירקונג ניט געהאַט, און פרעמדע געטער האָבען זיך געקאָנט לייכט פערשפּרייטען אין אַלע שטעדט. די מצרי'שע אמונה האָט זיך נאָך פון דעסטוועגען געהאַלטען הונדערטער יאָהרען, ביז דער קריסטליכער קייזער טהעאָדאָסיוס I האָט געמאַכט אין יאָהר 391 נ. ק. א סוף צו איהר שוואַכער עקזיסטענץ. זי איז דאַן פערשוואונדען געוואָרען צוזאַמען מיט דער רייכער סעראַפּעאום-ביבליאָטעק פון גאָט סעראַפּיס אין אַלעקסאַנדריע.

---

זעקסטעס קאַפּיטעל.

# בבל'אנער און אשור'ער.

---

## § 1. פאַר-בעמערקונגען.

די סעמיטישע פעלקער פון צפון, בבילאָניער, אַשורער, אַראַמעער און פיניקיער זענען געווען צווישען זיך נאָהענט פערוואַנדט לויט זייער שפּראַך, זייערע אידעען און זייער רעליגיע. בעת די אַשור—בבילאָניער האָבען אָבער געבראַכט זייערע פּאָליטישע און רעליגיעזע צושטענדען צו איינהייט, זענען די אַראַמעער שטענדיג געבליבען צווייטהט, אָהן א שום פּאָליטישע און רעליגיעזער אחדות. מעהר איינהייט געפינען מיר ביי די פיניקיער, וועלכע האָבען געשאַפען אַנאַלגעמיינעם יסוד פאַר די פערשיעדענע אונאָבהענגיגע פּאָליטישע און רעליגיעזע צענטערס. מערקווירדיג שטאַרק ווייזט זיך ביי זיי אַרויס דער סעמיטישער קאָנסערוואַטיזם; זייער רעליגיע איז געבליבען דיזעלבע, אָהן א שום שייכות צום ים און שיפערי, אפילו נאָכדעם, ווי זיי האָבען זיך בעזעצט אויף די ברעגען פון מיטעל-ים

און האָבען זיך אָנגעהויבען שטאַרק בעשעפֿטיגען מיט'ן וואַסער־האַנדעל.

די שריפֿטען, וואָס מ'האָט ניט לאַנג אויסגעגראָבען אין תל־אֶל־אַמאַרנאַ האָבען אַ נייע שיין געוואָרפֿען אויף דער געשיכטע פֿון דיזע פֿעלקער. מ'האָט געפֿונען בריף, וואָס די הערשער פֿון פּאַלעסטינאַ און די בבילאָנישע מלכים האָבען געשריבען צווישען זיך אין 15־טען יאָהרהונדערט פֿאַר אונזער צייט־רעכענונג. פּאַלעסטינאַ, די פֿיניקישע שטעדט און אַ גרויסער טייל פֿון סוריע האָבען דאַן געהערט צו מצרים; דער בבילאָנישער איינפֿלוס האָט זיך אָבער פֿערשפּרייט אויף גאַנץ פֿאָדער־אַזיע, ווי ס'ווייזט דער פֿאַקט, וואָס די פֿיניקישע הערשער שרייבען בבילאָניש צו זייער קעניג פֿון מצרים. דיזער איינפֿלוס האָט אויך געווירקט אויף דער רעליגיע און די בבלאָנישע געטין איסתר־עשתרות געפֿינט זיך צוגלייך ביי די אַראַמעער און פֿיניקיער. די סעמיטישע רעליגיע, ווי זי ענטפֿלעקט זיך ביי די דריי פֿעלקער, איז ניט געניינט צום מאָנאָטעאיזם, ווי רענאַן זאָגט, נאָר צו אַ פֿיעל־געטערדיגען נאַטוראַליזם. זי צייכענט זיך אויס מיט איהר זין פֿאַר דער אונענדליכקייט, מיט איהר שטרעבען צו איבערנאַטירליכקייט. די גרויסע געטער זענען פֿערעהרט אַלס הימעל־געטער, וואָס צייגען זיך אין די שטערען.

די סעמיטען האָבען שותּפות'ע אויסדריקען אויף צו בעצייכענען די געטער. אל אָדער אילו בעצייכענט די גאָטהייט בכלל, פֿון וועלכער ס'שטאַמען אַלע כּוחות אויף און אונטער דר'ערד. די געטער זענען הערען און מלכים (בעל, מלך אדון, מרנאַ) פֿון הימעל און ערד, פֿון לעבען און טויט. די גאָטהייט ענטפֿלעקט זיך אין די וואוילטעטיגע און צושטערענדע קרעפֿטען פֿון דער נאַטור, און דער מענש איז גאַנץ אָבהענגיג פֿון זיין גאָט, וואָס שענקט איהם אַל'דאָס גוטס און נעהמט עס צוריק, בעת מ'פֿערזינדיגט זיך געגען איהם. אַליץ געהערט צו גאָט, און דער מענש, וואָס וויל איהם צופֿריעדען־שטעלען, מוז זיך אָבגעבען מיט לייב און לעבען, — אַ בעגריף, וואָס האָט געבראַכט צו מענשען־קרבּנות אין סוריע־פֿיניקיע.

## § 2. בבל און זייער רעליגיאָנס געשיכטע.

די טייכען פּרת און טיגער, וואָס פֿליעסען פֿון די אַרמענישע בערג, פֿאַסען איין אין זייער אונטערשטען טייל דאָס פֿרוכטבאַרע לאַנד בבל, וואָס ווערט רייך בעוואַסערט דורך אַ מענגע קאַנאַלען, וועלכע פֿילען זיך אָן ...ערען פֿריהלינג פֿון די אַרומיגע טייכען. נאַכהער קומען אַ הייסע זומער

אין א רעגענדיגער הינטער. דאס לאנד האט בעזעצט א רוהיגעס און אינדוסטריעלעס פאלק, וואס האט פלייסיג בעארבייט די ערד, געבויט בליהענדע שטעדט און ענטוויקעלט קונסט און וויסענשאפט. די אשורער האבען זיך, אמת, מעהר אויסגעצייכענט אין פלאסטישער קונסט (מאלעריי), דערפאר זענען די בבל'אנער ווייטער אוועק פון זיי אין אסטראנאמיע און רעכטס-ארדנונג, און זייער פאעזיע, ווי זייער וועלט-לעהרע, ווייזען א לעבהאפטע פאנטאזיע.

פערשידענע רעשטען פון בבל ערקלערען אונז גענוי איהר געשיכטע זייט פיער טויזענד יאהר פאר אונזער צייט-רעכענונג. די שריפטען, וואס מ'האט געפונען אין די קעניגליכע ארכיוען פון די סרגנידען זענען א רייכע קוועלע פאר דער רעליגיעזע געשיכטע. אסורבאניפאל (669—625 פ. ק.) האט נאכגעאהמט זיינע פארגענגער און קאפירט פאר זיין ביבליאטעק פיער שריפטען פון די טעמפעל-ארכיוען, ווי ביכער פון אסטראלאגיע (שטערען-זעהעריי), כשוף-בעשווערונגען, נבואות, געזאנגען, מזמורים, עפישע פערפאסונגען און פערצייכענישען פון געטער מיט זייערע נעמען און טעמפלען. פיעל ידיעות איבער דער געשיכטע פון בבל האט אונז אויך געגעבען דער היסטאריקער בעראז, א גלח, וואס האט געדיענט אין טעמפעל פון בל אין בבל אין דריטען יאהרהונדערט פ. ק.. דיעזע ידיעות זענען בעשטעטיגט געווארען דורך די קייל-אויפשריפטען און די ביבלישע ערצעהלונגען.

סוף דריטען טויזענד פאר קריסטוס איז גאנץ בבל פעראייניגט געווארען אונטער דער ממשלה פון קעניג האמוראבי, און דאן איז שוין לאנג געענדיגט געווען די רעליגיעזע ענטוויקלונג פון דער מדינה. דער אנפאל פון עילם אין יאהר 2300 און די פרעמדע הערשאפט אין משך פון צווייטען טויזענד, האבען ניט געהאט קיין בעדייטענדען איינפלוס אויף דער בבל'אנישער רעליגיע. דער מנהג צו בעצייכענען די נעמען פון די געטער ניט מיט טאן-אותיות, נאר מיט בילדליכע סימנים (אידעאגראפיש) ווייזט ניט, אז זיי שטאמען פון דער פרעמד, ווייל אזוי פלעגען אויך בעצייכענט ווערען די צוויי הויפט-געטער עא און ניניב. אויסער דעם שטערען-קולט האבען די בבל'אנער אפגעהיט די צערעמאניעס פון גלויבען אין רוחות, וואס אנדערע סעמיטען האבען ניט געקענט.

## § 3. די ענטוויקלונג פון דער בבל'אנישער רעליגיע און די ארטיגע קולטען.

לעבענדיג אין א פרוכטבארען לאנד און א רייכער נאטור, האבען די בבל'אנער פריהער פאר אלץ בעמערקט די הימעלס-ליכטער, וועלכע ברענגען זיי פריך דורכ'ן וועקסעל פון סעזאן און טאג און נאכט. די געטער האבען זיך ענטפלעקט אין דער געשטאלט פון זון און לבנה מיט זייערע בעגלייטער, אבענד-און מארגען-שטערען — וועלכע גיבען ליכט און לעבען. כמעט אלע ארטיגע קולטען זענען געווען געווידמעט צו הימעל-געטער. סיפארא אין צפון, בל פון ניפור, און מארדוק פון בבל זענען זון-געטער; נרגל פון כותא איז אויך געווען פון אנהויב א גאט פון זון-היץ, און נאכהער איז ער געווארען א אונטערערדישער גאט. דאס-זעלבע האבען די איבעריגע געטער געהאט א שייכות צו זון און שטערען, און שפעטער איז און זייער שפיץ אוועקגעשטעלט געווארען אעו, „דער הערר פון די הימלען“.

אין סיפאר, די רעזידענץ-שטאדט פון די ערשטע מלכים אין צפון פון בבל, האט מען פערעהרט דעם זון-גאט שמש אין זיין טעמפעל „דאס הויז פון דער זון“, אין גאנצען משך פון בבל'אנישער געשיכטע. [illegible]מאי-נומענט שטעלט אונז פאר, ווי ער זיצט אויפ'ן טראן; פאר איהם שטעהט א מזבח מיט א גרויסער זון-געשטאלט, און איבער איהם שיינען די לבנה מיט צוויי שטערען. זיין פרוי אא, איז די געטין פון דער מענשהייט, וואס שענקט לעבען. אנאנדער פרוי פון זעלבען גאט איז אנוניט פון סיפאר, די געטין פון פרוכטבארקייט און קריעג. — ניפור איז דער עלטסטער צענטר פון בל-קולט. דאס איז דער גאט פון די לופט-כוחות, וועמען ס'בעדיענען די שדים פון שטורם, און זיין פרוי, בעלטיס, איז די געטין פון דר'ערד. אין דרום פון בבל איז אור געווען א רעליגיעזער צענטר, וואו מ'האט פער-עהרט דעם לבנה-גאט נאנאר, דעם בכור פון בל, „דעם שטארקען אקס פון הימעל“, דעם שעפער. לויט די אלטע סעמיטען האט די לבנה מעהר איינפלוס אויף די צמחים, ווי די זון, וועלכע טריקענט אפט און פערברענט.— פיעל אנדערע צענטרען האבען געהאט ארטיגע געטער און געטינס, וואס האבען געהאט א שייכות צו א געוויסער איינענשאפט אדער נאטור-ערשיי-נונג, ווי העלדענשאפט אין דער מלחמה, פרוכטבארקייט, ערד, וואסער, ליעבע און אז. וו.

## § 4. די געטער און די ווייטערדיגע ענטוויקלונג.

בעת בבל האָט זיך אין דריטען טויזענד פּאָליטיש פֿעראייניגט, זענען אויך פֿערבונדען געוואָרען אַלע געטער, און אין זייער שפּיץ האָט זיך געשטעלט מאַרדוק (מרודך), דער הערר פֿון הימעל, ערד און מענשהייט. נעבען דער אָפֿיציעלער פֿעראייניגטער רעליגיע, וואָס די מלכים און גלחים פֿלעגען פֿיהרען איהרע צערעמאָניעס — זענען אָבער אויך געבליבען די פֿריהערדיגע אָרטיגע קולטען. בעת די איינוואוינער פֿון כּותא האָבען זיך, למשל, בעזעצט אין שומרון, האָבען זיי אַהין געבראַכט זייער אָרטיגען גאָט נרגל, און די איינוואָהנער פֿון ספרוים האָבען פֿערבונדען דעם זון-גלויבען מיט׳ן מולך-קולט.

מאַרדוק איז געקומען צו זיין גדולה דורך דער איניציאַטיווע פֿון די גלחים, וואָס האָבען פֿערשפּרייט זיינע לעגענדעס צווישען פֿאָלק און האָבען צענטראַליזירט זיין קולט, כּדי צו בעקומען אַ מאַכט. דאָס-זעלבע האָבען די גלחים געמאַכט די פּלאַנעטען פֿאַר אַ פֿערקערפּערונג פֿון געוויסע געטער. די זיבען טעג פֿון וואָך האָבען בעקומען נעמען פֿון געטער לויט די פּלאַנעטען, וואָס זיי פֿערקערפּערען: שמש—זון, סין—לבנה, נרגל—מאַרס, נבו—מערקור, מאַרדוק—יופּיטער, איסתאר—ווענוס, ניניב—סאַטורן.

אַ נאָהנטע שייכות מיט דער שטערען-טעאָלאָגיע האָט אויך די לעהרע וועגען די וועלט-שעפּפֿונג, דעם מבול און די בעשווערונג-לעגענדעס. די תפלות, וואָס דיענען אויף בעשווערען די רוחות זענען מעהר ווי די, וואָס זענען געווענדט צו די געטער, אַ פֿאַקט, וואָס ווייזט, ווי ווייט דער גלויבען אין כּשוף און שדים איז געווען טיעף איינגעוואָרצעלט ביים פֿאָלק.

---

## § 5. העכערע געטער.

אין דער ערשטער שורה שטעהען אַנו, בל, עאַ, וואָס זענען פֿריהער געעהרט, אָבער צו הויך, כּדי צו ווירקען אויף דער וועלט דירעקט. אַנו איז דער הערר פֿון די הימלען, און יעדע אַבסטראַקטע געטליכקייט בכלל הייסט אַנותו. פֿיעל געטער שטאַמען פֿון איהם, און אין אַניעת צרה בעקומען די געטער פֿון איהם הילף. ער שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין די לעגענדען, און בעת דער מבול פֿערפֿלייצט די וועלט, ראַטעווען זיך די געטער אין הימעל צו אַנו. — בל איז דער הערר פֿון דער ערד, וואָס גע-

וועלטיגט איבער שטורם און אַלע ערדישע כוחות; ער גיט לעבען און טויט, און פֿון איהם ערהאַלטען די מלכים זייער טראָן. בעת די מענשהייט זינדיגט כעס'ט ער און שטראָפֿט; ער האָט אויך געבראַכט דעם מבול. בעת אום-נאַפּישתּים, דער בבלאָנישער נח, בויט זיין קאַסטען, זאָגט ער צו די שטאָדט-לייט: „בל האַסט מיך, וויל איך מעהר אין אייער שטאָדט ניט וואוינען; אויף בל'ס ערד וועל איך מעהר מיין קאָפּ ניט לעגען". בל כעס'ט, וואָס איין מענש איז נצול געוואָרען פֿון מבול, און די געטער זיי בערוהיגט איהם, אַז פֿאַר די זינדיגע מענשען האָט ער נאָך גענוג אָנשיקעניסען, ווי מגפֿות, הונגער, חיות רעות. בל בעקומט נאָכהער רחמנות אויף אום-נאַפּישתּים מיט זיין ווייב, ער בענשט זיי און בעזעצט זיי אויפֿ'ן „אינזעל פֿון די גליקליכע".

עאַ איז דער גוטער אונטערערדישער גאָט, וואָס זיצט אין די וואַסערען, און מאַכט פֿרוכטבאַרן טייכען פֿון דר'ערד. ער איז צוליעב דעם געוואָרען דער קוואַל פֿון לעבען, דער שעפֿער, וואָס ברענגט שפּראָצונג און בליהונג אויף דער וועלט. די פֿערצייטיגע האָבען געגלויבט, אַז די שאַפֿענדע קראַפֿט, וואָס בעלעבט די נאַטור און אַלע סודות פֿון וואַקסען, זענען בעהאַלטען אין דער טיעפֿעניש פֿון דער ערד; דאַרום זיצט דאָרט עאַ, דער הערר פֿון דער אונבעגרייפֿליכער חכמה, וואָס ליעגט אין דער וועלט-מאַשין. זיין וואוינונג אין ים הייסט „דאָס הויז פֿון קלוגשאַפֿט". ער ווייזט זיך צום מענשען אין חלום, גיט איהם גוטע עצות און לערנט איהם שכל. אַלע טייערע מעטאַלען, וואָס מ'געפֿינט אין דער טיעפֿעניש פֿון ערד און וואַסער געהערען צו עאַ. ער איז דער בעשיצער פֿון די שמידען, בעלי-מלאכות און אַרטיסטען, ער גיט דאָס געצייג און לערנט, ווי צו געברויכען זיי. ער איז אַלזאָ דער גאָט פֿון „יעדער האַנד-אַרבייט, וויסענשאַפֿט און ציוויליזאַציע. בעזונדערס שיצט ער די ים-רייזענדער. בעת סנחריב געהט אַרויס אויף אַ מלחמה וואַרפֿט ער אַריין אין ים אַ פֿיש און אַ שיף פֿון גאָלד, כדי עאַ זאָל איהם ביישטעהן. דיזער גאָט ראַטעוועט אויך אום-נאַפּישתּים אין אַ שיפֿעל, בעת'ן מבול, און בעצייכענט איהם די מאָס פֿון קאַסטען, וואָס ער זאָל בויען. ער האָט, ווייזט אויס, געהאַט אַ פֿאָרם פֿון אַ מענש-פֿיש מיט שופּען, אָדער פֿון אַ שטיינבאָק מיט אַן עק פֿון אַ פֿיש.

אַנדערע דריי געטער, סין, שמש און איסתּר, ווירקען מעהר דירעקט אויף דער נאַטור. סין, דער לבנה-גאָט, שטעהט שטענדיג פֿאַר דער זון, דאַרום רעכענען די סעמיטען דעם מעת-לעת פֿון זון-אונטערגאַנג. ער טראָגט אַ קעניגליכע קלייד און אַ קרוין מיט הערנער, ווי דאַלבע-לבנות.

עֶר פֶערשְׁפְּרֵייט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען, אוּן פוּן זַיין קְרַאפְט וַואקְסֶען דִי תְּבוּאוֹת אוּן דִי בְּהֵמָה'שֶׁע סְטַאדֶעס. — זַיין זוּהן שַׁמַשׁ, דֶער גָאט פוּן דֶער זוּן, גִיט אַכְטוּנְג, אַז דִי נַאטוּר זָאל אַלֶע יָאהר אִיבֶּערְלֶעבֶּען, אוּן זַיין נִצָחוֹן־גַאנְג דוּרְךְ דִי הִימְלֶען אִיז בֶּעשְׁרִיבֶּען אִין פִיעל פָּאֶעטִישֶׁע לֶעגֶענְדֶעס. עֶר הָאט אַ בֶּעזוּנְדֶערֶע מָארַאלִישֶׁע אֵייגֶענְשַׁאפְט: „עֶר אִיז דֶער גְרוֹיסֶער רִיכְטֶער פוּן דִי גֶעטֶער, דֶער רִיכְטֶער פוּן הִימֶעל אוּן עֶרְד“. עֶר פֶערְשְׁפְּרֵייט אוּמֶעטוּם לִיכְט אוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן פֶערְפָאלְגְט דָאס אוּמְרֶעכְטֶע, וָואס זוּכְט זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער. דִי גַנָבִים אוּן רוֹיבֶּער, וָואס לֶעבֶּען דִי נַאכְט, צִיטֶערֶען פַאר'ן זוּן־גָאט, אוּן ווִי עֶר גִיט אַ שַׁיין מִיט זַיין הֶעלֶער לִיכְטִיגְקֵייט ווֶערֶען פֶערשְׁווָאונְדֶען אַלֶע לִיגֶענְס, אַלֶע גֶעשְׁפֶּענְסְטֶער, אַלֶע מְכַשְׁפִים אוּן שֵׁדִים. דָאס לִיכְט פוּן שַׁמַשׁ דְרִינְגְט אַרַיין אִין אַלֶע גֶעהֵיימֶע ווִינְקֶעלֶעךְ, עֶר עֶרְקְלֶערְט אַלֶע פֶערְבָּארְגֶענֶע נְבוּאוֹת אוּן אִיז פּוֹתֵר אַלֶע חֲלוֹמוֹת. עֶר בֶּעשִׁיצְט אוֹיךְ אַלֶע שְׁווַאכֶע אוּן גֶעדְרִיקְטֶע, בֶּעפְרַייט דִי גֶעפַאנְגֶענֶע, מַאכְט גֶעזוּנְד דִי קְרַאנְקֶע אוּן אִיז מְחַיֶּה מֵתִים. אִין דִי פַאבֶּעל־עֶרְצֶעהלוּנְגֶען אוּן לֶעגֶענְדֶעס, הֶעלְפְט עֶר דֶער שְׁלַאנְג גֶעגֶען דֶעם אָדְלֶער, וָואס פַאלְט אָן אוֹיף אִיהם, אוּן גִיט אוּם־נַאפִּישְׁתִּים אַ סִימָן, ווֶען דֶער מַבּוּל ווֶעט זִיךְ אָנְהוֹיבֶּען.

דָאס רוֹב לֶעגֶענְדֶעס זֶענֶען נוֹגֵעַ צוּם זוּן־גָאט, אוּן אוֹיף דִי אַלְטֶע צִילִינְדְרִישֶׁע מָאנוּמֶענְטֶען פוּן בָּבֶל ווֶערְט עֶר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אִין פֶערשִׁיעדֶענֶע פָאזֶען. עֶר אִיז פֶערֶעהְרְט אִין פִיעל רֶעלִיגִיעזֶע מִזְמוֹרִים אַלְס אַ גָאט, וָואס שֶׁענְקְט לִיכְט, פְרֵייד אוּן גֶעזוּנְד: „בְּעֵת עֶר רוּקְט אָב דֶעם פֶערְרוּקֶער פוּן דִי הִימְלֶען אוּן הוֹיבְּט אוֹיף זַיין קָאפּ אִיבֶּער דֶער ווֶעלְט, הֵייבְּט דִי גַאנְצֶע נַאטוּר אָן צוּ גְלַאנְצֶען, אוּן מֶענְשֶׁען מִיט גֶעטֶער קוּקֶען זִיךְ אִיבֶּער אִין פְרֵייד. עֶר אִיז דֶער פַאסְטוּךְ פוּן אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶענִישֶׁען, דֶער בֶּעלַייכְטֶער פוּן הִימֶעל אוּן עֶרְד, דִי פָאהְן פוּן דֶער ווַייטֶער עֶרְד. עֶר אַלֵיין גֶעהְט דוּרְךְ דֶעם גְרוֹיסֶען יָם, זַיין גְלַאנְץ דֶערְגְרֵייכְט בִּיז'ן אָקֶעַאן, אוּן דֶער ווַייטֶער יָם זֶעהְט זַיין לִיכְטִיגְקֵייט, וָואס דְרִינְגְט דוּרְךְ, פֶערשְׁפְּרֵייטֶענְדִיג פַּחַד, בִּיז אוּמְבֶּעקַאנְטֶע גֶעגֶענְדֶען“.

דֶער דְרִיטֶער גָאט אִיסְתַּאר, אָדֶער רַאמַאן, אִיז מְמוּנֶה אוֹיף רֶעגֶען, שְׁטוּרְם, דוּנֶער אוּן אַלֶע לוּפְט־עֶרְשַׁיינוּנְגֶען, וָואס קוּמֶען פָאר צְווִישֶׁען הִימֶעל אוּן עֶרְד. דָאס אִיז אַ ווָאוֹילְטֶעטִיגֶער גָאט, וָואס בְּרֶענְגְט פְרוּכְטְבֶּערֶנְדֶע רֶעגֶענְס; עֶר אִיז אָבֶּער מוֹרָאדִיג אוּן פוּרְכְטְבַּאר. דִי ווִינְדֶען זֶענֶען זַיינֶע שְׁלוּחִים, אוּן דִי בְּלִיצֶען — זַיין גֶעווֶעהר. בְּעֵת עֶר קוּמְט אָן אִין אַ גְרוֹיסֶע רֶעשׁ מִיט זַיינֶע שְׁטוּרְם־שֵׁדִים אוּן קֶעהְרְט הִימֶעל אוּן עֶרְד, זוּכֶען עֶרְגֶעץ

די געטער א באַשיצונג. ער איז באַוואָפּנט מיט א בליץ און א פונקעלנדע שווערד, און ברענגט מבול, שטורעם, טריקעניש, הונגער און אומגליק. ער הייסט אויך „דער הער פון די גרויסע וואַסערען“. אייגענטליך נעהמט ער ניט קיין אַנטייל אין דער בעראַטונג פון די געטער, ער פיהרט נאָר אוים מיט א ווילדען פערגעניגען זיינע שטרענגע דעקרעטען, שפּאַצירענדיג אין די שוואַרצע וואָלקענס מיט דונערען און וואַסער-שטראָמען. די פּרי פון ראַמאַן הייסט סאַלאַ, „דאָס ווייב פון מלחמות“.

## § 6. מאַרדוק.

אַלס זוהן פון עאַ, פיהרט מאַרדוק אוים פּראַקטיש די ראָלע פון זיין פאָטער. ער שפּייזט די מענשען מיט אַלערליי תבואות, און אַלס זון-גאָט פון פריהלינג הייסט ער „דער בכור פון ים“, ווייל די זון געהט אַלע טאָג אויף פון ים, שפּאַלטענדיג דעם נעבעל. ער ענטפּלעקט זיין מאַכט אין אָנהויב פון יעדען טאָג, פון יעדען יאָהר (פריהלינג), און פון דער וועלט-שעפונג. מאַרדוק ענטדעקט די סודות פון עאַ פאַר געטער און מענשען, און ברענגט די גרעסטע נוצען דער וועלט.

בעת האַמוראַבי האָט געגרינדעט זיין מלוכה (2300—2200), און די שטאָדט בבל איז געוואָרען דער רעליגיעזער צענטר פאַר דאָס גאַנצע לאַנד אויף א משך פון טויזענד יאָהר — האָט מאַרדוק דערגרייכט די גרעסטע מדרגה צווישען אַלע געטער. די גלחים האָבען געמאַכט פון יום-טוב זאַקמוקו א פייערונג לכבוד דעם זיעג פון מאַרדוק, און האָבען פערפאַסט די ערצעהלונג פון דער וועלט-שעפונג, וואָס מאַכט מאַרדוק'ן פאַר'ן מלך פון די געטער, פאַר'ן שענקער פון ליכט און חכמה. אַלס גאָט פון ליכט איז ער מנצח דעם שרעקליכען דראַכע טיאַמאַט, וואָס בונטעוועט זיך געגען די הימעל-געטער, און שאַפט פון זיין קערפּער די וועלט. דערפאַר ווערט ער דער הערר איבער הימעל און ערד, אין זיין האַנד ליעגט דער שיקזאַל פון די מענשען און געטער. „ער בעצייכענט דעם וועג פאַר די שטערען, און פיטערט די געטער, ווי א סטאַדע“. אַלע שטאַרקע געטער גיבען איהם איבער זייערע קראַפט, און ער שאַפט די מענשהייט, ווי די „שוואַרצע קעפּ“ (בבלאָנער).

אונטער דער אשור'ישער ממשלה האָט, פערשטעהט זיך, דער נאַציאָנאַלער גאָט „אשור“ פערנומען דעם ערשטען פּלאַץ, פון דעסטוועגען איז מאַרדוק געבליבען פערעהרט אין זיין הייליגער שטאָדט בבל, און [illegible]

די אשורישע מלכים פלעגען אהין עולה-רגל זיין. בעת ס'איז געגרינדעט געווארען די נייע כאלדעאישע מלוכה, האט זיך מארדוקים כבוד פערגרעסערט נאך מעהר ווי אמאל, און אלע אנדערע געטער זענען אין גאנצען פער-בלאסט געווארען געגען איהם. — אויף פיעל שטעמפלען איז מארדוק פארגעשטעלט מיט פליגלען, בעוואפענט מיט א בויגען און א שפיעז מיט שטראהלען, און קעמפפט מיט'ן געפליגעלטען טיאמאט.

אין טעמפעל פון מארדוק ווערט געפייערט דער יום-טוב זאקמוקו, אדער ראש-השנה. אין רייך געפוצטען און היילינגסטען זאל פון טעמפעל ווערען פערזאמעלט אלע געטער; נבו, דער זוהן פון מארדוק, קומט צו שווימען אויף זיין געטליכער שיפעל, שמש קומט פון ניפאר, נרגל — פון כותא און אז. וו. אלע געטער פון הימעל און ערד שטעהען דאן איינגעבויגען פאר מארדוק, וועלכער בעשטימט גאוהדיג די געשעהענישען און שיקזאל פון נייעם יאהר.

## § 7. אנדערע גרויסע געטער.

ניניב, אדער נינגירסו, וואס ווערט אויסגעשפראכען אדר, איז איבער-הויפט א גאט פון מלחמות. ער איז פערוואנדט מיט'ן גאט תמוז, און איהם איז געווידמעט דער חודש, וואס טראגט דיעזען נאמען. אלס קרוב פון גאט עא הערשט ער איבער וואסער און ימים, בעלייכט די נאכט, און שענקט לעבען און ליכט. זיין פרוי גולא איז מחיה מתים.

פערוואנדט מיט איהם איז דער גאט נרגל, וואס איז ממונה אויף דער פערדערבליכער היץ פון דער זון, וועלכע איז זומער בעזונדערס שטארק אין בבל. ער איז אויך דער גאט פון דער אונטערערדישער מתים-וועלט, און פון נצחונות אין דער מלחמה, — צווי ראלען, וואס האבען א שייכות צווישען זיך אין דער פאלקס-פאנטאזיע. זיין שטאדט כותא הייסט די מתים-שטאדט. אלס אונטערערדישער גאט גיט ער אויך צוגלייך פרוכטבאר-קייט דער פלאנצונג-וועלט. ער הייסט „שטארקער אקס", ער איז אויך סימבא-ליזירט אין א לויב, וואס ווייזט אויף צושטערענדער זון-היץ.

זיביר אדער נוסקו איז דער גאט פון פייער אין זיינע אלע פארמען. אויפ'ן הימעל וויזט ער זיך אין בליץ, און אויף דר'ערד צוגיסט ער מעטאלען און ווערט צוליעב דעם א בעשיצער פון שמיעד און גאלד-ארבייטער. ער היט אויך דאס פייער פון פאמיליע, און גרינדעט דארום הייזער און שטעדט.

זיבּיל איז אויך ממונה אויפֿן הייליגען פֿייער פֿון קרבנות, און איז דאָדורך געוואָרען אַ כּהן-גדול, אַ פֿערמיטלער צווישען מענשען און געטער. ווי דאָס רוב בּבל׳אָנישע געטער איז ער אויסערדעם אַ גאָט פֿון ליכט, וואָס היילט, בּילדעט און משפּט.

נבו איז פֿון אָנהויב געווען אַ וועלט-גאָט, און האָט אין באָרסיפּאַ געהאַט אַ טעמפּעל פֿון זיבּען שטאָק, ווי בּל אין ניפּור און מאַרדוק אין בּבל. שפּעטער הייסט ער „טייערער זוהן פֿון מאַרדוק", און אין איהם איז נאָר געבּליבּען אַ געוויסער איינפֿלוס אויף די תּבואות און וואַסערען. ער איז דער הויפּט-מיניסטער פֿון מאַרדוק, ער ווייסט פֿון אַלע סודות, שיקט גוטע חלומות, און רעכענט זיך דאַרום פֿאַר „אַ רעדנער, אַ נביא". איבּערהויפּט האָט זיין קולט בּעקומען אַ גרויסע חשיבות צוליעב דעם, וואָס ער איז דער גאָט פֿון די גלחים. ער טראָגט די טאָוולען פֿון שיקזאַל, און שרייבּט איין די טעג, וואָס יעדער האָט צו לעבּען. ער האָט ערפֿונדען די גרעסטע קונסט פֿון די געטער, די שרייבּ-קונסט, און אַלס וועלט-שרייבּער לערנט ער די מענשען דיעזע חכמה. דער גאַנצער רעליגיעזער אוצר, די גאַנצע וויסענשאַפֿט פֿון די ליידהמענע טאָוולען, אָהן וועלכע ס׳וואָלטען ניט געווען ניט קיין צערעמאָניעס און קרבּנות, ניט קיין בּעשווערונגען און דרשות— געהערען אַלזאָ נאָר צו נבו. און דער סוד פֿון דיעזע געהיימע אַסטראָלאָגישע און טרעפֿערישע טאָוולען איז געלעגען בּיי די גלחים אין די הענד, דאַרום איז זייער איינפֿלוס בּעזונדערס שטאַרק געוואָרען אויף די מלכים און דאָס פֿאָלק. נבו האָבּען אָבּער געהערט ניט נאָר די גלחים. אַלס בּוכהאַלטער פֿון לעבּען און טויט האָט ער געוואָרפֿען אַ פּחד אויף אַלעמען, און זיין נאָמען טרעפֿען מיר אָפֿט אַלס טייל פֿון הערשער-נעמען. אונטער דער לעצטער דינאַסטיע איז נבו געוואָרען נאָך העכער פֿון זיין פֿאָטער מאַרדוק. אַ קינד פֿון דיעזען גאָט איז אויך טאַשמעטו, די פֿרוי פֿון נבו און קעניגין פֿון באָרסיפּאַ.

בּעדיענער פֿון די גרויסע געטער זענען די גייסטער פֿון הימעל און ערד, וואָס הייסען איזיזי אָדער אַנונאַקי.

---

## § 8. בּבל׳אָנישע געטינס איסתּר.

די געטינס האָבּען פֿון אָנפֿאַנג, ווייזט-אויס, פֿאָרגעשטעלט דעם ווייבּליכען פּרינציפּ פֿון לעבּען און פֿרוכטבּאַרקייט, און נאָכהער זענען זיי געוואָרען

א דובעלט-געשטאַלט פֿון די געטער אָהן א בעשטימטע ראָלע. בעת די אָר-גיגע קולטען זענען שוואַכער געוואָרען, האָט מען אויפֿגעהערט צו פֿערעהרען בעזונדערס אַזעלכע געטינס, ווי נאַנאַ, גולאַ, די בעשיצערין פֿון די דאָקטוירים, און אַלאַטו, די הערשערין פֿון מתים-וועלט. אין די מזמורים, וואָס פֿערעהרען געחיסע געטינ׳ס הייסען זיי ביליית — הערשערין, מלכה פֿון אַלע געטער, הירטין פֿון הימעל און ערד. אַלס שיצערינס פֿון לעבענס-פֿרוכט טראָגען זיי די נעמען ערוא און שערוא.

די געטינס זענען דאָס רוב גלייך צו איסתר אין פֿאָרם און אַרט טעטיג-קייט און טראָגען בכלל איהרע נאָמען, ווי די נעמען בלתום (הערשערין), שרתום (קעניגין) און מלכתום (פּרינצעסין).

פֿון אָנהויב האָט מען, ווייזט-אויס, פֿערעהרט די געטינס מיט זעל-בען קולט, וואָס מיר געפֿינען שפּעטער ביי די געטין פֿון נאַכט-שטערען אין אורוק. דאָס איז געווען א געטין פֿון א אויסגעלאַסענער פֿרוכטבאַרקייט און פֿרייער ליעבע, די מוטער פֿון מענשען און געטער, וואָס האָט ניט קיין מאַן — לויט די ערצעהלונג פֿון גילגאַמעש — און קלייבט זיך אויס ליעבענדע ווי איהר האַרץ גלוסט. די איסתר פֿון ליעבע און לוסט האָט אָבער א צווייטע פֿאָרם פֿון אכזריות, זי הרג׳עט איהר מאַן און געדט איהם נאָכהער זוכען פֿון פֿער-צווייפֿלונג אין גיהנם. — דער מאָרגענשטערן ווערט אויך פֿערגעטערט אַלס א ערהאַבענע און הייליגע געטין, וואָס ברענגט דעם טאָג און איז בעוואָפֿענט מיט א ליכטיגען פֿיילענבויגען אַלס קריעגס-העלדין. דיעזע בתולה ווערט פֿערעהרט אין הויכע ליעדער, גיט ליכט, לעבען און פֿרוכטבאַרקייט, צייכענט זיך אויס מיט איהר שענהייט און ווערט אָפֿט דערמאָהנט אין בעשווערונגען געגען קראַנקהייטען. אין דער ערצעהלונג פֿון מבול קרעכצט זי ווי א געווינערין איף די אונטערגעהענדע מענשהייט און וויל פֿאַר כעס פֿערהאַלטען בלים טייל אין קרבן פֿון געראַטעטען אום-נאַפּישתים.

## § 9. מימוז און די רייזע פֿון איסתר אין גיהנם.

תמוז, אָדער „שפּרעסלינג” פֿערנעהמט א וויכטיגען פּלאַץ אין דער געשיכטע פֿון בבליאָנישער רעליגיע. דאָס איז א זון-גאָט פֿון פֿריהלינג, וואָס האָט ניט געקאָנט איבערטראָגען די היץ אין מאָנאַט תמוז און איז אַראָב מיט׳ן גאַנצען פֿלאַנצען-גלאַנץ אין דער אונטער-וועלט, וואו ער איז געוואָרען א הערה איבער די מתים. אַלע פֿריהלינג בעווייזט ער זיך אָבער ווידער מיט זיין

גאנצער בליהענדער פראכט און הערליכקייט ביז די גרויסע היצען ברענגען איהם אום, און דאן בעקלאגט מען איהם.

די געליעבטע פון תמוז איז די געטין פון נאכט-שטערן איסתר. אין מאנאט תמוז געהט זי אראב אין מתים-וועלט זוכען איהר געליעבטען און בעפרייט איהם. בעת דער גלח איז, נאכ'ן בעקלאגען תמוז, מקריב דעם קרבן מיט די נכסים לטובת די מתים, דערצעהלט ער צערעמאניאל דיזע לעגענדע. איסתר, די טאכטער פון סין, געהט אראב אין דער אונטער-וועלט זוכען דאס תחית-המתים-וואסער אויף לעבעדיג צו מאכען תמוזין און פערלאנגט מיט רוגזא, אז מען זאל זי אריינלאזען דורך די זיעבען טירען. ענדליך געהט זי אריין נאקעט אין דער מלוכה פון אלתו, וועלכע דערשרעקט זיך זעהר, ווייל אויף דער ערד האט דערווייל אויפגעהערט אלעס לעבען און וואקסען. די געטער בעראטען זיך און גנב'ענען אב דאס תחית-המתים-וואסער פון אלתו, וועלכע מוז בעפרייען תמוז און איסתר, די ערשטע צוויי וועזענס, וואס זענען צוריק ארויס פון דער מתים-מלוכה. — די גלח'טעס פון איסתר-קולט דיענען אלס קלאגערקעס אין תמוז-יום-טוב.

---

## § 10. אשור, זיינע קולט-צענטרען און געטער.

די אשורער, וואס זיצען אין צפון-זייט פון די בבליאניער, זענען מיט זיי נאהענט פערוואנדט אין אבשטאמונג און שפראך. פון אנפאנג האבען זיי בעזעצט נאר די הויכע געגענד אין מזרח-זייט פון טיגער, צווישען די ארמענישע בערג און דעם טייך זאב, א צופלוס פון טיגער. די פערצייטיגע צוויי הויפט-שטעדט אשור און נינוה, זענען ביידע געבויט אויפ'ן טיגער. דאס לאנד איז געווען זעהר פרוכטבאר ווי בבל, צוליעב די טייכען און די מענגע קאנאלען, וואס האבען גוט בעוואסערט די ערד. אלס פאלק זענען די אשורער געווען פערשידען פון די בבליאניער. זיי זענען געווען הויך און שטארק, האבען זיך אויסגעצייכענט אלס קריעגער און פעסטונגען-בויער, און זייערע מלכים האבען מנצח געווען די שכנים. די היסטארישע דאקומענטען וועגען זיי דערגרייכען ביז'ן 19-טען יאהרהונדערט פאר קריס-טוס, און אין 9-טען יאהרהונדערט האבען זיי אנגעהויבען קעמפפען פאר די וועלט-בעהערשונג און געשטעלט בבל אונטער זייער ממשלה ביז זי איז בטל געווארען. ס'איז דאן געווען די גאלדענע צייט פון דער שטארקער און רייכער סרגון-דינאסטיע מיט איהר פרעכטיגען קולט. די אשורישע ציוויליזאציע

איז געווען בעאיינפלוסט פון בבל און ארם, אין האט אין קונסט איבערגעיאגט איהרע לעהרער, ווי ס'ציינען די געביידעס און סקולפטור-ווערק פון יענער עפאכע.

די רעליגיע האט אשור איבערגענומען פון בבל און האט נאר געשטעלט אן איהר שפיץ דעם נאציאנאלען גאט אשור. די אשורער האבען אויך געליהען ביי זייערע שכנים די גאנצע כשוף-ליטעראטור, די שטערען-זעהעריי, מאטעמאטיק, וועלט-לעהרע און שדים-בעשווערונג. זיי האבען זיך נאר אויסגעצייכענט מיט דעם, וואס ביי זיי איז ניט געווען קיין שטארקע גלחים-קאסטע, ווי אין בבל, ווייל די אשורישע מלכים זענען אויך געווען די כהנים-גדולים.

אשור און נינוה, ווי די האנדעלס-שטאדט ארבילו אין מזרח-זייט, האבען זיך גערעכענט פאר אלטע קולט-צענטערן; די ערשטע האט געהערט צום גאט אשור און די איבעריגע צוויי האבען אבגעהיט דעם קולט פון איסתר. די אנדערע צוויי הויפט-שטעדט, דור-שארוקין און כלה, האבען ניט געהאט קיין ספעציעלען גאט. אונטער'ן רעליגיעזען איינפלוס פון ארם איז געשטאנען דער אלטער קולט-צענטער פון צפון-מעסאפאטאמיע, חרן, וואו ס'האט זיך געפונען דער בעריהמטעסטער און פיליילט אויך דער עלטסטער טעמפעל פון סין, דער לבנה-גאט.

אשור, אדער וואילטעטער, איז, ווייט-אויס געווען פון אנהויב א הימעל-גאט און שפעטער איז ער געווארען א „הער פון דער וועלט" און א שעפער פון דער ערד. ער איז „דער פאטער פון לאנד", ער פערניכטעט די שונאים און איז פעלדמארשאל אין מלחמה. פון זיינע הענד בעקומט דער מלך די קרוין און צו זיינע פיס לעגט ער די נצחון-סימבאלען. זיין געשטאלט איז געשילדערט מיט פליגלען, אנ'עק פון א פויגעל און א פיילען-בויגען אין האנד — א געשטאלט, וואס דערמאהנט די געפליגעלטע זון-פארם פון מצרים. דיעזע פיגור פלעגט זיך געפינען אויף דעם קעניגס קליידער, זיין שטעמפעל און זיינע בילדער.

ניניב (אדר) און נרגל זענען געטער פון קריעג און יאגד, און א געוויסע צייט איז דער קולט פון נבו געווען זעהר חשוב. אשור'ס פרוי, איסתר, איז אין אשור אויך א געטין פון קריעג און יאגד, וואס רעגענט מיט פייער אויף די שונאים; זי איז אבער צוגלייך א וואוילטעטיגער מאר-גענשטערען, ווי אין בבל. פאר א שווערע מלחמה ווייזט זי זיך צו אשורבא-ניפאל און זיין ארמעע אין חלום, און גיט זיי מוט צום קאמפף.

בעת די אשורישע מלוכה איז געפאלען איז דער גאט אשור פער-

געסען געוואָרען און ס'זענען פערשוואונדען אַלע שנויים, וואָס האָבען אָבגעטיילט די אשורישע רעליגיע פון דער בבליאָנישער.

---

## § 11. תפלות און אַלגעמיינע אידעען אין דער אשור=בבל'אָנישער רעליגיע.

אַ גרויסער טייל תפלות און מזמורים, געטיילט אין מאָס און פערזען, געהערען צו די כשוף=צערעמאָניעס. בבלל איז די רעליגיעזע ליטעראַטור אין אשור און בבל פול מיט אידעען וועגען שדים אין שטערנזעהעריי, און ס'איז קענטיג, אַז געלעהרטע גלחים האָבען זי געשאַפען. בעזונדערס אינטערעסאַנט זענען די שענע תשובה=מזמורים, וואו דער מתפלל רופט צו גאָט, „ווי אַ פליט, אַ טויב, ברומענדע ערבות און אַ ווילדע קוה; די טרערען זענען זיין שפייז, דאָס געוויין — זיין געטראַנק, ביז גאָט וועט איינשטילען זיין כעס און וועט איהם זאָגען: רוה צו דיין האַרץ". דער מתפלל פיהלט זיך זעהר זינדיג געגען גאָט און לייט, און בעט, אַז גאָט זאָל איהם מוחל זיין, אויסלעזען פון זיינע צרות און קראַנקהייטען, און שענקען אַ לאַנג, גליקליך לעבען, ווי אַ קעניג; דערפאַר וועט ער איהם לויבען, רייך מאַכען זיין טעמפעל און ברענגען קרבנות. אָפטמאָל בעט דער מתפלל אַ קלע־נערען גאָט, אַז ער זאָל זיין פאַר איהם אַ מליץ יושר פאַר אַ העכערען.

די געטער זענען ריכטער, וואָס משפט'ען דעם מענשען, אויב ער היט ניט אָב די מאָראַלישע געזעצען, חאַפט פרעמדעס געלד, צורייסט דעם בונה פון זיין פאַמיליען=לעבען, ברעכט אַ שבועה, אָדער איז ניט מקיים די רעליגיעזע דינים. דער זינדיגער מוז טהון תשובה און אָבהיטען די רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועט ער בעקומען אַל'דאָס=גוטס אויף דער ערד. די צרות פון יחיד אָדער די פּאָליטישע אומגליקען פון כלל קומען פון ניט=פרומקייט, דאַרום האָבען די מלכים שטרענג אָבגעהיט די צערעמאָניעס און תעניתים, און אַכטונג געגעבען אויף דער אָרדנונג אין די טעמפלען. אַ נייער טעמפעל דאַרף געבויט ווערען אויפ'ן פונדאַמענט פון אַלטען, ווייל מ'טאָר ניט ענדערען זיין פלאַץ. די סטאַטועס פון די געטער ווייזען, אַז זיי געפינען זיך אין טעמפעל; ס'איז דאַרום אַ נאַציאָנאַלער אומגליק, אויב אַ שונא מאַכט חרוב די שטאָדט און רויבט זיי אַוועק, ווייל די געטער געהען אַוועק צוריק אין הימעל; און דאָס גאַנצע פאָלק מאַכט אַ יום=טוב בעת מ'קערט אום די סטאַטועס אויף זייער אָרט. פון דעסטוועגען בעגרייפט מען די געטער

אלס רוחניות׳דיגע װעזענס, װאס צײגען זיך אין חלום און גיבען גוטע עצות. זײ האבען א מענשליכע געשטאלט; שפּעטער סימבאליזירט מען זײ אױך אין חיות, װאס זענען אפּטמאל גענומען פון די גלגלים-בעשעפעניששען.

אשורבאניפאל האט איפגעצעהלט 6500 געטער, 300 הימלישע רוחות און 600 ערדישע. דער נאמען פון אזעלכע געטער, װי עא, איז דער שליסעל צו אלע סודות פון דער גײסטער-װעלט, אין דער, װאס װײס איהם גענוי, קאן אויסטהון נפלאות. צװישען הימעל און ערד הערשט א הארמאניע, און די שדים צושטערען זי. בײ-נאכט פליגט מען זיך אויפּזאמלען אויף די פלאציגע דעכער מתפלל זײן צו די שטערען, אין נביאים, װי ישעיה II, מאכען חוזק פון דער נארישער אסטראלאגיע, װאס האט זיך אין בבל אזוי פערברײטערט.

---

## § 12. דער קולט.

די גלחים זענען אין בבל, װאס װײטער שטארקער געװארען; זײ זענען די פערמיטלער צװישען מענשען און געטער, אין בײ זײ אין האנד ליעגט דער מאנאפאל פון װיסענשאפט, הײליגער ליטעראטור, רעליגיעזע סודות און כשוף. זײ זענען א פערשלאסענע קאסטע, װײל די כהונה געהט איבער בירושה. דער היסטאריקער דיאדאר פון סיציליע טײלט די בבלאנישע גלחים אין פערהײליגער, רײן-מאכער, לחש-זאגער, טרעפער, אויסדײטער פון חלומות, און נבואות-זאגער, לויט די סימנים פון געעפענטע קרבנות. די שטענדיגע און פרײװיליגע קרבנות און טעמפעל-הכנסות, װאס זענען געװען גענוי דעגולירט דורך א בוכהאלטעריע, האבען די גלחים רײך געמאכט. זײ שטאמען פון יחוס, און טארען קײן קערפּער-ליכען מום ניט האבען. פאר דער עבודה רײניגען זײ זיך. זײ האבען געהאט סעמינאריעס, װאו ס׳פלעגען זיך לערנען די יונגע גלחים. די טעמפּלען האבען אויסערדעם געהאט בעדינטע, װאס גיבען אכטונג אויף די בנינים און הײליגע כלים.

דער לוח בעצײכענט גענוי די אומגליקליכע טעג. אײנער פון זײ איז, װײזט אויס, אויך געװען דער טאג שבת.

דער קרבן װערט בעטראכט, װי די אלטעגליכע סעודה פון די געטער. בעת אום-נאפישתים ברענגט זײן קרבן נאכן מבול בעפאלען איהם די הונגעריגע געטער, װי פליגען, און שמעקען דעם גוטען ריח. בעת ס׳װערט טאג

און פאר נאכט, בעת די לבנה גייט־אויף, ברענגט מען אלע טאג צוויי שטענדיגע קרבנות. דער יחיד ברענגט זיין קרבן מיט פרייד, און מ'מאכט א מאלצייט מיט מוזיק. ביי יעדער וויכטיגער געשעעניש איז מען מקריב קרבנות, אפט מיט נסכים; עפטער פאר אלץ רופט דער קרבן ארויס א חסד פון די געטער. זיי נעהמען אויך מעשר און א גרויסען טייל פון אלערליי פראדוקטען. מ'גיט אב די געטער דאס בעסטע רויב פון דער מלחמה, און אלע יאהר די בכורים פון די סטאדעס. א קרבן קאן זיין א שטיבינגע אדער א ווילדע חיה, אנ'עוף, א פיש, פרוכט, האניג און אייל. דער קרבן דארף זיין א זכר און אהן א מום, א נקבה טויג נאר אויף א ריינינגונגס־קרבן. דער קרבן היילינגט, ריינינגט, איז מוחל זינד און מאכט שלום מיט די געטער. קיין מענשען־קרבנות האבען די בבלאנער אין געטליכען קולט ניט גע־ברויכט, זיי האבען נאר געקאנט לייהען דיזען מנהג פון פיניקיע, ווי ס'צייגט די ערצעהלונג פון דער ביבעל, אז מ'האט מקריב געווען צו אדרמלך און ענמלך אין ספרוים. דערפאר פלעגען זיי מקריב זיין מענשען ביי די מתים־צערעמאניעס, ווי אשורבאניפאל דערצעהלט: „די איבעריגע האב איך גע'שחט'עט נעבען קאלאסאלען אקס, וואו מ'האט גע'הרג'עט מיין זיידען סנחריב, אלס מתים־קרבן פאר איהם“. די טויטע קערפערס פלעגט מען הארפען פאר חיות.

---

## § 13. שעפפונג, מבול און וועלט לעהרע.

פון אנפאנג איז געוועזען א אונענדליכער ים מיט וואסערען, א חאאס (תוהו ובוהו) מיט'ן נאמען טיאמאט; נאכהער האבען זיך אנגעהויבען בע־וויזען די געטער, פארוויין, מאן און ווייב. מארדוק האט זיך אנגעוואפענט מיט'ן ווינד, בליץ און דונער, און האט מלחמה געהאלטען מיט טיאמאט און די עלף משונה'דיגע בריאים, וואס ער האט געבארען (א רמז אויף די 12 מזלות). ער האט געפיהרט א מורא'דיגען קאמפף, ביז די ארדנונג האט ענדליך בעזיעגט דעם חאאס, און מארדוק, דער מנצח, איז געווארען דער הערשער פון די שיקזאל־טאבלען. ער בויט זיין הימעל־פאלאץ איבערן תהום וואסער און שאפט די וועלט.

דער מבול איז געקומען, לויט דער ערצעהלונג פון גילגאמעש, צוליעב די זינד פון דער לעגענדארישער שטאדט שוריפאק. עס איז מודיע דעם קלוגען און פרומען אוט־נאפישתים אין חלום, אז די געטער האבען בע־

שלאָסען צו דערטרינקען די מענשהייט, און ראַט איהם צו בויען אַ קאַסטען, וואו ער זאָל נצול ווערען מיט זיינע משרתים, פאַמיליע, גוטס און אַלע סאָרטען חיות. דאַן קומט דער מבול מיט אַ שטורעם, וואָס דויערט זעקס מעת-לעת. דער קאַסטען שטעלט זיך אָב אויפ'ן באַרג ניציר, אום-נאַפּישתים עפענט אַ פענסטער, ווערט פערבלענדט פון שיין און פאַלט מיט געוויין. נאָך זיבען טעג שיקט ער אַרויס אַ טויב, דאַן אַ שוואַלב, די געפינען אָבער קיין טרוקען אָרט ניט און קומען צוריק. צו ענדע שיקט ער אַ ראָב, וואָס קומט ניט מעהר. בל בענשט די איבערגעבליבענע מענשען, וואָס ווערען גלייך צו געטער.

די ערד האָט אַ געשטאַלט פון אַ אומגעקעהרטער שיסעל אין וואַסער, אונטער איהר הערשט עאַ איבער די תהומות און מתים, אויף איהר גע־וועלטיגט בל, און אויפ'ן הימעל — אַנו. די זון געהט אַרויס אַלע טאָג פון הימעל דורך דער מזרח-טהיר — און געהט אַריין דורך דער מערב-טהיר. אין מערב איז אַ פינסטערער באַרג, און אין מזרח אַ ליכטיגער, אונטער וועלכען געפינט זיך „דאָס צימער פון שיקזאַל", וואו די געטער האַלטען אָב זייערע פערזאַמלונגען.

---

# § 14 דאָס לעבען נאָכ'ן טויט.

כל זמן אַ מענש לעבט קאָן ער האָפען אויף גוטס, שטאַרבט ער אָבער, הויבט זיך אָן פאַר איהם אַ טרויעריגע שאָטען-עקזיסטענץ, אָהן ליכט און אָהן האָפנונג. אין מערב, וואו די זון פערגעהט געפינט זיך דער איינגאַנג אין דער מתים-וועלט, וואָס זעהט אויס, ווי אַ גרויסע תפיסה אַרומגערינגעלט מיט זיבען מויערען. די מתים זיצען נעבעך אין דער פינסטער, און סיי מלכים, סיי קנעכט, סיי גוטע, סיי שלעכטע, קומען דאָרט נאַקעט, ווי שאָטענס, פאַר אַלתו, דעם מתים-גאָט. מ'פלעגט בעזאָרגען די טויטע מיט שפייז און געטראַנק. די גרעסטע שאַנד און דער גרעסטער אומגליק איז געווען פאַר'ן מת, ווען ער איז צו קבורה ניט געקומען. דעם שיקזאַל פון מת קאָן מען פערלייכטערען דורך כשוף.

גאַניץ ווייט אין דער מתים-וועלט געפינט זיך דער קוואַל פון לעבען, וואָס איז געשיצט געגען שלעכטע רוחות. דאָרט וואַקסט אויך די פלאַנצונג פון לעבען און יוגענד. אָפט ווערט דערמאָהנט די „אינזעל פון די גליקליכע", וואו פרת און טיגער פאַלען אַריין אין ים. אום-נאַפּישתים און זיין פרוי

פֿיהרען דאָרט אַ געמטליך לעבען. כדי צו קומען אהין מוז מען איבערשחוימען דאָס וואַסער פֿון טויט, ווי גילגאַמעש.

---

## § 15. בעשווערונג און שדים .

די אמונה אין כשוף געהערט ניט צום קולט אין די טעמפלען, זי האָט נאָר אַ שייכות צו דער רעליגיע פֿון המון. די בעשווערונגען דיענען צו דערוויטערען די שדים, וואָס קריגען אַ שליטה איף געוויסע מענשען און ברענגען קראַנקהייטען, בעזונדערס קריג צווישען מאַן און ווייב. אַ מענש קאָן שלעכט פֿער׳כשופ׳ט ווערען דורך עין־הרע, אַ לחש, אַ בלאָז, שפּײַעכטס, אָדער ווען ער בעריהרט אַ פֿער׳כשופ׳טען געגענשטאַנד. מיט דיזעלבע מיטלען, וואָס מען פֿער׳כשופ׳ט, טרייבט מען אָב דעם כשוף. צווייבּער מיט׳ן נאָמען „פֿערברענונג״ רעכענען אויס די מיטלען פֿון אָבכשופ׳ן. מ׳צינדט בײַ־נאַכט אָן ליכט, מ׳שטעלט אַ פֿייער־טאָפּ בײַם בעט פֿון חולה, און מ׳פֿערברענט אויף איהם, זאָגענדיג אַ לחש מעדיצינישע פֿלאַנצען, פֿרוכטען, קערנער, פֿעל פֿון ציגען און שעפּסען ; אַזוי ווי די פֿרוכטען וועלען מעהר ניט וואַקסען, און דאָס פֿעל וועט קיין בגד ניט קאָנען ווערען, אַזוי זאָל אויך פֿערניכטעט ווערען דער כשוף ! אַמאָל בינדט מען דעם פֿער׳כשופ׳טען מיט אַ שטריק און מ׳בינדט איהם אָב צו ווייזען, אַז ער איז פֿרײַ פֿון רוחות ; אָדער מ׳מאַכט פֿון ליים, פּעך, טייג, וואַקס אָדער האָלץ די געשטאַלט פֿון שד אָדער שלעכטען מכשף, און מ׳צוהאַקט, מ׳פֿערברענט איהר, מ׳וואַרפֿט זי אין טײַך, מ׳איז זי מקבר אונטער׳ן טהיר, אָדער מ׳טראָגט זי אַוועק אויפ׳ן בית־עלמין. דאַנען לעגט מען אַרום דעם פֿער׳כשופ׳טען מיט פֿיגורען פֿון גוטע געטער און געטינס. הייליגעס וואַסער און ריינעס בוימאייל רייניגען און פֿערטרײַבען אויך דעם כשוף.

איבערהויפּט שיצען פֿון כשוף די ליכט־געטער, ווייל זיי פֿערטרײַבען אַלערליי פֿינסטערניש, בעזונדערס זשיביל, דער גאָט פֿון פֿײַער, וואָס רייניגט אַלע טומאות.

צו די שדים געהערען די זיבען שלעכטע גייסטער, וואָס ברענגען אַלע צרות. זיי געהען אויף פֿון תהום און האַלטען זיך אויף איבערהויפּט אין די מדבריות. זיי ווייזען זיך אין אַ געשטאַלט פֿון געשפּענסטער אָדער צוריקגעקומענע, שרעקען און מזיק׳ן מענשען. זיי קוועלען די בהמות אין די

שטאַלען און פֿערטרײַבען פֿויגלען פֿון די נעסטען. די שדים פֿאַלען אָן זאָגאַר אויף געטער. דאַגעגען שיצען גוטע גײַסטער די מענשהײַט. בײַ די טהירען פֿון טעמפּלען און פּאַלאַצען שטעלט מען זיי פֿאַר אַלס א געשטאַלט פֿון אָקסען, װאָס היטען די געבײַדעס.

## § 16. לעגענדען װעגען געטער און העלדען.

די װיכטיגסטע פֿון אַלע לעגענדאַרישע פּאָעמען, איז די אַלטע ערצעהלונג פֿון גילגאַמעש, געשריבען אויף 12 טאָװלען. די עילאַמיטען בעלאַגערען אין א משך פֿון עטליכע יאָהר די שטאָדט אורוק, די איינװאױנער געפֿינען זיך אין א שרעקליכער נויט, די געטער זענען פֿערלאָזען און זשומען, װי פֿליגען אין די גאַסען. דאַן בעװײַזט זיך דער נאַציאָנאַלער העלד גילגאַמעש, און בעפֿרײַט די שטאָדט צוזאַמען מיט דעם משונה'דיגען האָריגען בעשעפֿעניש עאַבאַני. זיי דערשלאָגען דעם עילאַמישען פֿיהרער הומבאַבאַ, װאָס װאוינט אין א מיסטערישען טענען-װאַלד. נאָכהער פֿערליבט זיך איסתר אין גילגאַמעש, נאָר ער שטויסט אָב איהר ליבע, װײַל זי האָט שוין אָנגעמאַכט אויף דער װעלט פֿיעל צרות. איהר פֿאָטער, אַנו, שאַפֿט דאַן א מוראָ'דיגען הימעל-אָקס געגען גילגאַמעש, װאָס טױדט איהם. גילגאַמעש װערט קרעציג, און כדי נצול צו װערען פֿון טויט, מאַכט ער א לאַנגע און שװערע רײַזע צום „אינזעל פֿון די גליקליכע“, װאו אום-נאַפּישתּים הײַלט איהם אויס.

אַנ'אַנדער העלד פֿון א פּאָעמע, עטאַנאַ, פֿליהט אויף אַנ'אָדלער צום טראָן פֿון די געטער, און פֿאַלט מיט איהם אַראָב. נאָך א פּאָעמע שילדערט, װי דער גאָט זו, אין א געשטאַלט פֿון א פֿויגעל, גנב'עט אַרױס די שיקזאַל-טאָװלען בײַ מאַרדוק. אין איין לעגענדע װערט בעשריבען װי דיבראַ, דער גאָט פֿון מגפה, פֿערװיסט גאַנצע שטעדט, צוליעב זײַערע זינד, א ערצעהלונג, װאָס האָט א היסטאָרישען גרונד. א װירקליכער העלד איז אויך סרגון. זײַן מוטער האָט איהם, לויט דער לעגענדע, געלאָזען אויפֿ'ן טײַך אין א װיגעלע געשמירט מיט פּעך, א װאַסער-טרעגער געפֿינט איהם און האָדעװעט איהם אויס, איסתר פֿערליעבט זיך אין איהם און מאַכט איהם פֿאַר א קעניג פֿון בבל.

# זעקסטעס קאַפּיטעל.

# סוריער און פיניקיער.

## § 1. סוריע און איהרע העכסטע קולטען.

די רעליגיעס פון די סוריער, פיניקיער, כנענים און פלישתים, זענען אין פיעל פרטים ענהליך איינע צו די אַנדערע. דער יסוד זייערער איז נאַטור־ראַליזם, און זייערע פיעל געטער פערקערפּערען זיך אין נאַטור־ערשיינונגען. די פּאָליטישע צובּרעקלונג פון דיזע סעמיטישע פעלקער, וואָס זיצען אין מערב־אַזיע צווישען פרת און מיטעל־ים, האָט זיי אָבגעהאַלטען פון מאַכען נאַציאָנאַלע צענטרען פאַר דער רעליגיע, און זייערע טעמפּלען זענען גאַנץ איינפאַכע און געמיינע, ווי ביי האַלב־וואַנדערענדע פעלקער, וואָס האָבען נאָך ניט קיין גאַנץ פעסטע און גוט ענטוויקעלטע ציוויליזאַציע. די צערעמאָניעס פון קולט ווערען געמאַכט אויף הויכע ערטער, וואו מ'איז נעהענטער צו גאָט, אָדער אין אַזעלכע ערטער, וואו די נאַטור ווייזט אַרויס איהרע לעבענס־קרעפטען: ביי אַ קוואַל, אַ טייך, אָדער אונטער אַ הייליגען בוים, אַן „אשרה“. אויף אַ הייליגען אָרט, וואו גאָט געפינט זיך שטענדיג, פלעגט מען אָפט שטעלען אַ שטיין און בעגיסען איהם מיט בוימאייל אָדער בלוט. די געטער ווערען אָפט פאָרגעשטעלט אין העסליכע געשטאַלטען, אַ מאָל אין אַ פיגור פון אַ חיה, וואָס בעצייכענט זייער כאַראַקטער. זיי זענען דאָס רוב גענייגט צו טהון שלעכטס, דאַרום איז מען זיי מפצה מיט בלוט.

די אַראַמעאישע שבטים האָבען פערצייטען אַרומגעוואַנדערט אין צפון מעסאָפּאָטאַמיע, און נאַכהער האָבען זיי זיך פערשפּרייט אין מערב־זייט ביזן לבנון. די פּאָליטישע צוריסענקייט און די פערשידענהייט פון דעם לאַנד, וואו זיי זענען געזעסען, האָבען אָבגעשטעלט די ענטוויקלונג פון אַנאַלגעמיינעם רעליגיעזען סיסטעם. די אַראַמעאישע רעליגיע איז געווען בעאיינפלוסט פון בבל, און, ווייזט אויס, אויך פון מצרים.

דער גרעסטער גאָט ביי די סוריער אין געגענד פון דמשק איז געווען הדד, וואָס ווערט געשילדערט מיט אַ לאַנגער באָרד, געגרייזעלטע האָר, אויפן קאָפּ אַ קרוין און בעוואָפענט מיט אַ בליץ, וואָס ווייזט, אַז ער איז אַ גאָט פון וועטער און קריעג. קלענערע געטער זענען רמן, אל און אתר, אָדער אתרגתים, וואָס האָט דיזעלבע אייגענשאַפטען, וואָס איסתר־עשתרות אין

בבל. פֿאַר דער טהיר פֿון זיין טעמפּעל זענען געשטאַנען פֿערשייטע געשלעכטס־סימבאָלען פֿון עשתרות־קולט, די גלחים האָבען געטראָגען ווייבערשע קליידער, און די גרויסע פֿאַנאַטיקער פֿלעגען אַריינקומען אין עקסטאַז דורך הייליגע טענץ און מוזיק, פֿלעגען זיך אײנשניידען די אָרעמס אָדער זיך מסרם זיין פֿון גאָט'ס וועגען. מ'פֿלעגט מקריב זיין צו דיעזען גאָט טויבען, פֿיש, און צוויי מאָל אין יאָהר וואַסער. די עולי־רגל פֿון גאַנץ סוריע פֿלעגען אויך גיסען שיסלען וואַסער אין זיין טעמפּעל, וואָס ווייזט, אַז ער איז געוועזען אַ וואַסער־גאָט. אַ נאָהנטע שייכות צו אתרגתים האָט דער בעשיצענדער גליקס־גאָט גד. ער איז ענליך צו דער לאַטיינישער „פֿאָרטונאַ", און ישעיה שטראָפֿט דעם עולם, וואָס גרייט אָן אויף די דעכער געריכטען פֿאַר דיעזען גאָט, כדי צו געווינען זיין חסד. אויסער דעם האָבען די סורייער פֿערעהרט אַ מענגע געטער און געטינס פֿון בבל און מצרים.

---

## § 2. פֿיניקיע, די קוועלען און כאַראַקטער פֿון איהר רעליגיע.

די שטאָדט צור האָט אַ לאַנגע צייט געהערשט איבער די פֿרייע שטעדט צדון, ביירוט, ביבלאָס און ערבד, וואָס געפֿינען זיך אויפֿ'ן ברעג פֿון מיטעל־ים, אין צפון און דרום פֿון כרמל־באַרג. די פֿיניקיער, אַ סעמיטישעס פֿאָלק, וואָס האָט גערעדט אַ ענליכע שפּראַך צו העבּרעאיש, זענען אין דער אַלטער וועלט געוועזען אַ ים־און מסחר־מאַכט. זיי זענען זעהר רייך געוואָרען אַלס האַנדעלס־פֿערמיטלער צווישען ערב, מעסאָפּאָטאַמיע און מצרים. די מלחמות צווישען אשור־בבל און מצרים האָבען רואינירט די האַנדעלס־פּאָרטען אין פֿיניקיע, און אַ געוויסע צייט איז דיעזע מדינה געשטאַנען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון מצרים. די ביבעל, אַשורישע מאָנומענטען און אַלטע גריכישע שרייבער בעקענען אונז גענוי מיט דער געשיכטע פֿון פֿיניקיע. בעת די גריכען האָבען אָנגעהויבען אַרויסשטופּען די פֿיניקיער פֿון קליין אַזיע און די נאָהנטע אינזלען, האָבען זיי זיך גענומען פֿערשפּרייטען זייער קאָלאָניזאַציע אין צפון־אַפֿריקע און שפּאַניע.

אַלס קאָמערסאַנטען זענען די פֿיניקיער געוועזען גענייגט זיך צוצופּאַסען צו אַלערליי קולטורען און אָנצונעהמען אַ פֿרעמדען איינפֿלוס; פֿון דעסטוועגען האָבען זיי אָבגעהיט די ריינהייט פֿון זייער רעליגיע. די פֿיניקישע אמונה איז נאָהענט פֿערוואַנדט מיט'ן קולט פֿון די סורייער און

כנענים, און איז געבויט אויף נאַטוראַליזם און פיעל־געטעריי. אזא שטײנע געגענד, ווי דער לבנון־באַרג, וואָס טראָגט — ווי דער אַראַבישער דיכטער דריקט זיך אויס — אויפ׳ן קאָפּ דעם ווינטער, אויף די אַקסלען דעם פריהלינג און אויף די פיס דעם הערבסט — האָט געגוג געקאָנט בעגייסטערען אַ נאַטור־רעליגיע. דערפאַר פערנעהמט דער ים, דאָס צווייטע פאָטערלאַנד פון די פיניקיער, קיין שום פּלאַץ ניט אין זייער רעליגיע. דער גרעסטער גאָט פון יעדער שטאָדט איז אַ הימעל־הערשער, וואָס הייסט בעל, מלך אָדער מולך, אָדון, און אָפטמאָל אל. ער ברענגט גליק און אומגליק, רעגען, פרוכטבאַרקייט און לעבען, אָבער אויך קרענק, אונגעוויטער און טויט. די געטין הייסט בעלת אָדער מלכת, און גיט פרוכטבאַרקייט און ליעבע, ווי עשתרות. זיי ווערען פאָרגעשטעלט אין אַ געשטאַלט פון פרוכפערנדע אָדער ווילדע חיות, ווי אַנאָקס, אַ קוה, אַ לייב, אָדער רויב־פויגעל. די קאָלאָניעס פון יעדער שטאָדט נעהמען איבער אירהע געטער און קולט. די פיניקיער האָבען כמעט שטענדיג אויפגעשטעלט זייערע נעמען פון געטער־נעמען, ווייל זיי האָבען עס געהאַלטען פאַר אַ סגולה און אַ שמירה.

---

## § 3. אָרטיגע געטער און קולטען.

דער בעל פון יעדען אָרט האָט געטראָגען זיין נאָמען, ווי בעל־פעור, בעל־לבנון און ד. ג. בעזונדער וויכטיג זענען געווען די בעלים פון צור, צדון און תרשיש. בעל־המון פון קרתגא, אַ פיניקישע קאָלאָניע, בעצייכענט אַ נאָמען פון אַנאָרט אָדער די חמנים, די זון־געשטאַלטען, וואָס ישעיה דערמאָהנט, ווייל דאָס איז אַ זון־גאָט אין אַ געשטאַלט, אַרומגערינגעלט מיט שטראַהלען. אמאָל האָט דער בעל געהאַט ספּעציעלע אייגענשאַפטען, ווי בעל־מרפא — דער מעדיצין־גאָט, בעל־מרקד — דער גאָט, וואָס זיין קולט בעשטעהט אין טאַנצען, און בעל־צפון — ווייזט אויס, דער גאָט פון צפון־ווינד. מלקרת — שטאָדט־קעניג — דער גאָט פון צור, איז געוואָרען בעזונדער וויכטיג, צוליעב דער פּאָליטישער ראָלע, וואָס, צור האָט דאַן געשפּיעלט. פון מלך האָט די מסורה פון דער ביבעל געמאַכט מולך, מיט׳ן זעלבען נקוד, ווי בושת — שאַנדע, ווייל דיעזער טיראַנישער גאָט, וואָס האָט פערלאַנגט קינדער־קרבנות, איז געווען בעזונדערס פערהאַסט ביי די נביאים.

בעלת אוב אדער מלכת איז אמאל געווען פערערט אלס קריגס־געטין, דאס רוב אבער, איבערהויפט אין צור, אלס געטין פון תאוה און פרוכטבארקייט. מ׳פלעגט זי סימבאליזירען אין דער געשטאלט פון א טויב, א קוה, אנאשרה, אדער א לבנה צווישען אקסען־הערנער. מ׳האט זי פערערט אויף גרינע בערג און אין הייליגע וועלדער. און בבלאם האט זי געהאט א גרויסען טעמפעל.

אדון איז א פריהלינגס־גאט, וועלכער האט, לויט דער לעגענדע, געהאט אזא שיקזאל, ווי תמוז אין בבל. די גריכען האבען איבערגענומען דעם קולט פון דיזען גאט, וואס הייסט ביי זיי אדאניס. דער פריהלינגס־גאט שטארבט אלע יאהר פון זומער־היץ, מ׳בעקלאגט איהם א געוויסע צייט, און די פרויען אפפערען פון זייערע צעפ און זענען מזנה מיט פרעמדע פאר א לויהן, וואס זיי שענקען דער געטין, אדאניס׳עס געליבטע. נאכהער ווערט דער גאט ווידער לעבעדיג, און מ׳פייערט פרעהליכע ימים־טובים. דיזעלבע געשיכטע פאסירט אין ביירוט מיט דעם גאט אשמון, וואס די גריכען רופען אסקלעפיאס, דער מעדיצין־גאט.

די פיניקיער האבען אויסערדעם פערערט אין דער לעצטער צייט א מענגע פרעמדע און אייגענע געטער, און האבען זיי אפט פערמישט צוזאמען.

## § 4. דער קולט און די אמונות.

די געטער בעהערשען די וועלט, זיי ווערען ענטפלעקט אין אלע ערשיינונגען פון דער נאטור, זיי גיבען איהר ליכט, לעבען און פרוכטבארקייט, זיי ברענגען אבער אויך אלע צרות און אומגליקען. זייער געשטאלט איז שרעקליך. זיי ווערען לייכט אין כעס, און מ׳מוז זיי בעצייטענס מפייס זיין. זיי בעטראכטען ניט לייכט דעם קרבן, מ׳מוז זיך דאס פלייש שניידען, טאנצען און שרייען משוגע׳דיג ביז זיי דערהערען. אליהו הנביא הייסט די גלחים פון בעל שרייען העכער: „מאמער איז ער צערשטרייט, בעשעפטיגט, אבגערייזט, אדער טאמער שלאפט ער״ און בעמערקט ניט דעם קרבן.

די הייליגע ערטער זענען געווען בעצייכענט מיט א מזבח, אנאשרה (הייליג בוים), אדער מיט דער געשטאלט פון גאט. פאר א קרבן ברענגט מען פערשיעדענע פרוכטען, שפייזען, חיות און עופות. קראנקע בהמות אדער געפעלערטע זענען פסול צו א קרבן. ס׳זענען דא דריי סארטען קרבנות: כליל (גאנץ געאפפערט), שועת (בקשה) און שלם (דאנק־אפפער).

די געטער געניסען די קרבנות, בעזונדערס דאס בלוט. און אין די צווייטע כארטען נעהמט דער אפפערער אויך א טייל. מ'טיילט זיך מיט'ן פלייש פון קרבן, דערביי זינגט מען און מ'טאנצט.

צווישען אנדערע ימים-טובים דארף מען רעכענען אויך ראש-חודש. א קינד, וואס ווערט אין דעם טאג געבארען, הייסט בן-חודש. אין א געוויסען יום-טוב פון זיבען טעג האט מען מקריב געווען בכורים. די גייסטער פון געוויסע פייערטעג האבען געהייסען בעלי-ימים. און איינינע שטעדט האט די קעניגליכע פאמיליע זיך בעשעפטיגט מיט'ן קולט. די מוטער פון קעניג אשמונצר האט בעדיענט אלס גלחטע די געטין פון צדון. רב-כהנים האט געהייסען דער אבער-פריסטער, און צווישען די נידעריגע גלחים בעגעגענען מיר טיטלען ווי גלב-אילים (טעמפעל-שערער) און אמת-אלים (טעמפעל-דיענסט). ס'זענען אויך דא טויער-דיענער, זינגער און טענצערינס. די, וואס האבען געוואלט ברענגען זייערע האר פאר א קרבן, האבען זיך געווענדט צום טעמפעל-שערער. די פערצייטיגע סעמיטען האבען געהאלטען, אז די נשמה געפינט זיך אין בלוט, און די לעבענס-קראפט — אין די האר; ס'איז דארום א חשוב'ער קרבן. וויכטיגער פאר אלע איז אבער א מענשען-קרבן. דיעזען אפפער האבען די פיניקיער פערבונדען מיט מילה און מיט דעם, וואס זיי האבען מפקיר געווען יונג-פרויען אויף זנות; זיי האבען אבער אויך אפט מקריב געווען דאס טייערסטע, דאס ערשטע קינד. דיעזער שרעקליכער מנהג האט עקזיסטירט ביי די פיניקיער ביז די לעצטע צייטען, און די רוימער האבען זיך אומזיסט בעמיהט אויסצוראטען איהם אין קרתגא. ביי א גרויסען פאלקס-אומגליק, אדער ביי א אונגעוועהנליכער אלגעמיינער ישועה פלעגט מען אפפערען איינעם פון די גרעסטע מיוחסים אלס אויסלעזונג פון דער גאנצער בעפעלקערונג. דיאדאר דערצעהלט, ווי די קרתג'ער האבען נאך א נצחון איבער די רוימער מקריב געווען די שענסטע געפאנגענע פאר'ן הייליגען געצעלט.

און וואס האבען די געטער פון זייער זייט געגעבען פאר אזעלכע גרויסע אפפער? נאר ערדישע גוטס אויף דער וועלט, א רייכעס, לאנגעס לעבען, וואס ענדיגט זיך מיט'ן טויט. פון קיין יענע וועלט הייסען די פיניקיער ניט. זיי האבען רעכט צובערייט דעם קבר, אדער „בית עולם", מיט צימערען און פיגורען פון די געטער אלס שמירה, אז קיינער האט ניט געטארט שטערן די רוה פון מת; די טויטע זענען אבער מעהר ניט געווען, ווי „רפאים" — שאטענס, וואס ווילען רוהען און פירען א גאנץ שוואכע עקזיסטענץ.

## זיעבעטעס קאַפּיטעל.

# די יודישע רעליגיע.

## § 1. די היסטאָרישע אײַנטײַלונג פֿון דער אידישער רעליגיע.

די אידישע רעליגיע פֿערנעהמט אַ בעזונדער פּלאַץ צווישען די סעמיטישע אמונות. זי ווערט היסטאָריש געטיילט אין צוויי הויפּט-פּעריאָדען, פֿאַר און נאָך גלות בבל. אין ערשטען פּעריאָד ווערט די געטליכקייט איבערהויפּט בעטראַכט אַלס עטוואָס נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ס, זי בעשיצט בעזונדערס דאָס פֿ אָ ל ק י ש ר א ל, און אין צווייטען — ווערט די געטליכקייט אַ ל ו ע ל ט ל י ך; זי קוקט מיט דערזעלבער ליעבע אויף דער גאַנצער נאַטור און אַלע בעשעפֿענישען, און דיעזע מאָנאָטעאיסטישע אידעע ווערט געטראָגען און געלעהרט דורך אַ א י ד י ש ע ר ר ע ל י ג י ע ז ע ג ע מ י י נ ד ע. דער ערשטער פּעריאָד היעדער טיילט זיך אויך אין צוויי עפּאָכען. אין דער ערשטער עפּאָכע ווערט געפֿיהרט אַ קאַמפּף צווישען אידישען גאָט און די אמונות פֿון די כנענים, און דער נצחון גיעהט איבער אַמאָל אויף איין זייט, אַמאָל אויף דער צווייטער. די צווייטע עפּאָכע הויבט זיך אָן בעת יהוא פֿערניכטעט די דינאַסטיע פֿון עמרי אין מלכות אפרים (842 פֿאַר ק.),— אַ געשעהעניש, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסען איינפֿלוס אויך אויף מלכות יהודה. די נביאים טרעטען דאַן אַרויס עפֿענטליך און ווירקען אויפֿ'ן פֿאָלק, פֿערשאַרפֿען די מאָראַלישע פֿאָדערונגען און מאַכען די אידישע רעליגיע גייסטיגער און העכער.

אין צווייטען פּעריאָד, וואָס הויבט זיך אָן פֿון נחמיה, ענטוויקעלט זיך פֿריהער אין פּאַלעסטינא אַ היילינגע געמיינדע, וואָס בעמיהט זיך צו לעבען געגוי לויט דער תורה; נאָכהער, אין יאָהר 333 פֿאַר ק., הויבט זיך אָן דער קאַמפּף צווישען יודענטום און דער גריכישער קולטור, וואָס ענדיגט זיך מיט'ן נצחון פֿון די חשמונאים. נאָך אַ קורצער צייט פֿון הצלחה אונטער דער הערשאַפֿט פֿון די מאַקאַבעאישע פּרינצען, קומט אָבער אַ נייער קריזיס אין יודענטום, צוליעב דער פֿרעמדער הערשאַפֿט פֿון הורדוס'עס דינאַסטיע און די רוימער. משיח'ישע שטרעבונגען, פֿערזענליכע פֿרומקייט און תלמוד'ישע לומדות עפֿענען נייע וועגען פֿאַר דער אידישער רעליגיע.

## § 2. אָנפאַנג פון קולט.

דער ערשטער יסוד פון דער אידישער רעליגיע איז, אַז גאָט האָט געשלאָסען אַ בונד מיט זיין פאָלק ישראל, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אין דער פאָרם פון אַ חתונה-פייערונג. דעם כאַראַקטער פון יעדער רעליגיע דערקענט מען פון דעם נאָמען, וואָס איהר גאָט טראָגט. דער נאָמען פון אידישען גאָט און זיין בעגריף זענען אָבער געבליבען אומבעקאַנט סיי פאַר דער מסורה (די רעליגיעזע טראַדיציע), סיי פאַר די נייע ביבעל-פאָרשער. בעת משה פרעגט ביי גאָט וועגען זיין נשמה, בעקומט ער אַ ענטפער: „דו זאָלסט זאָגען צו אידען — אהיה האָט מיר צו אייך געשיקט" (שמות ג, 14); ס'הייסט — „כ'וועל זיין, ווער איך בין" האָט מיר צו אייך געשיקט. די אַלטע אידישע רעליגיע האָט ניט געפאָדערט צו דערקענען דאָס מעטאַפיזישע וועזען פון גאָט אַן און פאַר זיך, זי האָט נאָר געוואָלט אויסצולערנען דאָס פערהעלטניס צווישען גאָט און זיין פאָלק ישראל. זי ווייס נאָר, וואָס גאָט פאָדערט פון זיין פאָלק, און וואָס דאָס פאָלק קאָן דערוואַרטען פון גאָט. דאָס אַלטע יודענטום בעשעפטיגט זיך נאָר מיט פּראַקטישע און מאָראַלישע צוועקען פון געוועהנליכען לעבען, און לאָזט פריי דעם וועג אין העכערע געטליכע פראַגען. דאַרום האָט די מאָנאָטעאיסטישע אידעע זיך געקאָנט גוט ענטוויקלען ביי אידען אין קומען צו פאָלשטענדיגקייט.

די אַלטע אידישע רעליגיע האָט געמעגט לייהען פערשידענע מנהגים און בעגריפען פון אַנדערע אמונות, זי האָט אָבער אויף זיי אַרויפגעלעגט דעם שטעמפּעל פון איהר אייגענטימליכען כאַראַקטער.

## § 3. די אוראַלטע אמונה ביי יודען.

היסטאָריש הערשט אַ אונגעוויסהייט בנוגע צו דער אוראַלטער יודישער געשיכטע און די ערשטע קוואַלען פון יודענטום. די ערשטע העברעער האָבען, ווייזט אויס, געדיענט צו רוחות און מתים, ווי אַנדערע באַרבאַרישע פעלקער, זיי האָבען אָבער גאַנץ פריה אָנגעהויבען אַרויסווייזען אַ רעליגיעזע אייגענטימליכקייט. די געטליכקייט האָט ביי זיי ניט אָנגענומען קיין אינדיווידועלע און ממשות'דיגע פאָרמען, זי איז ניט בעפוצט געוואָרען מיט מיטאָלאָגישע געשיכטען און האָט זיך ניט ענטוויקעלט אין אַ געוועהנליכער פעל-

געטערי. די געטליכקייט האט געהייסען אל, בעל, מלך, אדון און שדי, וואס צייגט, אז זי איז שטארק און געוועלטיגט, זי פעראייניגט צוזאמען דעם שבט, וואס קומט מיט איהר אין פערבינדונג דורך א קרבן אדער א הייליגען מאלצייט. ווייטער פון שבט איז איהר מאכט ניט געגאנגען. זי האט פון דעסטוועגען געהאט א געוויסע שייכות צו דער נאטור, אין מאקס-מילער איז געווען מגוזם בעת ער זאגט, אז די אינדא-גערמאנישע פעלקער האבען דערקענט גאט אין דער נאטור, און די סעמיטען — אין דער געשיכטע.

די אורואלטע רעליגיע פון די ערשטע העברעער האט שוין געשאפען א טיעפען תהום צווישען גאט און דעם מענשען. גאט איז א הייליגער, אונבעשרענגטער הערשער, און דער מענש איז זיין שקלאף, וואס דארף זיך איינגאנצען אבגעבען דער פרומקייט. די שפעטערע ענטוויקלונג פון דער אנשויאונג געפינען מיר נאכהער ביי די נביאים, וואס פאדערען אפט, אז דער מענש זאל זיך בעטראכטען פאר קליין און אונבעדייטענד געגען דער גאנץ הויכער געטליכקייט.

---

## § 4. די מנהגים און דער קולט פאר משה'ן.

דער מנהג איז ביי די אלטע העברעער געוועזען פערבונדען מיט'ן קולט, און ניט וועניגער הייליג ווי ער. „וכן לא יעשה" (בראשית לד, 7) ד-אזוי טהוט זיך ניט; דאס איז געוועזען דער גרעסטער טאדעל אין יענע צייטען. דער שרייבער פון ספר יהושע דערצעהלט, אז די עלטערען פון יודישען פאלק, וואס האבען אמאל געוואהנט אין יענער זייט טייך פרת, האבען געדיענט אנדערע געטער. (יהושע כ"ד, 2); דאס הייסט, אז די יודישע וואנדער-שבטים האבען זיך אבגעזאגט פון קולט, וואס האט עקזיסטירט ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער און איז בעשטאנען אין פערגעטערונג פון נאטור-ערשיינונגען און אויסגעלאסענקייט.

קיין אמת'ע געצען און ארגאניזירטע כהנים געפינען מיר ניט ביי די העברעאישע שבטים. הייליגע שטיינער און בוימער (מצבות, אשרות) האבען סימבאליזירט די גאטהייט. די געשטאלט פון אנ'אקס האט געדיענט פאר א סימבאל פון דער געטליכער שטארקייט. פון דעם נעהמט זיך דער עגל און שפעטער ירבעם'ס עבודה-זרה'ס. די תרפים זענען פיגורען פון 'שטיבינע געטער, וואס האבען געדיענט אלס קמיעות און האבען ניט געהאט קיין דירעקטע שייכות צו דער רעליגיע. אפיר בעצייכענט — מאנטעל, פון אנהויב

איז דאָס אָבער, ווייזט-אויס, געווען אַ געטליכע סטאַטוע געקליידעט אין גאָלד אָדער אַן אַנדער מעטאַל. ווי מען האָט פון אַפוד אויסגעפרעגט די צוקונפט ווייסען מיר ניט; דאַסזעלבע איז אונז אונבעקאַנט די פאָרם פון אורים-ותומים.

אַלס רעליגיע פון שבט, וואָס האָט נאָך ניט אין זיך קיין בעזונדערע סיסטעמישע עלעמענטען, האָט די אמונה פון די ערשטע העברעער ניט געפאָדערט קיין ספּעציעלע כהנים, וואָס זאָלען ווערען פערמיטלער צווישען גאָט און די גלויבער. דער עלטסטער פון שבט אָדער פון פאַמיליע האָט געפיהרט די רעליגיעזע צערעמאָניעס און מקריב געווען קרבנות. שפּעטער האָט זיך דער קעניג דערמיט בעשעפטיגט. דער עיקר קולט איז בעשטאַנען אין קרבנות, וואָס זענען פון אָנפאַנג געאָפּפערט געוואָרען אַלס אַ שותפות'ער מאָלצייט פאַר גאָט און זיין שבט, כדי צו פערשטאַרקען דעם בונד צווישען זיי. דער מזבח איז אָפט בעשטאַנען פון אַן איינפאַכען שטיין, וואָס מ'האָט צופעליג געפונען, און אפילו די שפּעטערע צייטען האָט דאָס יודענטום ניט געוואָלט קיין געקינסטעלטע און געבויטע מזבחות.

דער קולט פלעגט איבערהויפּט אָרגאַניזירט ווערען אויף בערג, ווייל די געטליכקייט זיצט אויף הויכע ערטער. ניט געפינענדיג קיין נאַטירליכען בארג, פלעגט מען מאַכען אַ געקינסטעלטען, אַ במה. ביסלעכווייז האָט מען אויף די הייליגע בערג אָנגעהויבען צו בויען טעמפּלען, וואָס זענען געוואָרען רעליגיעזע צענטערן פאַר'ן גאַנצען שבט; בעת די שבטים זענען נאָך געווען וואַנדערער האָבען זיי שוין אויך געהאַלטען געוויסע בערג פאַר בעזונדערס הייליג, ווי דער באַרג-סיני אין לאַנד פון די קינים.

ראש-חודש איז איינער פון די עלטסטע ימים-טובים ביי די העברעער. די רוהע פון שבת איז פאַר די דאָזיגע וואַנדערער-שבטים ניט איבעריג ווילסט. ביים שערען די שאָף פלעגט געפייערט ווערען אַ יום-טוב, וואָס האָט אַ שייכות צום חג-הפסח. אַן אַלטער מנהג איז אויך די מילה, וואָס האָט אויך עקזיסטירט אין מצרים און ביי אַלע אַרומיגע פעלקער פון פּאַלעסטינא, אויסער פלשתים.

---

## § 5. גאָט אַלס בעפרייער און קריעגער.

ביי די העבראַישע שבטים אין מצרים איז נאָך געווען געבליבען אַ רעשט פון זייער אַמאָליגער רעליגיע, און אָט דעם רעשט האָט משה

אויפֿגעלעבט מיט דעם נייעם באַגריף פֿון גאָט, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פֿון דער מדבר. ער האָט ווידער צונויפֿגעבונדען און באַגייסטערט דאָס פֿאָלק, וואָס איז צובראָקעלט און ערניעדערט געוואָרען פֿון דער שקלאַפֿישער אַרבייט און האָט געשאַפֿען אַ גרויסע רעליגיעזע באַוועגונג. דער אַלטער גאָט פֿון די עלטערען האָט זיך באַוויזען אין אַ נייער העכערער פֿאָרם און האָט מיט אַ שטאַרקער האַנד בעפֿרייט זיין אויסדערוועהלטען פֿאָלק פֿון מצרי'שער קנעכטשאַפֿט. פֿון דעם געשעהעניש האָט זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט דער יודישער בעפֿרייאונגס־גלויבען.

דער יודישער גאָט איז קודם־כל אַ בעפֿרייער, — אַ בעפֿרייער אין דער פֿערגאַנגענהייט און אין דער צוקונפֿט. ער איז אַלמעכטיג, פֿעראייניגט די יודישע שבטים אין איין נאַציע, און זיכערט זיי אַנאָונאַבהענגי־גיגע עקזיסטענץ. ביז דוד־המלך, האָט דאָס יודישע פֿאָלק ניט אויפֿגעהערט צו קעמפֿען געגען די קריגערישע שכנים און איז אָפֿט געווען אין געפֿאַהר איינגאַנצען פֿערניכטעט צו ווערען. די יודישע קעמפֿפֿער האָבען, פֿערשטעהט זיך, גערופֿען זייער נאַציאָנאַלען גאָט אין טומעל פֿון מלחמה אפֿי' שלאַכטפֿעלד און האָבען אָנגעהויבען פֿיהלען בעזונדערס זיין אַנוועזענהייט אין רעכטען געוויש פֿון קאַמפֿף. זיי האָבען בעקומען הילף פֿון גאָט, וואָס האָט צושלאָגען דעם שונא און בעגייסטערט אין קריעג די נאַציאָנאַלע העלדען. ער איז דאַרום געוואָרען אויך אַ גאָט פֿון מלחמה; פֿון זיינעטוועגען ווערט געפֿיהרט דער קריעג און צו איהם געהערט די יודישע אַרמעע (ה' צבאות). דבורה'ס ליעד, איינס פֿון די עלטסטע פּאָעמען אין דער יודישער ליטעראַטור, שילדערט אונז, ווי גאָט קעמפֿט אין דער שפיץ פֿון די שבטים, ווי די שטערען און אַלע נאַטור־קרעפֿטען פֿיהרען זיין הייליגען קאַמפֿף, ביז זיינע פֿיינד געהען פֿערלאָרען (שופטים ה').

דער ארון, וואָס איז שפּעטער געשטאַנען אונטער די כרובים אין קדשי־קדשים, איז פֿון אָנפֿאַנג געווען אַ טראָג־טעמפּעל, וואָס מ'האָט מיטגענומען אין קריעג, ווייל אין איהם האָט גערוהט די געטליכקייט. דאָס זעהען מיר פֿון משה'ס אויסרוף בעת דער ארון איז אַרויס אין וועג: „שטעה־אויף, יהוה, כדי דיינע פֿיינד זאָלען צושפּרייט ווערען און דיינע געגנער זאָלען פֿאַר דיר אַנטלויפֿען!" זייט שלמה האָט אָבער אויסגעבויט דעם בית־המקדש האָט דער ארון פֿערלאָרען זיין ראָלע אַלס טראָג־טעמפּעל; מ'האָט איהם אַריינגעשטעלט אין קדשי־קדשים און ער האָט מעהר אין קריעג ניט געדיענט.

## § 6. גאָט אלם קעניג פון לאַנד.

אין ערשטען פעריאָד פון דער אידישער רעליגיע האָט גאָט געזיגערט זיין פאָלק אַ אונאָבהענגיגע עקזיסטענץ, וואָס הויבט זיך אָן איבערהויפּט פון דודים נצחון איבער'ן יבוסי. די איינגענומענע פעסטונג פון ציון איז געוואָרען דער פּאָליטישער, און שפּעטער, בעת מ'האָט געבראַכט אהין דעם אָרון — אויך דער רעליגיעזער צענטר פון אידישען פאָלק. גאָט האָט מנצח געווען די כנענים און האָט איבערגעטראָגען זיין וואוינונג פון סיני אין ציון. ארץ־ישראל איז פון דאַן אָן געוואָרען אַ הייליג לאַנד, גאָט'ס אייגענטום (נחלת ה').

דאָס דאָזיגע געשעהעניש איז געוואָרען בעזונדערס וויכטיג צוליעב זייטיגע דריי פאַקטאָרען, וואָס האָבען געגעבען דער אידישער געשיכטע אַ נייע ריכטונג: די נביאים, די גרינדונג פון אַ קעניגליכע הערשאַפט און דאָס איבערגעהן פון'ם וואַנדער־לעבען צו פעסטער ערד־אַרבייט. נאָך אין שמואלס צייטען איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ'נאָרדען פון בני־נביאים, וואָס האָבען געטראָגען האָר־קליידער, ליעב געהאַט מוזיק, און געפּרעדיגט גאָטס־וואָרט מיט אַ הייליגער התפעלות. דיעזע בעגייסטערטע אידעאַליסטען, אַ ספּעציעלע ערשיינונג פון אידישען גייסט, האָבען פערשפּרייט צווישען פאָלק די נייע רעליגיעזע בעגריפען; פון זיי האָבען זיך אָפט אָבגעטיילט הויכע געטליכע־מענשען מיט אַ גרויסען קינסטלערישען געפיהל, ווי עמוס, ישעיה, ירמיה, און האָבען די רעליגיעזע אידעאַלען פיעל ווייטער געבראַכט, ווי די איבעריגע מענגע בני־נביאים, צו וועלכע זיי זענען אָפטמאָל געשטאַנען אין אָפּאָזיציע.

אַ טיעפען איינדרוק אויף דער רעליגיע האָט אויך געמאַכט דאָס קעניגטום. דאָס אָפטע אָנפאַלען פון די אַרומיגע פעלקער אויף ארץ־ישראל האָט געצוואונגען דעם אידישען פאָלק זיך צו פעראייניגען און זיך אויסצוקלייבען אַ מלך. די מלוכה איז אָבער געווען געגען דעם כאַראַקטער פון דער אידישער רעליגיע, און די ביבעל בעמערקט איינינגע מאָל דייטליך, אַז די מאָנאַרכיע ברענגט מיט זיך ווילקיר, און טראָגט איבער די הערשאַפט פון גאָט'ס הענד אין די הענד פון אַ מענשליכער אַדמיניסטראַציע. אַנשטאָט דער אינדיווידועלער בעגייסטערונג פון העכערע מענשען, וואָס האָבען געפיהלט, אַז גאָט האָט זיי געמאַכט פאַר מנהיגים און פאָלקס־רעטער — איז רעגולירט געוואָרען אַ אָפיציעלע הנהגה, וואָס גערט איבער פון פאָטער צום זוהן. די נביאים זענען דאַרום שפּעטער געוואָרען געגנער פון טראָן;

פון אָנהויב איז אָבער די מלוכה געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט דער רעליגיע און האָט איהר בעדייטענד געשטיצט. שמואל הנביא האָט דעם מלך געגעבען דעמזעלבען רעליגיעזען כאַראַקטער, וואָס דער „שופט" (ריכטער) האָט פריהער געהאַט, און דאָס יודענטום האָט בעקומען א נייע קראַפט דורך דעם, וואָס עס איז געוואָרען אַנ'אָפיציעלע רעליגיע פון א גוט-אָרגאַניזירטען פאָלק. דער מלחמה-גאָט איז געוואָרען א גאָט-קעניג, וואָס וואוינט צווישען פאָלק שטענדיג, ניט נאָר אין א צייט פון קריעג. ס'פערשטעהט זיך אָבער, אַז די מלכים האָבען זיך פערהאַלטען אויף פערשיעדענע אופנים צו דער רעליגיע, און האָבען זי בעאיינפלוסט אין צוזאַמענהאַנג מיט זייערע פערזענליכע נייגונגען.

ניט קיין קלענערע בעדייטונג פאַר דער רעליגיע האָט געהאַט, דאָס בעזעצען זיך פון די אידישע שבטים אין ארץ-ישראל. זיי האָבען זיך באַלד צוזאַמענגעלעבט מיט די כנענים, וואָס זענען דאָרט פריהער געזעסען, און די כנענישע קולטור איז געוואָרען א סכנה פאַר די רעליגיעזע בעגריפען, וואָס אידען האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך פון דער מדבר. די אידישע רעליגיע האָט אָבער אַרויסגעוויזען א גרויסע לעבענס-קראַפט אין קאַמפף מיט דער ענטוויקעלטער ציוויליזאַציע פון די כנענים; פון איין זייט איז זי געווען פערקניפט מיט דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין, וואָס האָט איהר ניט געלאָזען אונטערגעהן, און פון דער צווייטער זייט — איז דער אידישער קולט אין דער מדבר נאָך ניט אינגאַנצען בעשטימט געווען און מ'האָט איהם געקאָנט צופאַסען צו אַלערליי נייע אומשטענדען. די „במות" פון די כנענים זענען איבערגעגאַנגען צום אידישען גאָט, וועלכער האָט אויך בעקומען דעם נאָמען „בעל" (הושע ב, 18). די „מצבות" און „אשרות" זענען אויך פערהייליגט געוואָרען, און פיעל „נאַטוראַליסטישע" מנהגים זענען אריינגעדרונגען אין יודענטום, ווי די היילִיגע פראָסטיטוציע (קדשות), קאָנצענטרירונג פון דער געטליכקייט אין געוויסע ערטער, קינדער-קרבנות און אז. וו. ניט אומזיסט זענען דאַרום די העכערע גייסטער פון פאָלק אַרויסגעטרעטען געגען די במות, און בעזונדערס שאַרף קריטיקירט זיי יחזקאל. די במות האָבען אָבער אויך געבראַכט א גרויסען נוץ דעם יודענטום דערמיט, וואָס זיי האָבען געדיענט אַלס רעליגיעזע צענטרען פאַר יענע טיילען פון דעם אידישען פאָלק, וועלכע האָבען זיך געפונען ווייט פון ירושלים; דורך זיי איז גאָט געוואָרען דער בעשיצער פון דער ערד-אַרבייט און דער בעזיצער פון לאַנד.

## § 7. ציוויליזאַציע צונויפמישונג און אָבזונדערונג.

דוד האָט אָנגעהויבען צו מאַכען ירושלים פאַר'ן רעליגיעזען צענטער פון ארץ־ישראל, און שלמה האָט דיעזע אַרבייט פאָרטגעזעצט. די שפּעטער־דיגע הורות האָבען ניט אומזיסט בעפּוצט מיט לעגענדעס שלמה'ס חכמה און די אידישע עשירות אין זיין צייט; ס'איז דאַן ווירקליך געווען די גאָלדענע צייט פאַר די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אידעען פון אידישען פאָלק. די פראַגע: ווי פערהאַלט זיך דאָס יודענטום צו דער וועלטליכער ציוויליזאַציע — האָט שלמה געלעזט אויף'ן בעסטען אופן. דאָס יודענטום, וואָס איז געוואָרען אַ אָפיציעלע רעליגיע פון אַ מאָנאַרכישער מדינה, האָט געפאָדערט, אַז דער קולט זאָל בעקומען גלאַנץ און פּאַראַד, און אַ פּרעכטיגען טעמפּעל. דער קולט פון דיעזען טעמפּעל, וואָס איז געווען ניט איין בעזונדערער בנין, נאָר אַ טייל פון אַ מענגע קעניגליכע געביידעס, האָט געדיענט שפּעטער אַלס מוסטער פאַר דער קריסטליכער עבודה. און סטאַרע איז זעהר געוואַקסט, ווען ער זאָגט, אַז מיר פוהלען נאָך יעצט אַלע טאָג די פאָלגען פון שלמה'ס ווערק. פיעל רעליגיעזע פאָרשטעהער זענען אָבער דאַן ניט געווען צופריעדען מיט די דאָזיגע ווערק פון אָריענטאַלישען לוקסוס. לויט זיי, האָט זיך דער אידישער גאָט פון נאָמאַדען און קריעגער געפיהלט בעסער אין געצעלט פון דער מדבר, אין דער פּרימיטיווער איינפאַכקייט פון וואַנדער־לעבען, איידער אין געציערטען טעמפּעל פון מראַמאָר און טענען־האָלץ.

די פיינדליכע געפיהלען צו דער וועלטליכער ציוויליזאַציע, וועלכע שלמה האָט אַריינגעבראַכט אין דער רעליגיע, האָבען זיך אַרויסגעוויזען אין פערשיעדענע צייטען פון דער אידישער געשיכטע. אין דוד און שלמה'ס צייטען זענען געגען דער וועלטליכער ציוויליזאַציע אַרויסגעטרעטען די נביאים נתן און אביה, און אין מלכות־אפרים קעמפּפט בעזונדערס געגען איהר אליהו. בעת זיין תלמיד אלישע מישט זיך אין שטאָדטיגען און פּאָליטישען לעבען, אוז די הערשער האַלטען זיך מיט איהם עצות — טראָגט אליהו אַ האָר־מאַנטעל, זיצט אָפּט אין דער מדבר, און מאַכט אַ קנאַפּען חשבון פון פּאָליטיק, רייכקייט, קעניגליכע גדולה און קולטור־אינטערעסען. אזוי האָבען פון אַכטען יאָהרהונדערט אָן די נביאים עמוס, הושע, ישעיהו און אַנדערע, אויפגעוויזען די וואונדען פון דער ציוויליזירטער געזעלשאַפט, וואו די שטאַרקע און רייכע באַדען זיך אין גוט'ס אויף'ן רעכענונג פון די אָרימע און אונטערדריקטע. די הויפּט־פאָרשטעהער פון דיעזער ריכטונג

זעגען אָבער די נזירים און בני־רכב, וואָס האָבען געמאַכט דאָס אָרימע וואַנדער־לעבען פאַר זייער אידעאַל, און האָבען זיך אָבגעזאָגט פון ערד־אַרבייט, פון בויען הייזער און פון דער גאַנצער פעסטער ציוויליזאַציע.

די אונצופרידענהייט מיט שלמה'ס וועלטליכער ציוויליזאַציע איז געווען איינע פון די סיבות, וואָס האָבען געבראַכט צו דער אָבטיילונג פון אפרים, וואָס האָט אין רעליגיעזען זין געבראַכט נוצען. אין מלכות אפרים איז ניט געשאַפען געוואָרען קיין שטאַרקער פּאָליטישער און רעליגיעזער צענטער, די רעליגיעזע שטרעבונגען האָבען זיך דאָרט פריי און ראַש ענט־וויקעלט אין פערשיעדענע דרכים, און די אַלטע טראַדיציעס האָבען ווידער איפגעלעבט אין זייער פרימיטיווער פאָרם. ניט האָבענדיג קיין אָרון זענען די בני־אפרים געווען געצוואונגען צו בעניצען דעם אַלטען געטליכען סימבאָל אין אַ געשטאַלט פון אַן אָקס.

די וועלטליכע קולטור האָט נאַטירליך געפירט צו רעליגיעזער צוזאַמענמישונג אויך אין מלכות אפרים. אין פּאָליטישען זין איז אחאב, למשל, געווען איינער פון די בעסטע אידישע מלכים; ער האָט פערשטאַרקט און פערגרעסערט זיין מלוכה, און געלעבט אין שלום מיט די אַרומיגע פעלקער, וועלכע האָבען זיך מיט איהם מתחתן געווען, אָדער איהם צינז געצאָהלט. דיעזע פריינדשאַפט מיט די שכנים האָט איהם אָבער געבראַכט צו בויען אַ טעמפעל אין שומרון פאַר'ן סירישען „בעל". גענען דעם איז שאַרף אַרויסגעטראָטען אליהו, וואָס האָט דער ערשטער געשטעלט די ריינהייט פון דער רעליגיע העכער פאַר די נאַציאָנאַלע אינטערעסען, און האָט געשאַפען דעם פירוד צווישען אידישען גאָט און דער אידישער מלוכה. אלישע האָט נאָכהער דורכגעפיהרט דיעזע שיטה מיט רעוואָלוציאָ־נערע דרכים, וואָס האָבען צוגעגרייט דעם אונטערגאַנג פון מלכות אפרים.

## § 8. דער מאָראַלישער כאַראַקטער פון גאָט: גערעכטיגקייט, ליעבע און הייליגקייט.

ביז דער רעוואָלוציע פון יהוא האָבען די פאָרשטעהער פון יודענטום געהאַט צו קעמפפען איבערהויפּט געגען דעם פרעמדען איינפלוס; און נאָכ'ן נצחון איבער'ן בעל־קולט, וואָס די נביאים האָבען אָבגעהאַלטען מיט דער הילף פון דיעזען קעניג, הויבט זיך אָן דער קאַמפף געגען די שלעכטע עלעמענטען אין יודענטום גופא.

די נביאים האָבען, זייט דעם אַכטען יאָרהונדערט פאַר ק., ענטוויקעלט די אַלטע אידעע, וואָס גרינדעט דעם בונד צווישען גאָט און דעם אידישען פאָלק אויף דער בעפרייאונג פון מצרים, און האָבען געמאַכט דעם מאָראַל פאַר'ן יסוד פון דער רעליגיע. עמוס פאָדערט גערעכטיגקייט און געזעלשאַפט־ליכע עהרליכקייט (צדקה); און הושע פערלאַנגט פון מענשען ליעבע, גענאָד (חסד), אַזוי ווי גאָט האָט ליעב זיין פאָלק. דיעזע אידעאַליסטען האָבען בעטראַכט דעם נאַטוראַליסטישען קולט פון המון, אַלס אַ ערנידעריגונג פאַר דער ריין־גייסטיגער געטליכקייט, וואָס שטרעבט צו הויכע צוועקען און האַלט ניט פון קיין טרוקענע צערעמאָניעס. דער בעגריף פון בונד, וואָס עקזיסטירט צווישען גאָט און זיין פאָלק, איז געוואָרען העכער; דאָס איז ניט מעהר קיין איינפאַכער אָבמאַך, אַז גאָט זאָל העלפען זיין פאָלק דערפאַר, וואָס עס היט אָב זיין קולט. גאָט פאָדערט נאָר מאָראַלישע פאָלקאָמענהייט, ליעבע און גערעכטיגקייט פון זיין פאָלק, וואָס איז דערצו בעזונדערס פעהיג, און אויב דיעזע פאָדערונג ווערט ניט ערפילט, איז ביי איהם דאָס פאָלק ישראל ניט טייערער פאַר אַנדערע אומות. אדרבא, דיעזעס פאָלק וועט בעזונדערס שטרענג געשטראָפט ווערען פאַר זיינע זינד. בעת ירבעם דעם 2־טענס מלוכה איז נאָך געווען גאַנץ תקיף, האָבען שוין די נביאים פאָראויסגעזעהען, אַז דאָס פאָלק וועט געהן אין גלות פאַר זיין זיטליכער פערדאָרבענהייט, חאָטש דאָס פאָלק אַליין האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז זיין גאָט זאָל איהם אַמאָל פערלאָזען.

אין ישעיהו'ס צייט הויבט אָן דער רעליגיעזער צענטר איבערצוגעהן פון אפרים צו יהודה. דיעזער גרויסער נביא האָט דאָס יודענטום געמאַכט גייסטיגער און טיעפער. גאָט איז הייליג און אַלוועלטליך, העכער פאַר'ן מענשענ'ס השגה, פון דעסטוועגען בלייבט ער „דער הייליגער פון אידישען פאָלק" (קדוש ישראל), וואָס ווערט דורך איהם אַמין הייליגע געמיינדע. דאָס אידישע פאָלק דאַרף זיך ניט אָבגעבען מיט נאַטור־ערשיינונגען און פאָליטיק, ווי אַנדערע פעלקער, און דאַרף זיך פערטרויען נאָר אויף זיין גאָט. זיין קולט דאַרף זיין ריין ניט בלויז פון „אלילים", נאָר אויך פון „אפוד ותרפים", אַ רעשט פון אַמאָליגען נאַטור־דיענסט. בעזונדערס הייליג פאַר ישעיהו איז ירושלים, גאָט'ס שטאָדט (אריאל), צו וועלכער קיין פיינד קאָן ניט צוטרעטען, ווי ס'צייגט די גרויסע מפלה פון סנחריב'ס אַרמעע, וואָס האָט בעלאַגערט אידהרע מויערען. פון דעסטוועגען וועט גאָט „דורכזיפען" זיין פאָלק, פיהרען איהם אין גלות, און נאָר אַ קליינער טייל פון איהם וועט זוכה זיין אומצוקעהרען זיך אין הייליגע

לאַנד (שאר ישוב). דער עיקר איז ניט די גאַנצע נאַציע, נאָר די פֿרומע היילינע געמיינדע, וואָס מעג זיין קליין אין צאָהל אָבער גרויס אין גייסט. דיעזען איסוהאָהל האָט שוין אַמאָל געמאַכט אלידו, בעת ער בע־שטימט פֿאַר גאָט נאָר „די קניען, וואָס האָבען זיך צום בעל ניט געבויגען".

---

## § 9. די רייניגונג פֿון געצענדיענער עלעמענטען און דער יום הדין

זייט דאָס אידישע פֿאָלק איז געקומען אין בעריהרונג מיט אשור־בבל, האָט זיך אין ארץ־ישראל פֿערשטאַרקט דער איינפֿלוס פֿון דער אָריענטאַלישער ציווילי̇זאַציע. פֿון קעניג אָחז אָן האָט זיך אין לאַנד פֿער־שפּרייט דער קולט פֿון מולך, וואָס פֿאָדערט קינדער־קרבנות, און די פּלאַנעטען (צבא־השמים), ווי די געטין מלכת, האָבען אויך געפֿונען פֿיעל אָנהענגער. די פֿרומע געמיינדע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום ישעיהו הנביא, האָט דאַרום געשטרעבט אויסצורייניגען דאָס יודענטום פֿון דיעזע פֿרעמדע עלעמענטען. דער ספר דברים, וואָס מ'האָט געפֿונען אין בית־המקדש אין יאשיהו'ס צייט (621 פֿאַר ק.), האָט דיעזען צוועק זעהר גוט געדיענט. ער האָט געגרינדעט דעם בונד צווישען גאָט און זיין פֿאָלק איבער־הויפּט אויף מענשען־ליעבע און גערעכטיגקייט, און קאָנצענטרירענדיג דעם קולט נאָר אין ירושלים, האָט ער געשטרעבט צו מאַכען אַ סוף צו די אָרטיגע במות, וואָס האָבען געטראָגען אַ נאַטוראַליסטישען כאַראַקטער, און האָבען אָנגעהויבען שאַדען דעם יודענטום מעהר ווי נוצען ברענגען.

דיעזע שטרעבונגען פֿון די גייסטיגע פֿאָרשטעהער פֿון יודענטום האָבען אָבער אַזוי שנעל ניט געקאָנט ענדערען די לאַגע. ס'האָט זיך, וואָס ווייטער אַלץ מעהר, אַרויסגעוויזען די נויטיגקייט צו ענדערען דעם גאַנצען יסוד פֿון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער אָרדנונג, וואָס איז געווען צוזאַמען־געוואַקסען מיט אַלטע פֿערדאָרבענע מנהגים. ס'איז געמאַכט געוואָרען אַ גרינדליכע איבערקעהרעניש, דאָס פֿאָלק מוז געהן פֿריהער אין גלות און נאָכהער אָרגאַניזירען זיין לעבען אויף נייע יסודות. ירמיה האָט דאַרום אָפֿען געפּרעדיגט, אַז די בבלים, וואָס האָבען מנצח געווען אשור און מצרים וועלען באַלד מאַכען אַ סוף אויך צו דער אידישער מלוכה. ירושלים און דער בית־המקדש גופֿא, וואָס ישעיה האָט זיי געהאַלטען פֿאַר אונ־בעזיעגבאַר, וועלען חרוב ווערען, ווייל דער טעמפּעל־קולט האָט ניט קיין אמת'ן מאָראַלישען יסוד און פֿערפֿיהרט נאָר דעם עולם אין אַ פֿאַלשע

פרומקייט. געגען א געוויסער סעקטע פון נביאים, ווי חנניה, וואס האבען פערבונדען די רעליגיע מיט'ן פאטריאָטיזם, ערקלערט ירמיה אויסדריקליך, אז די רעליגיעזע אויפגאבען שטעהען העכער ווי די פאטריאָטישע. גאט'ס יום-הדין וועט ניט שוינען דעם פאָלק, ער רופט אשור צו שטראָפען די אינ-געהאָרכזאמע אידען, און קעמפפען געגען אשור קאָן נאר שאַדען, ווייל דער חורבן וועט זיין גרעסער.

א שווערען אינערליכען קאמפף האט ירמיהו איבערגעלעבט, זיך צו-קוקענדיג צו דעם טרויעריגען אינטערגאנג פון ירושלים. ער האט געמוזט שטעהן ביי דער נויטיגער און שווערער אפעראציע פון זיין געליעבטען פאָלק. פאר א פערדעטער, פאר א פאָלקס-שונא האט מען איהם געהאלטען, און ער האט געמוזט ביטער בעקלאָגען דעם חורבן, וואס ער אליין האט אנגעזאגט. הושע איז געוועזן דער נביא פון מענשען-ליעבע, ישעיה — פון טיעפען גלויבען אין גאט, און ירמיהו — פון יסורים-נויטיגקייט. די נייע געמיינדע מיט דער הארציגער רעליגיע — האט געקאנט געבוירען ווערען נאר מיט גרויסע יסורים.

## § 10. די הייליגקייט פון גאט און זיין געמיינדע בעפרייאונג.

אנשטאט דעם נאציאָנאלען טעמפעל-קולט, וואס איז פערלאָרען געגאנגען צוזאמען מיט דער אידישער מלוכה, איז אין גלות בבל געשאפען געוואָרען א נייע גייסטיגע עבודה פון תפלה און למוד התורה. מילה און שבת זענען געוואָרען די צוויי הויפט-מצוות פון יודענטום, און די מיט-גליעדער פון דער נייער געמיינדע פלעגען זיך צוזאמענקומען אין רוהע-טאג, כדי צו בענייען אפט זייערע בעציהונגען מיט גאט און צו שטודירען זיין תורה.

אין יודענטום גופא איז אויך פארגעקומען א טיעפע ענדערונג. דער געטליכער בעגריף איז געוואָרען פיעל העכער און מעטאפיזישער; דער „הייליגער" גאט פון ישעיה איז נאכ'ן חורבן געוואָרען פורכטבאר-הויך, און גאנץ ווייט פון מענשען; ער האט אויפגעהערט צו זיין אינטים מיט זיין פאָלק און צו האבען מיט איהם דירעקטע בעציהונגען; יחזקאל איז דער ערשטער נביא, וואס רעדט מיט גאט דורך דער פערמיטלונג פון א מלאך, וועלכער רופט איהם ניט מיט זיין נאמען, ווי גאט פלעגט רופען פריהערדיגע נביאים, נאר „מענשען'ס זוהן" (בן-אדם). גאט ענטפלעקט זיך אין א

מוראָדיגער און גראַנדיעזער ערשיינונג אויפֿן פֿייערדיגען טראָהן, און קיין בעשעפֿעניש קאָן איהם ניט בעטראַכטען. ביי די שפּעטערדיגע נביאים קומען די מלאכים פֿאַר נאָך אָפֿטער. דער הימעל ווערט אַלץ ווייטער פֿון דער ערד, און צווישען גאָט און דעם מענשען ווערען געשאַפֿען אַ גאַנצע מענגע גאָטליכע קרעפֿטען, וואָס דינען צווישען זיי אַלס פֿערמיטלער. דער מלאך ווערט אַ בעזונדערע פּערזענליכקייט, וואָס איז אָבגעטיילט פֿון גאָט, וועלכער איז אַרומגערינגעלט מיט אַ „הימעל-אַרמעע“ (צבא השמים — מלכים א׳, כב, 19); די געטער פֿון די פֿעלקער ווערען אויך אַ מין מלאכים, וואָס בעשיצען זיי (דניאל), און די געטליכע אייגענשאַפֿטען, ווי זיין חכמה, חסד, און אַז. וו., ווערען פּערזאָניפֿיצירט אין בעזונדערע וועזענס (משלי ח).

די געטליכע הייליגקייט און אַלמעכטיגקייט האָט יחזקאלין געבראַכט צום געדאַנק, אַז ס׳וועט קירצליך קומען אַ משיחישע צוקונפֿט, ווען די „טרוקענע ביינער“ וועלען ווידער אויפֿלעבען, און דאָס גאַנצע פֿאָלק וועט פֿון דאָס-ניי פֿערזאַמעלט ווערען אין ארץ-ישראל. כדי די פֿעלקער זאָלען ניט מיינען, אַז בבל האָט מנצח געווען דעם אידישען גאָט, וועט ירושלים געבויט ווערען מיט אַ פֿיעל גרעסערען פּראַכט ווי פֿריהער, און די פֿיינדליכע אומות אונטער׳ן נאָמען גוג-ומגוג וועלען נאָך אַמאָל אָנפֿאַלען אויף ירושלים, אום פֿערניכטעט צו ווערען פֿון גאָט׳ס האַנד. דיעזע גרויסע געשעהענישען פֿאָדערען אָבער, אַז די אידישע געמיינדע זאָל פֿריהער הייליג ווערען און פֿערדינען די גליקליכע צוקונפֿט, דאַרום האָט זיך יחזקאל בעמיהט אויסצואַרבייטען אַ גענויען פּראָגראַם פֿון אַ אידעאַלער אָרגאַניזאַציע פֿאַר דיעזער געמיינדע. ער האָט דערמיט פֿאָרבערייט דעם יסוד, אויף וועלכען נחמיה וועט אין יאָהר 440 פֿאַר ק. גרינדען די נייע געמיינדע אין ירושלים. די קרבנות, איבערהויפּט דער קרבן-חטאת, האָבען בעקומען אַ נייע חשיבות, און דאָס טעגליכע לעבען פֿון דעם אידען האָט אָנגעהויבען אַרומגעוועבט צו ווערען מיט אַ געוועב פֿון מצוות און צערעמאָניעס, וואָס האָבען איהם שטענדיג דערמאָהנט אָן גאָט און זיינע פֿליכטען געגען איהם.

דעם צווייטען ישעיהו ברענגט די געטליכע הייליגקייט צום געדאַנק, אַז גאָט הערשט אויף דער גאַנצער וועלט מיט דערזעלבער ליעבע, זאָגבט גרויסע מלכים, ווי כורש, און בעשטימט דעם אידישען פֿאָלק אַלס ל ע ה ר ע ר, אַלס „ליכט“, פֿאַר די פֿעלקער. די פֿרומע געמיינדע, איז „גאָט׳ס קנעכט“ (עבד ה׳), וואָס לייטערט זיך דורך יסורים, וואָס ליידט די זינד פֿון גאַנצען פֿאָלק, ביז זי וועט בעקומען איהר רייכען שכר און וועט ווערען אַ שפּיעגעל

פאַר דער וועלט. דיעזע שטימונג האָט געפונען שפּעטער אַ אָפּקלאַנג אין פיעל מזמורים פון תהלים, וואָס בעטראַכטען דעם צדיקס יסורים פאַר אַן אָפּקומעניש, און ערוואַרטען יעדער רגע גאָטס פערצייהונג און ישועה.

---

## § 11. די אידישע געמיינדע.

די נייע אידישע געמיינדע איז געגרינדעט געוואָרען אין ירושלים פון די אידען, וואָס זענען נאָכ׳ן חורבן געבליבען אין ארץ-ישראל, און פון די צוריקגעקומענע פון גלות בבל („הגולה״). דער נביא מלאכי האָט זיך געקלאָגט איבער ניעדעריגען זיטליכען מצב פון דער נייער געמיינדע און איהר רעליגיעזע אָבגעלאָזענקייט. דער בעניימער בית-המקדש האָט ניט פערווירקליכט די האָפענונגען, וואָס חגי און זכריה האָבען אויף איהם געלעגט, און אליהו-הנביא וועט מוזען קומען און אויסבעסערען די געמיינדע מאָראַליש, כדי זי זאָל זיין צוגעגרייט צו דער גליקליכער צוקונפט. דער צושטאַנד האָט זיך אָבער געבעסערט אויף אַ נאַטירליכערען אופן. עזרא און די סופרים, זיינע נאָכפאָלגער, האָבען אַוועקגעלעגט דעם יסוד פון אַ נייעם גייסטיגען לעבען אין דער אידישער געמיינדע. דאָס, וואָס די נביאים האָבען ניט דערגרייכט, מיט זייער הויכען פּאָעטישען מוסר, האָבען די סופרים פערווירקליכט מיט זייער טיעפער פאָרשונג פון דער תורה. די נייע געמיינדע איז געוואָרען אַ מלוכה פון כהנים און לומדים, דער אידעאַליזירטער קולט איז געוואָרען דער צענטר פון איהר לעבען, און די הויכע רעליגיעזע בעגריפען, ווי היילינקייט, מענשען-ליעבע און אַז. וו., וואָס די נביאים האָבען געפּרעדיגט אין פּאָעטישע רעדעס — זענען יעצט רעאַליזירט געוואָרען און אַריין אין דעם נאָרמאַלען גאַנג פון דעם אידישען פאָלקס-לעבען.

די אידישע געמיינדע אין ירושלים האָט זיך אויך פערשטאַרקט דורך דעם, וואָס זי האָט געמוזט קעמפען געגען די שומרונים, וועלכע האָבען זיך מיט איהר געוואָלט פעראייניגען און שענקען דעם בעניימטען יודענטום זייערע פערעלטערטע געצענדיענערישע אמונות. די געמיינדע האָט זיך אין אַ קורצער צייט פערגרעסערט אויך געאָגראַפיש. דאָס נייע יודענטום האָט זיך פערשפּרייט אין די שטעדט פון יהודה און גליל, וואו סיזענען געגרינדעט געוואָרען געבעט-און לערן-הייזער, וועלכע האָבען גייסטיג פערבונדען די דאָרטיגע אידען מיט דער צענטראַלער געמיינדע אין ירושלים. דאָס וואָס די „במות״ זענען אַמאָל געווען פאַר די אידען, דאָס זיצען

ווייט פון קולט-צענטער, וועגען יעצט געוואָרען פאַר זיי, און א פיעל העכערע פאָרם, די בתי-מדרשים.

בדי צו געבען די נייע געמיינדעס א פעסטע גייסטיגע נאַהרונג, האָט מען דאַן אָנגעהויבען צוזאַמענצושטעלען די ביבעל. מיטן חומש זענען בעהעפט געוואָרען די היסטאָרישע ספרים — יהושע, שופטים, שמואל און מלכים — און די ווערק פון די עלטערע נביאים. ס'זענען אויך צוגעקומען נייע נבואות פון אומבעקאַנטע מחברים, וואָס האָבען זיך איבערהויפּט בעשעפטיגט מיט דער משיח'ישער צוקונפט, און זענען אריין אין די עלטערע נבואה-ביכער. אַנ'אייגענטימליכען כאַראַקטער האָט דאָס בוך „יונה", וואָס דערצעהלט, ווי גאָט בעהאַנדעלט מיט ליעבע און רחמנות די געזינדיגטע-רישע שטאָדט נינוה. דאַגעגען שילדערט מגלת-אסתר, וואָס איז פאַררעכענט געוואָרען אונטער די כתובים, די שנאה און דעם אינטערשיעד, וואָס הערשט צווישען אידישען פאָלק און די אומות.

## § כט יודענטום און העלעניזם, אידישע פּראָטקעסט.

די נצחונות פון אלכסנדר-מוקדן אין אזיע האָבען צום סוף פיערטען יאָהרהונדערט פאַר ק. געעפענט פאַר אידען די ציוויליזירטע וועלט. דער גרויסער זיעגער פון מוקדן האָט געוואָלט פעראייניגען זיין ווייטע מלוכה ניט בלויז דורך מיליטערישע מאַכט, נאָר איבערהויפּט דורך דער גריכישע קולטור. צווישען די איינגענומענע לענדער איז אויך געווען פאַלעסטינא, און דאָס יודענטום האָט געמוזט בייַשטעהן ביים וועלבען נסיון, ווי בעת זי האָט זיך בעגעגענט מיט דער כנעני'ישער קולטור, ווען אידען האָבען זיך בעזעצט אין ארץ-ישראל. פון דיעזען קאַמפּף איז אָבער דאָס יודענטום אויך ארויס נאָך שטאַרקער און רייכער, ווי פון אלע אנדערע גייסטיגע מלחמות. די אידען, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען פערשפּרייטען אין דער גרויסער גריכישער וועלט, האָבען צוגעפאַסט זייער רעליגיע צו אלערליי נייע בעדינגונגען, און דאָס יודענטום איז דורך דעם געוואָרען א וועלטליכע אמונה, וואָס פאַסט פאַר אלע לענדער און פעלקער. דער תנ"ך איז אין דער צווייטער העלפט פון דריטען יאָהרהונדערט פאַר ק. איבערזעצט געוואָרען אין גריכיש, און פיעל אָריגינעלע ספרים זענען געשריבען געוואָרען אין דיעזער שפּראַך אין'ם אידישען גייסט. אידישע געלעהרטע אין אלכסנדריא של מצרים און אנדערע גריכישע שטעדט האָבען צוגעפּאַסט-

בונדען די אידישע רעליגיע מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע, און האָבען זיך בעמיהט צו געפינען אין דער תורה אויף אַנאַלעגאָרישען אופן די מיעפסטע העלענישע געדאַנקען. טראָץ דיעזער פרעמדער מישונג, טראָץ דיעזער פערהעלטליכונג, האָט דאָס יודענטום פון דעסטוועגען ניט פער- לאָרען איהר אָריגינעלען גייסט, און דאָס זאָגט עדות אויף זיין שטאַרקער אינערליכער לעבענס-קראַפט.

די דאָזיגע קראַפט האָט זיך אויך ענטפלעקט אין דער צוציהונגס- קראַפט, וואָס די אידישע רעליגיע האָט אַרויסגעוויזען בנוגע צו די נאָהענטע פעלקער. דיזעלבע גריכען, וואָס האָבען זיך לוסטיג געמאַכט איבער די אידישע מנהגים, האָבען זיך אָפט מגייר געווען. איסער די אונגעהויערע צאָהל האַלבע-גרים (גר-תושב), וואָס זענען געווען פול אין אַלע גריכישע שטעדט, זענען אין יענער צייט אויך געוועזען פיעל אמתע גרים (גר-צדק).

פון דעסטוועגען איז מעגליך, אַז די גריכישע קולטור וואָלט ביסלעכווייז אָבגעשוואַכט דאָס יודענטום, ווען זי וואָלט זיך פערשפרייט רעגעלמעסיג פון די העכערע קלאַסען צווישען דעם המון. די אידען, וואָס זענען געזעסען אין ארץ-ישראל האָבען פאָרלויפיג נאָר דערקענט דעם אויסערליכען פוץ, דעם עסטעטישען גלאַנץ פון דיעזער קולטור, און זיי וואָלטען איהר געוויס, וואָס ווייטער מעהר געשעצט, ווען זיי האָלטען זיך אויך בעקענט מיט איהר גייסטיגען אינהאַלט, מיט איהר פילאָזאָפיע. אנטיוכס IV עפיפאַן (175 — 164) האָט אָבער געוואָלט העלעניזירען דאָס אידישע פאָלק צו שנעל, מיט גוואַלט און רדיפות, דאַרום האָט ער געבראַכט צו אַ רעאַקציע געגען דעם העלעניזמוס און האָט דעם יודענטום אַ טובה געטהון. די „פרומע פאַרטיי“ (חסידים) האָט אויסגעקעמפפט מיט מסירת-נפש די פּאָליטישע און רעליגיעזע זעלבסטשטענדיגקייט, און האָט אָבגעשטעלט דעם איינפלוס פון דער וועלטליכער ציוויליזאַציע אויפ'ן יודענטום. די טיעפע פרומקייט פון דיעזער פאַרטיי און איהר גרויסען בטחון אין גאָט, ווייזט זיך אַרויס אין ספר דניאל, וואָס איז געשריבען געוואָרען אין יענע שווערע צייטען, ווען דער טיש האָט געשוועבט איבער די, וואָס זענען מקיים די תורה. דער פערפאַסער איז איבערצייגט, אַז די ממשלה פון די געצענדיענער וועט באַלד נעהמען אַ סוף און גאָט'ס געמיינדע וועט בעקומען אַ רייכען לוין פאַר אַלע איבערגעטראָגענע צרות. די הייליגע מאַרטירער, וואָס האָבען גע- אָפּפערט זייער לעבען, כדי צו בלייבען טריי דאָס יודענטום, וועלען אויפ- שטעהן תחית-המתים, אום צו געניעסען פון אַלגעמיינעם גליק. דיעזע אמונה, וואָס ווערט דאָס ערשטע מאָל דייטליך אויסגעדריקט אין בוך דניאל,

האט שפּעטער געהאט אַ אומגעהייערן איינפלוס אויף אַלע משיחישע האָפענונגען ביי אידען און אויך אין קריסטענטום.

פון יענער צייט שטאַמען אויך פיעל מזמורים פון תהלים, וואָס דריקען אויס אַ הארציגע פרומקייט, און די האָפענונג, אַז קורצליך וועט קומען משיח, צו וועמען גאָט וועט זאָגען: „זעץ דיך צו מיין רעכטער האנד!" אויסער דעם איז געשאַפען געוואָרען אַ ספּעציעלע משיחישע ליטעראַטור, ווי ספר־חנוך, תהלים שלמה, און אַז. וו., וואָס בעטראַכט די געגענוואַרט נאָר אַלס הקדמה צו דער גליקליכער צוקונפט, ווען די רייכע און שטאַרקע וועלען געמשפּט ווערען און די אונטערדריקטע צדיקים וועלען בעקומען זייער גרויסען שכר. דיעזע צוקונפט פאָדערט אָבער, אַז מ'זאָל זיך צו איהר פאָרבערייטען דורך אמת'ע פרומקייט און גענויע אָבהיטונג פון די מצוות. דאַרום האָבען זיך די פרושים, די פּאָפּולערע פרומע פּאַרטיי, אָבגעטיילט סוף צווייטען יאָהרהונדערט פאַר ק. פון די צדוקים, די כהנים־אַריסטאָקראַטען, וואָס האָבען זיך ווייניג געקלערט וועגען משיח־צייט און פּראַקטישער פרומקייט, און האָבען געשטרעבט נאָר צו פּאָליטישער מאַכט און ערדישע פערגעניגענס. די פרושים האָבען געשטעלט די תורה העכער פאַר אַלע נאַציאָנאַלע אינטערעסען, און האָבען אַריינגעלעגט דאָס גאַנצע לעבען אין איהר ווייטערדיגער ענטוויקלונג, בעת די צדוקים האָבען אָנגענומען נאָר דאָס געשריבענע געזעץ (תורה שבכתב). זיי האָבען געשטרעבט אויסצושטעלען די אידישע מלוכה דורך מיליטערישער מאַכט און דיפּלאָמאַטישער קלוגשאַפט, און האָבען ניט געוואַרט, ווי די פרושים, ביז גאָט וועט אַראָבשיקען פון הימעל זיין משיחישע קעניגרייך.

פיעל ווייטער ווי די פרושים האָבען די אסיים, אַן אָרדען פון נזירים, געבראַכט די הייליגקייט און די זיטליכע ריינקייט; דאָס פאָלק איז אָבער געבליבען ביי דער פּראַקטישער מאָראַל, ביי דער בעל־הבתישער „חכמה", וואָס איז דייטליך ענטוויקעלט אין „משלי", אין „משלי יהושע בן־סירא" און אין „חכמת שלמה". דער יסוד פון דער „חכמה" איז מורא פאַר גאָט (יראת ה'), און ווייטער בעשטעהט זי פון בירגערליכער און פּראַקטישער קלוגשאַפט, וואָס פערשטעהט זיך צו־צופּאַסען צו דער צייט און מאַכען פּשרות צווישען דער פרומקייט און די פּראַקטישע פאָדערונגען. אַ בעזונדער וויכטיגקייט גיט צו דער קלוגשאַפט איהר אינדיווידועלער כאַראַקטער, וואָס לערנט דעם מענשען צו זאָרגען און זיך אַליין זיין גליק אין אַלערליי שטורמישע צייטען, און ווייזט איהם פּראַקטישע וועגען, ווי אַזוי צו דערגרייכען אַ

העכערען רעליגיעזען צוועק.

דאס אלטע יודענטום האט אינו אלזא ענדליך איבערגעלאָזען צוויי מאָראַלישע הויפּט-פאַקטאָרען: די משיחישע האָפענונג, וואס פאָדערט א זיטליכע אויסבעסערונג, אלס הקדמה צו דער גליקליכער צוקונפט, און די פּראַקטישע עטיק, וואס פיהרט דורך קליינע אַלטעגליכע מיטלען צו א הויכען רעליגיעזען ציעל.

---

## אכטעס קאפיטעל.

# מחמד'נישע אמונה.

## § 1. דער רעליגיעזער צושטאנד אין אראביע בעת מחמד איז ענטפלעקט געוואָרען.

די געאָגראַפישע לאגע פון יעמען (תימן) האט אידר געמאכט אין דער אלטער וועלט פאר א פערמיטלערין אין מסחר צווישען אינדיען און עטיאָפיע פון איין זייט, און צווישען מצרים און סיריע — פון דער צווייטער. די ערצעהלונג פון דער ביבעל וועגען מלכת-שבא און די אראבישע, ווי די אשורישע אויפשריפטען שילדערען אינו די ענטוויקעלטע ציוויליזאציע פון די סאבעער, וואס זענען דאן געזעסען אין יענער געגענד. נאך דער נישט געלונגענער רוימישער עקספעדיציע פון עליוס-גאלוס קיין אראביע (18 פאר ק.), בעגעגענען מיר דארט די הימיאַריטער-שבטים, וואס האבען פריהער געגרינדעט א שטארקע מלוכה, און נאכהער אנגענומען דעם יאך פון אביסיניען און פרס. א טייל פון זיי האבען זיך מגייר געווען, און געשטרעבט צו מאכען דאס יודענטום פאר דעם אפיציעלען מלוכה-גלויבען; דאגעגען האבען זיי רודף געווען דאס קריסטענטום, וואס דער רוימישער קייזער קאנסטאנץ האט פערפלאנצט אין יעמען און נעדזראן, ביז דער קריסטליכער נעגוס פון אביסיניע האט זיך איינגעמישט און אראבגעוואָרפען פון טראָן דעם קעניג דסו-נאוואס. די אידישע און קריסטליכע אמונות האבען אלזא פערבערייט אין יעמען דעם באדען פאר דעם נייעם מאנאטעאיסטישען גלויבען פון מחמד. דער נייער נביא האט אויך געפונען א פאליטישע שטיצע אין דעם, וואס די יעמענער האבען איהם בעטראכט אלס בעפרייער פון די פערסער, וועלכע האבען דארט פערגרעסערט זייער איינפלוס נאכדעם

ווי זיי האָבן אַרויסגעזעצט אויפֿן טראָן אַ יורש פֿון אַראָבגעזעצטן קעניג.

לויט דער אַראַבישער טראַדיציע שטאַמען די יעמענער שבטים פֿון יקטן, און די אַראַבער, וואָס זיצן אין צפון און צענטער פֿון אַראַבישן האַלב-אינזל — פֿון ישמעאל. אַ טייל פֿון די לעצטע זענען געוואָרן קריסטלעכע סעקטאַנטן; בכלל האָבן נאָך אָבער די ישמעאל-שבטים פֿאַר מחמד'ן ניט פֿערלאָזן דאָס וואַנדער-לעבן, און זענען אָבגעשטאַנען אין ציוויליזאַציע פֿון די יעמענער אַראַבער. אין מעקאַ און מעדינאַ האָט נאָך פֿריי געהערשט די אַלטע געצענדינערײַ, און די דאָרטיגע אידען האָבן אינגאַנצען אָנגענומען די אַראַבישע זיטן און מנהגים, און גאַנץ ווייניג אַגיטירט פֿאַר זייער גלויבן.

אין זעקסטען יאָרהונדערט נאָך ק. האָבן אַלע אַראַבער-שבטים ניט אויפֿגעהערט צו קעמפֿן איינע מיט די אַנדערע, ווײַל דאָס געפֿיהל פֿון נקמה פֿאַר יעדער קלענסטע בעליידיגונג איז ביי זיי פֿון אייביג אָן געווען זעהר ענטוויקעלט. יעדער גאַנצער שבט האָט זיך געפֿיהלט ווי איין פּערזאָן, און פֿלעגט פֿערפֿיהרען די בלוטיגסטע מלחמות מיט די שכנים, ווען מ'האָט אָנגערירט איינעם פֿון זיינע מיטגלידער. די רעליגיע איז אויך געווען אַ מין כלל-זאַך פֿון יעדען שבט, זי איז געווען צונויפֿגעבונדען מיט זיינע פּאָליטישע אינטערעסען, און איז איבערגעגאַנגען בירושה פֿון דור צו דור אַלס אויסערליכע טראַדיציע, וואָס בעריהרט ניט טיעף די געפֿיהלען פֿון יחיד. ס'האָט געהערשט כמעט איבעראַל אין אַראַביע אַ גראָבער פֿעטישיזם, וואָס פֿערגעטערט מינעראַלען, פֿלאַנצונגען, מתים, פּלאַנעטען און אַז. וו., און די אָרימע, צוריסענע רעליגיעזע אידעען האָבן ניט פֿערמאָגט צו געבען, וועלכען ס'איז אינהאַלט אָט די נאַרישע מנהגים.

צווישען פֿיעל אַנדערע געטער און געטצנס זענען אין מחמדס צייט געווען זעהר פֿערעהרט די דריי „טעכטער פֿון גאָט": מנת, אל-לת און אל-עזא. מנת האָט געהאַט אַ טעמפּעל, אָדער אַ גרויסען שטיין אויפֿן וועג פֿון מעקאַ אין מעדינאַ און די גלויביגע שבטים פֿלעגען אַהין עולה-רגל זיין. אל-לת אָדער אלילת איז געווען זעהר פֿערעהרט אַלס גאָטס מוטער אין מעדינאַ און טאַיף, וואו על-מאַגירא האָט חרוב געמאַכט איהר טעמפּעל לויט מחמד'ס געבאָט. אין מעקאַ האָט מען אויך געדינט די געטין אל-עזא, וואָס מ'האָט פֿעראייניגט מיט'ן מאָרגענשטערען ווענוס.

אַ גאַנץ בעזונדערע חשיבות האָט געהאַט דער טעמפּעל קאַבאַ (קוביש-ער בנין) אין מאַקאַ, געווידמעט צום קולט פֿון גאָט אַלאַה. דאָס איז געווען אַ געביידע, וואָס האָט בעזיצט אַ גרויסען פֿערהיילינטען שוואַרצען שטיין.

חייזט־אויס פֿון אַ װאולקאַנישען באַרג. דער טעמפּעל האָט פֿון אָנהויב גע־הערט צום שבט קאָרײשיטען, און זיי האָבען איהם מיט דער צייט געמאַכט פֿאַר דעם רעליגיעזען צענטראַל־פּונקט פֿון אַראַביע. לויט אַנאָבמאַך פֿון די שבטים, האָבען זיי אין אַ געוויסע צייט פֿון יאָהר קיין קריעג ניט געפֿיהרט, כדי זיי זאָלען זיך קאָנען רוהיג פֿערזאַמלען אויף די אַלגעמיינע ירידים; און דיעזער שלום־סעזאָן פֿלעגט זיך ענדיגען מיט אַ פֿייערליכען מאָלצייט אין טאָל מינאַ, פֿון װאַנען דער עולם פֿלעגט נאָכהער געהן אָבריכטען געוויסע צערעמאָניעס ביים טעמפּעל קאַבאַ. מ׳פֿלעגט זיעבען מאָל אַרומרינגלען דעם טעמפּעל, קושען דעם שטיין, טרינקען װאַסער פֿון היילינגען קוואַל זעמזעם, און לויפֿען צווישען די נאָהענטע בערג צאַפֿאַ און מאַרוואַ. לויט דער אַראַבי־שער טראַדיציע, שטאַמט דער קאַבאַ־טעמפּעל און זיין קולט פֿון אברהם, הגר און ישמעאל. יעדענפֿאַלס האָט דיעזער טעמפּעל געהאָלפֿען ענטוויקלען די מאָנאָטעאיסטישע אמונה צווישען די אַראַבער. דער נאָמען פֿון אַלאַה האָט זיך בּיסלעכווייז צוטראָגען איבער גאַנץ אַראַביע. ער איז געוואָרען איינס מיט׳ן נאָמען גאָט בכלל, און אַלע איבעריגע געטער זענען אַראָבגעשטיגען אויף אַ נידעריגערע מדרגה פֿון אָרטיגע בעשיצער פֿאַר איינצעלנע שבטים.

דער גלויבען אין איין גאָט איז אַלזאָ שוין געוועזען ניט פֿרעמד אין אַראַביע, ער האָט טיעף איינגעװאָרצעלט אין בעוואוסטזיינערען טייל פֿון דער בעפֿעלקערונג און מחמד האָט איהם נאָר געדאַרפֿט סיסטעמאַטיזירען און אָנקליידען אין אַ ממשות׳דיגער פֿאָרם. דערצו האָט איהם פֿיעל געדיענט זיין בעקאַנטשאַפֿט מיט די יודען און קריסטען, וואָס זענען געוועזען צווייט אויפ׳ן האַלב־אינזעל. די ביבעל איז, אמת, ניט איבערזעצט געוואָרען אין אַראַביש, איהר לעהרע און אינהאַלט איז אָבער איבערגעגעבען געוואָרען מינדליך דעם נייעם נביא, וועלכער האָט זי פֿיעל געבּרויכט, ניט קענענדיג זי גרינדליך.

## § 2. מחמד׳ס לעבען.

מחמד איז געבאָרען אין יאָהר 570 אין מעקאַ, בעת זיין פֿאָטער, עבד־אַלאַה, פֿון שבט האַשימיטען, אַנאָבצווייג פֿון די קאָרײשיטען — איז שוין געוועזען טויט. זיין מוטער, אַמינאַ, האָט איהם אָבגעגעבען צו אַנאַם פֿון די װאַנדער־שבטים, און נאָך איהר טויט האָט זיך דאָס קינד געהאָדעוועט ביים זיידען און אָנקעל אַבו־טאַליב. די גאַנצע פֿאַמיליע איז געוועזען ניט רייך, און דער יונגער מחמד האָט פֿריהער געדיענט אַלס פּאַסטוך־װאַנדערער,

און שפּעטער — אַלס משרת אין די מסחר-קאַראַוואַנען, וואָס געהען אין סוריע. מחמד'ס לאַגע האָט זיך אָבער געענדערט בעת זײַן ווײַטע קרובה, די רײַכע אַלמנה כאַדיזאַ, האָט איף איהם געוואָרפען אַן אויג, איהם גענומען אין דיענסט און מיט איהם חתונה געהאַט. די געזיכערטע עקזיסטענץ האָט דאַן ערלויבט מחמד'ן אָבצוגעבען זיך מיט רעליגיעזע פאָרשונגען, אין וועלכע ער האָט, ווײַזט אויס, געהאַט לעהרערס. איינמאָל, בעת ער האָט זיך מתבודד געווען אין אַ הייל פון באַרג הירא — ער איז שוין דאַן געווען אַ יאָהר פיערציג — האָט ער דערהערט אַ געטליך קול, וואָס האָט איהם געהייסען פּרעדיגען זײַן נײַע אמונה. אַלע זײַנע נבואות האָבען זיך שפּעטער ניט איינמאָל ווידערהאָלט.

די געלעהרטע האָבען וועגען מחמד'ן פֿערשיעדענע מיינונגען און האַלטען איהם אָפט פאַר אַ מאַניאַק, פאַר אַ חולה-נופל, אָדער גאָר פאַר אַ שאַרלאַטאַן, וואָס האָט אַליין ניט געגלויבט אין זײַנע נבואות; מען מוז אָבער מודה זײַן, אַז מחמד האָט געפיהרט זײַן ראָלע מיט פיעל שכל און קאָנסעקווענץ און האָט אַרויסגעוויזען אין זײַן טעטיגקייט אַן אמת'ע מאָראַלישע קראַפט. ער האָט עפענטליך געפּרעדיגט, אַז אַלאַה איז דער איינציגער גאָט, וואָס וועט קירצליך ברענגען דעם יום-הדין אויף דער וועלט, כדי צו שטראָפען די, וואָס גלויבען ניט אין איהם. די נײַע אמונה האָט זיך זעהר לאַנגזאַם פערשפּרייט אין די ערשטע יאָהרען נאָר צווישען די קרובים און פרײַנד פון נביא, און די גלויביגע זענען בויקאָטירט געוואָרען פון די איבעריגע אײַנוואָהנער, אָדער האָבען געמוזט אויסוואַנדערען קיין אַביסיניע. אין דער נאָהענטער שטאָדט טאַיף, וואו מחמד האָט געפּרובט אַגיטירען פאַר זײַן רעליגיע, האָט מען איהם בעגעגענט מיט זלזולים און שטיינער. ס'איז איהם אָבער געלונגען צו בעקעהרען צום איסלאַם איניגע אײַנוואוינער פון מעדינאַ (יאַטריב), וואָס זענען געקומען אין מעקאַ אויפ'ן יום-טוב האַיי, און מחמד האָט אײַנגעזעהען, אַז מעדינאַ, וואו די יודען האָבען פערשפּרייט די מאָנאָטעאיסטישע אמונה, איז מעהר פעהיג אָנצונעהמען זײַן גלויבען. ער האָט זיך דאַן אָבגעזאָגט פון זײַן שבט און האָט אויסגעוואַנדערט מיט זײַנע מאמינים קיין מעדינאַ. פון דיעזער וויכטיגער געשעהעניש (הייראַ) הויבט זיך אָן אַ נײַע ערא פאַר'ן איסלאַם, וואָס צעהלט פון איהר זײַן צייט-רעכנונג.

אין מעדינאַ האָט מחמד אָרגאַניזירט זײַן געמיינדע לויט דער אָרדנונג פון די יודישע און קריסטליכע קהלות און האָט געעפענט אַ געבעט-הויז, וואו די מיטגליעדער פלעגען קומען מתפלל זײַן אין בעשטימטע צײַטען.

אָנשטאָט דער פֿערוואַנדשאַפֿט פֿון שבט, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק בײַ די אַראַבער, האָט ער געשאַפֿען אַ נײַע גײַסטיגע קרובה־שאַפֿט צווישען די מיטגליעדער פֿון דער געמיינדע, וואָס האָט געגעבען זאָגאַר אַ רעכט אויף ירושה. מחמד האָט פֿון אָנפֿאַנג אײַנגעפֿיהרט אייניגע יודישע מנהגים, ווי מתפלל זײַן נעבען דער זײַט פֿון ירושלים און פֿאַסטען יום־כפור, נאָכהער האָט ער דאָס אָבער מבטל געווען און ערקלערט, אַז די „אַנהענגער פֿון דער ביבעל", ד. ה. די יודען און קריסטען, האָבען געפֿעלשט זייער תורה און ערקענען נאָר אַ טייל פֿון אמת. מחמד האָט קלאָר אײַנגעזעהען, אַז פֿון יודען און קריסטען קאָן ער קײן גרויסע הילף ניט ערוואַרטען, דאַרום האָט ער בעשלאָסען אײַנצונעהמען דעם גאַנצען אַראַבישען האַלב־אינזעל מיט מיליטערישע קראַפֿט. אַזוי איז ביסלעכווייז זײַן שטרייגע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע געוואָרען צו לאַסט פֿאַר די פֿרײַע, קריעגערישע אַראַבער, און דער נביא האָט געפֿיהלט, אַז מען מוז זײַנע תלמידים אויפֿמונטערען מיט אַ הייליגער מלחמה.

די מושלימאַנער (דעם טיטעל „מושלים" האָט מחמד געגעבען זײַנע אַנהענגער, וואָס גיבען זיך אָב צו גאָט), האָבען אָנגעהויבען אָפֿט בעפֿאַלען די מסחר־קאַראַוואַנעס פֿון מעקאַ, וואָס געהען פֿערבײַ מעדינאַ, קעמפֿענדיג אפֿילו אין הייליגען רוהע־מאָנאַט. דאָס האָט געבראַכט פֿיעל שאָדען די אײַנוואוינער פֿון מעקאַ, און דעם 16־טען מערץ 624 האָבען זיי זיך בעגעגנעט אין אַ אָפֿענער מלחמה מיט די מושלימאַנער בײַם ברונען באַדר. די קאָרײַשיטען פֿון מעקאַ האָבען געהאַט אַ גרויסע מפלה און די מושלימאַנער האָבען גענומען אַ סך רײַכע געפֿאַנגענע און פֿיעל רויב, וואָס מחמד האָט צוטיילט צווישען די קריעגער, אָראָבנעהמענדיג אַ פֿינפֿטעל פֿאַר דער הייליגער קאַסע. דעם קינפֿטיגען יאָהר האָבען אָבער די מעקאַנער מנצח געווען די מושלימאַנער, און פֿערבינדענדיג זיך מיט פֿיעל אַנדערע שבטים האָבען זיי בעלאַגערט מעדינאַ, כדי צו מאַכען אַ סוף צו מחמד'ס געמיינדע. די מושלימאַנער האָבען זיך געפֿיהלט צו שוואַך צו קעמפֿען געגען דער גרויסער פֿײַנדליכער מחנה און האָבען זיך פֿערפֿעסטיגט אין שטאָדט, אַרומרינגלענדיג איהר אָפֿענע זײַט מיט אַ טיעפֿען גראָבען. די בעלעגער האָבען געמוזט אָבטרעטען מיט גאָרנישט. פֿון דיעזע מלחמות האָבען פֿיעל געליטען אייניגע יודישע שבטים, וואָס האָבען זיך אונפֿאָרזיכטיג פֿערבונדען מיט'ן נביא'ס געגנער. די בני־קאַינאָקאַ און בני־נאַדיר האָט מען אַרויסגעטריבען פֿון לאַנד, און די בני־קאַרײַטאַ זענען אויסגעשאָכטען געוואָרען.

כדי אויסצופֿיהרען זײַן גרויסען פּלאַן און בעהערשען גאַנץ אַראַביען,

האָט מחמד פריהער געמאַכט אַ פריעדליכען וויזיט אין זיין געבורטס-שטאָדט מעקאַ און דאָרט געפּרעדיגט פאַר'ן גרויסען המון עולי-רגל; און נאָכהער, אין יאָהר 630, האָט ער איינגענומען די שטאָדט מיט מיליטערישער געוואַלט. ער האָט פערניכטעט די געצען און פּראָקלאַמירט אַלאַהים מלוכה אויף דער וועלט. די טאַקיפיטען און אַנדערע שבטים האָבען נאָך געפּרובט דאָס לעצטע מאָל קעמפען געגען מחמד'ן, זיי האָבען אָבער געהאַט אַ מפּלה, און פון אַלע עקען אַראַביע זענען געקומען דעלעגאַטען מאַכען שלום מיט'ן נביא און אָננעהמען זיין אמונה. ער האָט פערלאַנגט, מ'זאָל איבעראַל צושטערען די געצען, מ'זאָל מתפּלל זיין פינף מאָל טעגליך און צאָהלען צינז אין דער היילינגער קאַסע.

נאָך דער אונטערוואַרפונג פון אַראַביע האָט מחמד אָנגעהויבען טראַכטען וועגען וועלט-בעהערשונג און געשיקט שלוחים צום קייזער פון ביזאַנץ, צום הערשער פון מצרים, צו די גאַסאַנידישע מושלים און צו די כוזרים, איינלאַדענדיג זיי, אַז זיי זאָלען זיך בעקעהרען צום איסלאַם. דער טויט, אין זומער 632, האָט איהם אָבער פערהינדערט פון נעמען אַנאַנטייל אין דער אויספיהרונג פון דיעזע גרויסע פּראָיעקטען. דיעזער ענטוזיאַסטישער געזעצגעבער האָט מיט אַ קאַלטען פּראַקטישען שכל אויסגעפיהרט זיין קאַריערע, און מיט אַ ווייטען קוק בעצייכענט די קינפטיגע פּלענער, וואָס זיינע נאָכפאָלגער האָבען געהאַט צו פערוויקליכען.

## § 3. קאָראַן, טראַדיציע און פיק.

מחמד האָט געהאַלטען פיעל עפענטליכע רעדען און גראַמען, וואָס האָבען זיי צוגעגעבען אַ פייערליכען האַראַקטער. דיעזע רעדען, און וועלכע סיקומען-פאָר אָפטע געטליכע ענטדעקונגען זענען לויט'ן בעפעהל פון מחמד, וואָס האָט ניט געקאָנט ניט לעזען ניט שרייבען — פערצייכענט געוואָרען אויף שטיקלעך פּאַפּיער, פּאַרמעט, פּאַלם-בלעטער, שטיינער און ד. ג. און נאָכ'ן טויט פון נביא, אונטער דער הערשאַפט פון ערשטען כליף אַבו-באַקר, האָט מחמדס שרייבער, זאַיד-בן-טסאַביט, אויפגעקליבען דיעזע פערצייכנישען און אַנדערע ווערטער פון נביא, וואָס פרומע מושלימאַנער האָבען געדענקט, און האָט געשאַפען די זאַמלונג פון קאָראַן (לעזע-בוך). דאָס בוך איז פערטיילט אין 30 חלקים און 114 סוראַס (קאַפּיטלעך). שפּעטער זענען געשריבען געוואָרען אין אַראַביש פיעל ביכער אַלס פירושים צום קאָראַן;

מהאַט אויך געזאַמעלט אַלע טראַדיציעס און ערצעהלונגען, װאָס האָבען אַ שייכות צום הײליגען בוך. פֿון דיעזע ערקלערונגס-ביכער האָבען שפּעטער געוויסע מחברים, ווי באַידהאַווי (13-טען יאָהרהונדערט), אַרויסגענומען קיצורים, וואָס האָבען אויך בעקומען ערקלערונגען און בעמערקונגען.

די קאַפּיטלעך, וואָס געהערן צו די יונגערע יאָהרען פֿון מחמד זענען געשריבען אין אַ טעמפּעראַמענטפֿולען, הויכען און קורצען סטיל; זיי טאַדלען שאַרף די געגנער פֿון נביא, וואָס לאַכען פֿון זיין מיסיאָן און שילדערען דעם גיהנם מיט די שרעקליכסטע פֿאַרבען. אין די שפּעטערדיגע רעדען פֿון מחמד איז דער סטיל מעהר געלאַסען און שוואַכער אין אויסדרוק; זיי דערצעהלען מעשיות פֿון נביאים און ביבלישע פּערזאָנען אויף אַ מאָנאָטאָנעם שטייגער. נאָך שוואַכער און לחלוטין אָהן קונסט זענען פֿערפֿאַסט די לעצטע רעדען פֿון מחמד, וואָס בעשעפֿטיגען זיך איבערהויפּט מיט רעליגיעזע דינים, טעאָלאָגישע פֿראַגען און דיסקוסיעס וועגען יודען און קריסטען.

דער קאָראַן ווערט געלעזען אין אַ געבעט-הויז מיט אַ בעזונדער נגון. יעדער מושלימאַנער מוז וויסען אַ טייל פֿון איהם אויסווענדיג, און פֿיעלע האָבען איינגעלערנט דאָס הײליגע בוך אויסווענדיג פֿון טאָוועל צו טאָוועל.

אין פּראָגראַם פֿון די מחמדאַנישע שולען פֿערנעהמט דער קאָראַן אַ וויכטיגען פּלאַץ, און אָפֿטמאָל איז ער דער איינציגער געגענשטאַנד פֿון דער שול-לעהרע. די ליטעראַטורען פֿון אַלע מושלימאַנישע פֿעלקער, וואָס זענען געשריבען אין פֿערשידענע שפּראַכען, זענען פֿול מיט פּסוקים פֿון קאָראַן, מיט רמזים אויף זיינע אויסדריקען און אינהאַלט, און זאָגאַר מיט געליהענע ווענדונגען פֿון הײליגען בוך.

אַ קלענערע חשיבות האָט די טראַדיציע, אָדער די תורה שבעל-פּה (האַדיטס). זי בעשעפֿטיגט זי דמיט די געשיכטעס, וואָס געהערען צום נביא און זיינע צייט-חברים, און איבערהויפּט מיט די רעליגיעזע דינים, וואָס זענען ניט דייטליך אויסגעשריבען אין קאָראַן. באַלד נאָך מחמד'ס טויט האָבען זיך אַרויסגעוויזען אָהן אַ צאָהל ספקות וועגען אַלערליי מנהגים, און דעם נביא'ס ווייב, אַיחאַ, אָדער זיינע מקורבים, האָבען איבערגעגעבען מחמד'ס מינדליכע מיינונגען וועגען זיי, אָדער דערצעהלט, ווי ער פֿלעגט זיך פּראַקטיש נוהג זיין אין אַזעלכע פֿעלען (סאָנאַ). מיט דער צייט איז אָבער די צאָהל פֿון אַזעלכע טראַדיציעס, וואָס שטאַמען פֿון מחמד, משונה גרויס געוואָרען און די פֿאַלשע האָבען זיך צומישט מיט די אמת'ע. די זאַמלער פֿון דיעזע טראַדיציעס, וואָס האָבען זיי אין די שפּעטערדיגע יאָהרען פֿערצייכענט שריפֿטליך, האָבען דאַרום אויסגעקליבען אַלס אמת'ע נאָר

די מסורות, וואָס טראָגן זיך אויף די נעמען פון די איבערגעבער ביז מחמדין. בּאָקאַרי (אין 9־טען יאָרהונדערט), למשל, וואָס מען האָט אויף אַזאַ אופן אויסגעוועהלט אין זיין זאַמלונג נאָר 7,275 טראַדיציעס פון 600 טויזענד, וואָס ער האָט געפינען ביי פריהערדיגע זאַמלער, ווי איבן־מאַיאַ, אבו־דוד, טירמידסי, מסלים און נאַסיי, וואָס זייערע ווערק איז הויך געאַכטעט ביי אַלע סאָניטישע מושלימאַנער.

די גרויסע ליטעראַטור, וואָס בּעשעפטיגט זיך מיט דער טראַדיציע, איז בּכלל געבּליבען פרעמד דער מאַסע מושלימאַנער, צוליעב דעם פער־פלאָנטערטען אינהאַלט און דער שווערער פאָרם. מ׳האָט דאַרום געשאַפען אין יעדער דור אַ גרויסע מענגע קיצורים, פערקירצטע לעהר־ביכער, וואָס ערקלערען פאַר׳ן המון קלאָר און דייטליך די נויטיגע רעליגיעזע דינים. דיעזע קיצורים הייסען „ביכער פון פיק“, אַ וואָרט, וואָס האָט בּעצייכענט פון אָנהויב די פראַקטישע לעהרע פון איסלאַם, און אין די שפּעטערע צייטען — די קענטעניש אַרויסצודרינגען, לויט געוויסע כללים, אַלערליי דינים פון קאָראַנישען טעקסט און די טראַדיציע־ספרים. די אָנווענדונג פון די מנהגים און געזעצען אין איינצעלנע פעלען האָט אָבּער געשאַפען פיעל ספקות, וועלכע די רעליגיעזע געלעהרטע האָבּען ערקלערט אויף פערשיעדענע אופנים. און ביי אַזאַ פערלעגענהייט האָט מען געמוזט אויסדייטען בּוכ־שטעבּליך די ווערטער פון קאָראַן, אָדער פאָלגען בּלינד אייגעם פון די אויטאָ־ריטעטען. די סאָניטישע מושלימאַנער, וואָס האַלטען פון דער אָפיציעלער טראַדיציע, האָבּען זיך אויף אַזאַ אופן איינגעטיילט אין אָנהענגער פון די פיער גרויסע חכמים: אבו־האַניפאַ, מאַליך, שאַפי־אי און אחמד־בן־האַנבאַל, וואָס האָבּען געלעבּט אין 2־טען און 3־טען יאָהרהונדערט נאָך דער העדזירע.

די פיק־ביכער טיילען־איין אַלע מעשים אין פינף (מצוות), סאָנאַ (פאַסיגע מנהגים), חלל (ערלויבּטע), מקרוה (אונווירדיגע) און חרם (פער־באָטענע). אין געוויסע צווייפעלהאַפטע פעלען האָט מען געפסק׳ט לויט דער אַ ל ג ע מ י י נ ע ר הסכמה פון דער מושלימאַנישער געמיינדע, וועל־כע קאָן ניט האָבּען קיין טעות. אַמאָל פלעגט מען אויך לעזען די פראַגען דורך אַנאַלאָגישען דענקען. מיט דאָגמאַטישע און מעטאַפיזישע פראַגען האָט זיך די טראַדיציע אין די ערשטע יאָהרהונדערטען ניט בּעשעפטיגט, און די פיק־ביכער פערשווייגען זיי אויך.

## § 4. דאָס רעליגיעזע געזעץ פֿון איסלאַם.

די פֿיק-ביכער באַשעפֿטיגן זיך איבערהויפּט מיט די ריטועלע, אָדער צערעמאָניעלע דינים. זיי טיילן זיך אין פֿינף הויפּט-מצוות, די „פֿינף זײַלן" פֿון איסלאַם: רעליגיעזע אַנערקענונג, תּפֿילה, צדקה, תּענית און עולה־רגל זײַן קיין מעקאַ. אַגר, וואָס וויל אָננעמען דעם מחמדאַנישן גלויבן, מוז זיך טובֿל זײַן און אויסשפּרעכן די פֿאָרמולע: „אַלאַה אַליין איז גאָט, און מחמד איז זײַן שליח". נאָכהער איז ער שוין מחויבֿ מקיים צו זײַן דאָס גאַנצע לעבן אַלע דינים פֿון איסלאַם און אויב ער זאָגט זיך אָפּ פֿון גלויבן איז ער חייבֿ מיתה.

די תּפֿילה (שאַלת) איז פֿאַרבונדן מיט פֿיל צערעמאָניעס. פֿינף מאָל טעגלעך מוז מען מתפּלל זײַן: איידער די זון גייט אויף, אין מיטן טאָג, נאָך מיטאָג, ווען די זון פֿאַרגייט און בעת ס׳ווערט נאַכט. אין יעדן געבעט-הויז איז פֿאַראַן אַ הויכער טורעם (מינאַרעט), פֿון וואַנען דער מועדזין שרײַט-אויס די צײַט פֿון תּפֿילה. אַן עלמער׳ל באַצייכנט אין געבעט-הויז, צו וועלכער זײַט דער מתפּלל זאָל זיך ווענדן. אין מיטן שטייט אַ בימה, וואו דער כּתיבֿ האַלט אַלע פֿרײַטאָג און אַלע ימים-טובֿים אַ קורצע רעדע בײַ דער פֿײַערלעכער עבֿודה אין מיטן טאָג. דער מתפּלל וואַשט פֿריִער דאָס געזיכט, די הענט און פֿיס, און אויב ער האָט ניט קיין וואַסער, רײַבט ער זיי מיט זאַמד. יעדע תּפֿילה באַשטייט פֿון אַ פּאָר ריקאַ׳ס, וואָס אַנטהאַלטן אַ געוויסע צאָל פֿאָרמולעס און קערפּער-באַוועגונגען. כּדי די מתפּללים זאָלן זיך ניט טועה זײַן, שטעלן זיי זיך הינטער אַ ימאַם (חזן) און מאַכן נאָך אַלע זײַנע באַוועגונגען. ס׳זענען אויך פֿאַראַן צופֿעליקע תּפֿילות פֿאַר לקוי-חמה, לקוי-לבֿנה, רעגן-מאַנגל, מתים-צערעמאָניעס און ד. ג.

די געזעץ-ביכער פֿון איסלאַם האָבן פֿעסטגעשטעלט אַן אָפּצאָלונג פֿון געלט, שאָף, פֿרוכט און פֿאַרשיידענע סחורות לטובֿת דער עפֿנטלעכער קאַסע; פּראַקטיש איז דאָס אָבער געוואָרן אַ מין צדקה, וואָס מען צעטיילט אָרימע לײַט סוף דעם תּענית-מאָנאַט ראַמאַדאַן. אין משך פֿון דיזן מאָנאַט, וואָס קען אויספֿאַלן נאָך׳ן מחמדאַנישן לבֿנה-לוח אין אַלע סעזאָנען פֿון יאָר, פֿאַסט מען אַ גאַנצן טאָג און מ׳עסט נאָר בײַנאַכט. זומער-צײַט זענען די תּעניתים באַזונדערס שווער, רעגן אויף דעם עולם און ברענגען צו אַלערליי פֿרומע פּײַניקונגען. קראַנקע, רײַזנדער און סאָלדאַטן אויף דער מלחמה פֿאַסטן ניט און קויפֿן-אויס דעם תּענית. סוף תּענית-מאָנאַט פֿײַערט

מען מיט פֿאַראַר דעם יום־טוב „קליין־ביראַם“. סיזענען אויך דאָ תשובה־ און נדבה־תעניתים. דער „גרויסער ביראַם“, וואָס איז ווייניגער וויכטיג פֿאַר „קליינעם, ווערט געפֿייערט דעם 10—12־טען פֿון מאָנאַט דזול־היגא, בעזונדערס אין מעקאַ. אין דער היילינער שטאָדט מוז יעדער פֿערמעגליכער מושלימאַנער עולה־רגל זיין חאָטש איין מאָל אין לעבען, און מקיים זיין דאָרט די בעשטימטע צערעמאָניעס.

די געזעצען, וואָס זענען נוגע צום הויזיגען־און פֿאַמיליען־לעבען געפֿינען מיר אין ספּעציעלע דרך־ארץ־ביכער (אַדאַב). טהוענדיג די קלענסטע זאַכען דאַרף מען זאָגען „בישמילאַה“ („אין גאָט'ס נאָמען“), אָדער אַנדערע היילינע נוסחאות. ווין, אַזאַרט־שפּילען, פֿיגורען פֿון בעלי־חיים זענען געאַסרט, פֿון וואָס די פּלאַסטישע קונסט האָט שטאַרק געליטען אין דער מושלימאַנישער וועלט. בנוגע צו דער פֿאַמיליע, האָט דער איסלאַם, אמת, פֿערקלענערט די צאָהל פֿון ווייבער ביז פֿיער; ער האָט אָבער בכלל בע־שטעטיגט די נידעריגע לאַגע פֿון דער פֿרוי אין דער אָריענטאַלישער וועלט. מחמדס ווייבער פֿלעגען זיך פֿערדעקען דאָס געזיכט פֿאַר פֿרעמדע מאַנסלייט, און דיעזער מנהג איז נאָך מעהר פֿערשפּרייט געוואָרען צווי־שען אַלע מושלימאַנער. די פֿרוי איז פֿערשפּאַרט געוואָרען אין די אינער־ליכע צימערען און איז אינגאַנצען אָבהענגיג פֿון מאַן, וועלכער קאָן איהר גט'ן, ווען ער וויל, אומקעהרענדיג איהר דעם נדן. אין דעם פּרט איז שוין בעסער די לאַגע פֿון אַ שקלאַפֿין, וועלכער מ'טאָר ניט פֿערקויפֿען, אויב זי האָט געבאָרען אַ קינד פֿון בעל־הבית. דער איסלאַם האָט בכלל געהאַט זעהר אַ גוטע ווירקונג אין דער הינזיכט פֿון שקלאַפֿעריי. מען מוז דעם קנעכט בעהאַנדלען פֿריינדליך, לאָזען איהם אויסקויפֿען זיך און ס'איז אַ גרויסע מצוה איהם צו בעפֿרייען. די גוטע בעהאַנדלונג האָט ערלויבט פֿיעל קנעכט צו פֿערנעהמען אַ הויכען פּאָסטען אין די מושלימענישע מלוכות.

אַזוי ווי דאָס יודענטום, האָט אויך דער איסלאַם דינים פֿון טומאה וטהרה, שחיטה, טרפה שפּייז, ווי חזיר, בלוט און ד. ג. דער קרימינעל־געזעץ צייכענט זיך אויס דערמיט, וואָס אַ מאָרד אומגערען קאָן אויסגע־קויפֿט ווערען, לויט אַן אָבמאַך מיט די קרובים פֿון געהרגעטען; אַ גנב שניידט מען אָב די האַנד. דאָס מושלימענישע געריכט האָט געמאַכט בע־גרענצונגען פֿאַר יודען און קריסטען, וועלכע קאָנען, למשל, קיין עדות ניט זאָגען געגען אַ מושלימאַנער. אויסערדעם האָט די מושלימענישע רעגירונג קיינמאָל ניט געשטערט דאָס רעליגיעזע לעבען פֿון יודען און קריסטען, וועלכע האָבען נאָר געצאָהלט אַ בעזונדערע שטייער און פֿערלאָרען זייער

באַליטישע מאַכט. מען האָט זיי אויך אַרויסגעטריבען פון אַראַבי־שען האַלב־אינזעל, וועלכער איז בעטראַכט אַלס הייליג. דאַגעגען האָבען די פערסער פון זאָראָאַסטרישען גלויבען פיעל געליטען פון די אַראַבישע הערשער, און נאָר אַ קליינער טייל פון זיי איז איבערגעבליבען ביז היינ־טיגען טאָג.

## § 5. דער שטרייט איבער די רעליגיעזע דאָגמען.

נאָך מחמד'ס טויט, האָבען די אַראַבער איינגענומען, אונטער דער קורצער הערשאַפט פון כליף אָמאַר 1־טען (634—644), פרס, סיריע, מצרים און די אַרומיגע מדינות. דער איסלאַם האָט זיך אָבער פערשפרייט גאַנץ לאַנגזאַם אין דיעזע לענדער, ווייל ער האָט בעגעגענט אַ ווידערשטאַנד פון די קרעפטיגע קריסטליכע און זאָראָאַסטרישע אמונות, און איבערהויפט, ווייל אין דער מושלימענישער געמיינדע גופא, האָט ניט געהערשט קיין רע־ליגיעזע איינהייט. פערשיעדענע רעליגיעזע סעקטעס האָבען איבער פיעל פונקטען געקעמפט געגען דער מושלימענישער אָרטאָדאָקסיע, אין די ערשטע דריי הונדערט יאָהר נאָך דער העדזירע.

די ערשטע פראַגע איז געווען איבערהויפט אַ פאָליטישע. נאָך מחמד'ס טויט האָט די סאָניטישע אָדער אָרטאָדאָקסישע פּאַרטיי בעשלאָסען, אַז די כליף'ן דאַרפען אויסגעקליבען ווערען דורך אַלגעמיינע פאָלקס־וואַהלען. בעת דער אונפעהיגער כליף אָסמאַן האָט אָבער פערלאָרען זיין טראָן און מ'האָט אויסגעקליבען אויף זיין אָרט מחמד'ס איידים, אַלי, האָט זיך געגרינדעט אַ נייע שיאיטישע פּאַרטיי, וואָס האָט אַנערקענט, אַז די הערשאַפט דאַרף איבערגעהן בירושה צו דעם נביא'ס קרובים. באַלד נאָכדעם איז געשאַפען געוואָרען אַ דריטע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון קאַריאַיטען, וואָס האָט גע־האַלטען, אַז דאָס פאָלק קאָן זיך אויסקלויבען פאַר כליפען וועמען עס וויל, און ניט דוקא פון דער קאָרייטען־פאַמיליע, ווי די סאָניטען זאָגען. און האָט די פערשיעדענע פּאַרטיי־סכסוכים האָבען אָפט געבראַכט צו בירגער־מלחמות און מרידות.

אויסער דיעזען פּאָליטישען סכסוך, וואָס איז פערקניפט געוואָרען מיט רעליגיעזע פערשיעדענהייטען, זענען ערוועקט געוואָרען די ריין־טעאָלאָגישע פראַגען. בעזונדערס פלייסיג האָט מען גענומען שטודירען די טעאָ־לאָגיע בעת די אַבאַסידישע דינאַסטיע האָט פערביטען די אָמעיאַדישע,

און די קונסט ווי די ליטעראַטור בכלל האָבען אנגעהויבען אויפֿצובליהען. מ'האָט דאַן ערנסט און טיעף בעהאַנדעלט די פֿראַגען פֿון גלויבען, פֿון דער געטליכער נאַטור, פֿון נבואה און ד. ג. בעזונדערס בעריהמט איז די סעקטע מאָטאַזיליטען (אָבגעזונדערטע), וואָס האַלט, אַז דער מענש איז פֿאָלשטענדיג פֿריי אין זיין אויפֿפֿיהרונג, וועלכע איז ניט פֿאָרבעשטימט פֿון דער השגחה. צו דיעזער סעקטע האָבען געהערט די גרעסטע געלעהרטע פֿון יענע צייטען, וועלכע האָבען גרינדליך שטודירט די גריכישע פֿילאָזאָפֿיע און געשאַפֿען די חיסענשאַפֿטליכע טעאָלאָגיע פֿון איסלאַם (קאַלאַם). זיי האָבען געוואַגט צו קריטיקירען די טראַדיציע, האָבען בעטראַכט דעם קאָראַן ניט אַלס אייביגעס, נאָר אַלס געשאַפֿענעס ווערק און ערקלערט, אַז די הויפּט-איינענשאַפֿט פֿון גאָט איז די גערעכטיגקייט. אַ געוויסע צייט אונטער דער אַבאַסידישער הערשאַפֿט איז די מאָטאַזילישע שיטה געוואָרען די אָפֿיציעלע רעליגיע, זי האָט זיך אָבער ניט געקאָנט צופּאַסען צום געשמאַק פֿון המון. דער כליף מאָטאַוואַקיל (847—861) האָט שוין אָנגעהויבען רודפֿ'ן די מאָטאַזיליטען, וועלכע האָבען מעהר ניט געטאָרט לערנען עפֿענטליך זייער שיטה. פֿיעל פֿון זיי זענען טאַקי געוואָרען אמת'ע אַפּיקורסים, ווייל די מושלימענישע דאָגמען זענען נאָך ניט געווען אַזוי קלאָר פֿעסטגעשטעלט ווי די קריסטליכע, און אַ ווייטע חקירה האָט געבראַכט צו לייקענען אין אַלץ.

אין דער ערשטער צייט פֿון דער אַבאַסידישער הערשאַפֿט האָט אויך עקזיסטירט אַ סעקטע „זינדיק", וועלכע האָט געהאַלטען נאָר פֿון אַני-אונאָבהענגיגען מאָראַל, וואָס האָט אינגאַנצען ניט צו טהון מיט דער אמונה; מ'האָט אָבער די פֿריידענקער וואָס ווייטער מעהר פֿערפֿאָלגט, און די אַפּיקורסים, וואָס האָבען קיינמאָל ניט געפֿעהלט אין דער מושלימענישער וועלט, האָבען זיך אויסגעלערנט טראָגען אַ רעליגיעזע מאַסקע. צווישען די בעריהמטע פֿריידענקער דאַרף מען רעכענען: איבן-ער-ראַוואַנדי און די בעגאַבטע דיכטער אַבדול-אַלאַ-על-מאַרי און אָמאַר-קאַיאַם, וואָס האָבען געהאַט אַ גרויסען איינפֿלוס אויף דער מחמדאַנישער געזעלשאַפֿט.

## § 6. די אָרטאָדאָקסישע דאָגמען.

די אָרטאָדאָקסיע האָט, אמת, בעטראַכט די פֿילאָזאָפֿיע פֿון די מאָטאַזיליטען פֿאַר אַ טייוועלשע שפּיעל, וואָס פֿיהרט-אָראָב די מאַמינים פֿון וועג;

בונדעסטוועגען האָט זי אויך געפֿיהלט די נויטיגקייט צו בעשטימען לאָגיש דעם רעליגיעזען דאָגם, און וועלכען יעדער מחמדאַנער מוז גלויבען. אַל־אַחאַרי איז געוועזען דער ערשטער דענקער, וואָס האָט אַריינגעטראָגען די פֿילאָזאָפֿיע אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזען (874—935). על־גאַזאַלי, וואָס שטעהט פֿיעל העכער פֿאַר אידם, האָט נאָכהער פֿערשפּרייט די לעהרע פֿון זיין שול אין איינציגע ווערק, וואָס מ'האָט די ערשטע צייט געדודפּ'ט און געברענט.

דער אַני־מאמין פֿון איסלאַם פֿאָדערט, אַז מ'זאָל גלויבען אין גאָט, אין מלאכים, אין די הייליגע ספרים, אין די נביאים, אין יום־הדין, תחית־המתים און פֿאָרבעשטימונג פֿון דעם מענשענס מעשים. גאָט איז אפילו פֿאָרגעשטעלט מיט מענשליכע אייגענשאַפֿטען, ווי הערען, זעהען אוז ד. ג.; זיי זענען אָבער אונבעשרענקט. בעזונדערס אָפֿט דערמאָהנט דער קאָראַן גאָטס חסד. מיט מענשען קומט אַלאַה אין פֿערבינדונג דורך מלאכים און נביאים, וואָס זייער צאָהל דערגרייכט, לויט דער מושלימענישער טראַדיציע, ביז הונדערטער־טויזענדער. פֿון זיי צייכענען זיך אויס די „געשיקטע" אדם, שת, אידריס, אברהם, משה, דוד, ישו און מחמד, וועלכע האָבען דער מענשהייט געבראַכט די הייליגע ביכער.. וויכטיג פֿאַר דער מענשהייט איז אָבער נאָר דער קאָראַן, וועלכער עקזיסטירט ביי גאָט פֿון אייביג־אָן און איז געשיקט אויף דער ערד דורך גבריאל המלאך, ווייל אַלע איבעריגע הייליגע ביכער זענען שלעכט פֿערשטאַנען געוואָרען און זאָגאַר אויך געפֿעלשט. די נביאים האָבען בכח צו טהון מופתים, צו בעגרייפֿען די ריינע וואַרהייט, צו בעטראַכטען די געטליכקייט און צו פֿערטיידיגען דעם מענשען ביים יום־הדין.

דער מענש טהוט אפילו זיינע מעשים מיט אַלאַהס הסכמה, פֿון דעסטוועגען איז ער פֿאַר זיי פֿעראַנטוואָרטליך. באַלד נאָכ'ן טויט קומען די מלאכים מאָנקאַר און נאַקיר און קוועלען דעם מענשען מיט זייער חקירה־ודרישה, אַלס הקדמה צום גרויסען יום־הדין. איידער דער לעצטער, דער גרויסער יום־הדין, וועט זיך אָנהויבען, וועלען זיך ענטפּלעקען דער אַנטיקריסט, ישו און מחמד. אַלע בעשעפֿענישען וועלען אויסשטאַרבען און די גאַנצע אָרדנונג פֿון דער נאַטור וועט איבערגעקעהרט ווערען. נאָכהער וועלען אויפֿשטעהן די מתים און אַלאַה וועט זיך זעצען צום געריכט. יעדענס גוטע און שלעכטע מעשים וועט מען וועגען אויפֿ'ן האָגשאַל און אַלע וועלען מוזען איבערגעהן די בריק איבער'ן תהום. די גערעכטע וועלען אָנקומען אין גן־עדן און די אונגערעכטע וועלען אַריינפֿאַלען אין תהום פֿון גיהנם אויף אייביגער שטראָף.

## § 7. די מיסטיק.

דער פחד פֿאַר'ן יום-הדין האָט געבראַכט די פֿרומע מושלימענער צו אַ מרה-שחורה'דיגער אַנשויאונג אויף דער וועלט. זיי האָבען אָנגעהויבען בעטראַכטען דאָס לעבען פֿאַר אַ פֿערבײַלויפֿענדע נאַרישקייט, די וועלט-ליכע ציוויליזאַציע פֿון די אָמעיאַדען — פֿאַר אַ זינדיגע פֿרוכט פֿון אַפּי-קורסות, חאָטש דער קאָראַן זאָגט אויסדריקליך, אַז דער איסלאַם האַלט ניט פֿון נזירות און פֿערבאָט צו פֿערווערען די „הייליגע". האָבען דיזע פֿאַנאַטיקער אָנגעהויבען לעבען אַסקעטיש און דער נזיר איז געוואָרען אויך אַ „קדוש" (וואַלי). דיזע „פֿריינד פֿון אַללאַה", וואָס ווילען דערגרייכען די הויכע מדרגה פֿון נביאים און מאַרטירער, זענען געקליידעט אין אַ פּראָסטען וואָל-בגד (סופֿאַ) און היטען אָב גענוי אַלע דינים. אין שפּעטערע צייטען האָבען זיי זיך אָרגאַניזירט אין געזעלשאַפֿטען, וואָס פֿלעגען אין פֿרומע פֿערזאַמלונגען ווידערהאָלען פֿיעל מאָל גאָט'ס נאָמען און טהון נאָך פֿיעל אַנדערע פֿאַנאַטישע זאַכען.

דער מושלימענישער אַסקעטיזם האָט זיך פֿערשפּרייט בעזונדערס אין פּרס, וואו ער האָט אָנגענומען אַן עכט אינדישען כאַראַקטער. ניט פֿון פחד, נאָר פֿון ליעבע צו גאָט האָבען די פּערסישע פֿאַנאַטיקער געוואָלט צו פֿעראייניגען זיך מיט איהם דורך הייליגען עקסטאַז, דורך מיסטישער התפעלות; זייער בעגריף פֿון געטליכקייט איז אָבער דאַדורך געוואָרען אַ פּ אַ נ ט ע א י ס ט י ש ע ר. די פֿעראייניגונג מיט גאָט ברענגט צום געדאַנק, אַז גאָט פֿוהלט-אַן די גאַנצע נאַטור, אַז די נשמה איז אויך נאָר אַ טייל פֿון איהם און ניט קיין פּערזענליכעס וועזען. אַזעלכע פֿרייע געדאַנקען האָבען געמוזט פֿערמאַסקירט ווערען אונטער אַ פֿאַלשער טערמינאָלאָגיע, כדי ניט פֿערפֿאָלגט צו ווערען פֿון דער רעגירונג; זייער מיסטישער שטעמפּעל איז אָבער דאָך קענטיג געבליבען אויף דעם איסלאַם ביי די פּערסער און טער-קען און זאָגאַר אויף דער נייפּערסישער פּאָעזיע. די גרעסטע פּערסישע דיכטער, ווי פֿאַריד עד-דין-אַטאַר און יאַלאַל-עד-דין-רומי, האָבען געשריבען פּאַנטעאיסטיש-מיסטישע ווערק, וועלכע זענען אָפֿט פֿערהייליגט געוואָרען ביים פּובליקום. אין דער אַראַבישער ליטעראַטור זענען אָבער אַזעלכע מיסטי-שע דיכטער, ווי אָמאַר בן אַל-פֿאַריד, אַ זעלטענהייט.

די מיסטיקער (סופֿיסטען) האָבען אָנגעהויבען מיהל זיין אין מאָראַ-לישע און רעליגיעזע דינים, וועלכע זיי האָבען בעטראַכט, נאָר פֿאַר אַ פּאַר-בערייטונג צום הייליגען עקסטאַז; מ'האָט דאַרום בעשלאָסען, אַז יעדע

מיסטיקער מוז פֿריהער אין א משך פֿון כמה יאָהרען בעווייזען זיין אָרטאָ־דאָקסישע פֿרומקייט אונטער דער השגחה פֿון שייך, איידער מ'וועט איהם פֿערטרויען די הייליגע סודות. די חברות פֿון דערווישען, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרען זייט דעם 12־טען יאָהרהונדערט, האָבען פֿעסטע רעגעל'ן פֿאַר פֿרומקייט און זיטליכקייט. די בעריהמטעסטע פֿון זיי זענען די קאַדריאַטען, ריפֿאַיאַטען, מאַולאַוויאַטען און אַז. וו. זיי ציילענען זיך אויס מיט אויסערליכע סימבאָלען, און פֿערזאַמלען זיך אָפֿט מקיים צו זיין זייערע מנהגים, ווי טענץ, גימנאַסטיק און ד. ג. געוויסע דערווישען קומען צו אַזאַ עקסטאַז, אַז זיי פֿיהלען ניט קיין קערפּערליכען וועהטאָג; זיי עסען גלאָז, הייסע קוילען, שלאַנגען און מאַכען זיך וואונדען. די סאַדיאַטען אין מצרים פֿלעגען זיך לעגען אויף דר'ערד אין געבורטס־טאָג פֿון מחמד, און זייער שייך'ס פֿערד האָט געטראָטען אויף זיי.

די נזירים־חברות האָבען פֿערשטאַרקט דעם איסלאַם. כמעט יעדער מושלימאַנער געפֿינט פֿאַר נויטיג אָנצושליסען זיך צו איינער פֿון זיי, ווי נאָר זיינע געשעפֿטען ערלויבען עס איהם.

---

## § 8. די שיאיטען.

ווי מיר האָבען געזעהען פֿריהער, האָבען די שיאיטען געשטיצט די הערשאַפֿט פֿון אלי, מחמד'ס איידים; בעת אלי'ס עלטערער זוהן, האַסאַן, האָט זיך אָבער אָבגעזאָגט פֿון טראָן, און דער איינגערער, האָסיין, איז געפֿאַלען אין מלחמה, האָבען זיך די שיאיטען צוטיילט אין צוויי פּאַרטייען: דאָס רוב האָט געהאַלטען, אַז די מלוכה געהערט צו די קינדער פֿון האַסאַן און האָסיין, מחמד'ס אייניקלעך פֿון זיין טאָכטער פֿאַטימאַ; און א טייל האָבען ערקלערט אַלס הערשער מחמד בן על־האַנאַפֿיאַ, אלי'ס זוהן פֿון אַנאַנדער פֿרוי. ער האָט אין מעקאַ געפֿיהרט א פֿרום, איינזאַם לעבען, און בעת ער איז אין יאָהר 700 געשטאָרבען, האָט זיך פֿערשפּרייט א לעגענדע, אַז ער בעהאַלט זיך אין בארג ראַדוואַ, אין מערב־זייט פֿון מעדינאַ, און וועט זיך בעווייזען בעת ס'וועט קומען די צייט. אַזאַ לעגענדע האָט זיך אויך פֿערשפּרייט וועגען אלי, און שאַרלאַטאַנעס האָבען זיך דערמיט בענוצט, אָנגעבענדיג זיך פֿאַר פֿערמיטלער צווישען פֿאָלק און דעם פֿערבאָרגענעם „אימאַם". מיט אַזאַ דרך האָבען, למשל, די אַבאַסידען פֿערניכטעט די אָמעיאַדישע דינאַסטיע. זיי האָבען אויפֿגעהויבען א בונט לטובת אלי'ס פֿערבאָרגענע יורשים (750).

און בעת אבול-אבאס איז ארויף אויפ'ן טראָן, האָט ער ארויסגעלאָזט א קלאנג, אז אבו-חכים, אליס איניקעל, האָט איבערגעגעבען די הערשאפט דער אבאס-פאמיליע. די אנהענגער פון פאטימאס אבשטאמונג זענען אבער ניט געווען צופרידען מיט דער אבאסידישער ממשלה, זיי האָבען אפט געמאכט בונטען, און פערשידענע פראקציעס פון זיי האָבען זיך אויסגע-קליבען איינענע דינאסטיעס אין איניגע קליינע מדינות. בעזונדערס שטאַרק זענען זיי געוואָרען, בעת זיי האָבען אין יאָהר 969 איינגענומען מצרים. חכים, דער זיעבעטער מושל פון דער נייער דינאסטיע, איז שפעטער פער-געטערט געוואָרען ביי די דרוזען פון לבנון. סוריע איז אין מיטעל-אלטער אויך פול געווען מיט מחמדאנישע סעקטעס, פון וועלכע די בערימטעסטע איז געווען די סעקטע „רוצחים", וואָס פלעגט שטילערהייד הרגענען איהרע געגנער.

די שיאיטען, איבערהויפט פערסער, האָבען זייערע איינענע טראדיציע-ספרים, און פערגעטערען די אימאמס (מושלים), וואָס שטאַמען פון מחמד'ס משפחה. די טערקען, וואָס האָבען אבגעירשנ'ט די ממשלה פון די אראבער, זענען געווען, אלס פראקטישע קריעגער, אונגינסטיג געשטימט פאר די מיסטישע אמונות פון די שיאיטען; דאגעגען האָבען זיי נושא-חן געווען ביי די מאנגאלישע הערשער. אונטער דער סאפאווידישער דינאסטיע (1499—1736) איז דער שיאיטיזם געוואָרען די אפיציעלע רעליגיע אין פרס, און די שטענדיג פערפאלגטע שיאיטען האָבען זיך שוין געפיהלט גענוג שטארק צו פיהרען מיט די סאניטישע פעלקער אפענע מלחמות, וואו ביידע צדדים האָבען ארויסגעוויזען פיעל אכזריות און פאנאטיזם. בעזונדערס פאנאטיש און צביעות'דיג איז אבער געבליבען עד היום די שיאיטישע רעליגיע אין פרס.

## § 9. די איצטיגע לאגע פון איסלאם.

מירעכענט אין דער גאנצער וועלט בערך 260 מיליאָן מושלימאנער, וואָס טיילען זיך אין צוויי הויפט-גרופען: שיאיטין, אין פרס אין ענגלישע אינדיען, און סאניטען, אין טערקיי, מצרים און אנדערע לענדער. די סאניטען היטען נאך אב אלע דינים פון זייערע פיער גרויסע פוסקים, האָטש אין פערשידענע לענדער האָבען דיעזע דינים פראקטיש אנגענומען אָרטיגע ענדערונגען. דער קולט פון די „היילינע" עקזיסטירט נאך אויך, און דער

פערזוך, וואס עבד-אל-וואהאב מיט זיין סעקטע האבען געמאכט סוף 18-טען יאהרהונדערט אין אראביע מבטל צו זיין דיעזען קולט און אנדערע געצענ-דינערישע מנהגים — האט ניט געבראכט צו קיין גרויסע רעזולטאטען. די פערגעטערונג פון לעבעדיגע און פערשטארבענע „קדושים“ האט זיך בע-זונדערס פערברייטערט ביי די דערווישען אין מצרים. די צעהנדליגע מיליאנען גלויבער, וואס דער איסלאם צעהלט אין חינע, אויף די מאלאישע אינזלען, און ביי די נעגערס אין מיטעל-אפריקא, זענען, נאטירליך, אויך ניט פריי פון אלערליי געצענדינערישע מנהגים.

די פערסישע שיאטען האבען אין מיטען 19-טען יאהרהונדערט אויך געהאט א רעפארמאטאר, ערער א באב (פערמיטלער צווישען פאלק און דעם פערבארגענעם „אימאם“), וואס האט געגרינדעט זיין טעאריע אויפ'ן פערסישען נאציאנאל-געפיהל, אויף סופיזם און קבלה. מ'האט איהם שפע-טער געשאסען אין טאבריז, און די מענגע „באביטען“ איז צושפרייט גע-ווארען. קיין גרויסען ערפאלג האט אויך ניט געהאט דער מחמדאנישער קיסר אקבאר, וואס האט געוואלט גרינדען אין אינדיע אנאלגעמיינע פילא-זאפישע רעליגיע (1556 — 1605).

נײנטעס קאפיטעל.

# די אינדיאנער.

## § 1. דאס אינדישע פאלק און זיין ציוויליזאציע.

די ארישע שבטים, וואס האבען פערצייטען איינגענומען אינדיע, זענען געווען ענערגישע און לוסטיגע מענשען, ווי סיזעהט זייער קלאסישע פאעמע מאהאבהאראטא. דער טראפישער קלימאט און די רייכע נאטור האבען אבער מיט דער צייט ביי זיי ענטוויקעלט א געוויסע נייגונג צו פוילקייט און שווערמעריי. נעבען די פריהליגע און לוסטיגע בידגער-און קריגער-קאסטעס, וואס האבען זיך שטענדיג אויסגעצייכענט מיט מוט, קארפערליכער פעסטיגקייט און א שענער הומאריסטישער ליטעראטור — האט זיך אויס-געבילדעט א פערשלאסענע גלחים-קאסטע, וועלכע איז געקומען דורך דאס פויסטע, בעשעפטיגונגס-לאזע לעבען, צו א פעסימיסטישער אנשויאונג אויף דער וועלט. זי האט געשאפען א רייכע איינענטימליכע רעליגיעזע ליטע-

ראַטור, וואָס בעשעפֿטיגט זיך מיט מיסטישע פֿאַנטאַזיעס, און בעטראַכט דעם אונענדליכען גייסט אַלס דער אמת'ער רעאַליטעט, פֿון וועלכער די גאַנצע וועלט איז נאָר אַ שיינבאַרע און ניט קיין ווירקליכע אָבשפּיגלונג.

די אינדיאַנער צייכענען זיך אויס מיט זייער שאַרף־זין, און האָבען ווייט פּראָגרעסירט אין מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, אַרכיטעקטור, לאָגיק, פּסיכאָלאָגיע און דאַנאַר פילאָלאָגיע; זיי זענען אָבער אָבגעשטאַנען אין פּלאַסטישער קונסט און עקספּערימענטאַלע וויסענשאַפֿטען. בעזונדערס פֿער־נאַכלעסיגט האָבען זיי די היסטאָריע, ווייל זיי פֿעהלט אין גאַנצען דער נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער זין. די אינדיאַנער זענען קיינמאָל ניט געוועזען קיין נאַציאָן מיט אַ קאָנצענטרירטער אימפּעריע; זייער רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע האָט דאַרום קיינמאָל ניט געהאַט קיין פֿעסטע שטיצע, און פֿרעמדע פֿעלקער האָבען שטענדיג לייכט בעקומען אַנאַיינפֿלוס אויף דער גרויסער און רייכער אינדיע.

---

## § 2. די וועדא'ס און זייער אויטאָריטעט.

די וועדישע ליטעראַטור (וועדאַ — וויסען) איז גרויס און בעשעפֿטיגט זיך מיט פֿערשיעדענע געביטען. איהר יסוד זענען די הייליגע מזמורים, מאַנטראַס, וואָס טיילען זיך אין פֿיער חלקים. מיט רעליגיעזער וויסענשאַפֿט בעשעפֿטיגט זיך בעזונדערס דער טייל ריגוועדאַ, הייליגע פּאָעמעס, און אַטאַרוואַ, מזמורים און סענטענצען פֿון כשוף. די בראַמאַנאַס, וואָס זענען נוגע צו קרבנות, מיטאָלאָגיע, טעאָלאָגיע און שפּראַך־וויסענשאַפֿט — רעכענען זיך פֿאַר'ן נייערען טייל פֿון די וועדאַס. צו זיי געהערען אויך די אַראַניאַקאַס (בוך פֿון וואַלד), און די אופּאַנישאַדס (לעהרע), די עלטסטע פֿילאָזאָפֿיע ביי די אינדיאַנער.

ווייניגער וויכטיג פֿון דיעזע נבואה־ביכער זענען די זוטראַס, — קורצע געפֿאַסטע לעהר־ביכער פֿאַר שולען. דאָס רוב געהערען צו דער טראַדיציע און בעשעפֿטיגען זיך מיט הויזיגע מנהגים און בירגערליכע געזעצען; פֿון די האָט מען נאָכהער אויפֿגעשטעלט דאָס בערימטע געזעץ־בוך פֿון מאַנו.

די וועדאַס געהערען צו די עלטסטע שריפֿטען פֿון דער מענשהייט. זייער לעצטע פֿערפֿאַסונג איז געמאַכט געוואָרען ניט שפּעטער, ווי טויזענד יאָהר פֿאַר'ן קריסט. זייער סטיל איז דאָס רוב טרוקען, געקינסטעלט און

דונקעל; עס פעהלען אבער אויך ניט דארט קיין בעגייסטערטע פערזען, וואס האבען אפטמאל מיט דער רעליגיע גאר ניט צו טאן. פיעל ליעדער זענען א לויב-געזאנג לכבוד פייערליכע פאראדען פון מושלים און רייכע לייט. אין דאס רוב מזמורים זענען בעצייכענט די נעמען פון די דיכטער; דער היילינגער רישי איז דער ערשטער פאטער פון דער פאמיליע דיכטער, און דער בעריהמטעסטער צווישען זיי איז וואזישתא, צו וועמען עס געהערט דאס זיבעטע בוך פון ריגוועדא.

די דיכטער פון די וועדאס ווערען גערעכענט פאר געטליכע וועזענס, און די וועדאס אליין — פאר'ן יסוד פון דער וועלט. א מענש איז מחויב צו טאן אלע טאג פינף זאכען: שפייזען בעלי-חיים (איבערהויפט פויגלען), אויפנעהמען אורחים, שענקען מתנות די עלטערען און די געטער, און לעזען די וועדאס, וואס איז גערעכענט ווי א קרבן און איז מכפר די זינד. די בעזונדערע טיילען פון די וועדאס זענען אבער פערעהרט געווארען דורך פערשיעדענע פארטייען, וועלכע האבען איינע די אנדערע בעטראכט פאר אפיקורסים. אגב זאגען די וועדאס אליין, אז דעם ריינעם אמת בעגרייפט מען ניט, לעזענדיג די היילינגע ביכער, און דאס קאן ערדייכט ווערען נאר דורך מיסטישע שווערמערייען און חלומות.

די פילאזאפישע שולען און דער מפורש סאיאנא-מאדהאבא (14-טער יאהר.), האבען ענטוויקעלט די לעהרע פון די וועדאס, פערענטפערט די סתירות צווישען זיי און דער טראדיציע, און בעשטימט די נויטיגע ביכער פאר פרויען און שודראס.

## § 3. די געטער.

די וועדישע טעאלאגיע בעצייכענט 33 גרופען פון געטער (דעוואס), וואס טיילען זיך אין דריי סארטען (הימעל, לופט און ערד): וואזוס, רודראס און אדיטיאס. די צאהל פון די געטער איז זעהר גרויס, אין הימן רעכענט 3339. די געטער הערשען איבער די נאטירליכע ערשיינונגען, און אפטמאל זענען זיי פערמישט מיט דיעזע ערשיינונגען גופא, ווי אגנאס, דער פייער-גאט, און סוריא דער הימעל-גאט. בכלל זענען די איינענשאפטען פון די געטער ניט קלאר בעשטימט אין די וועדאס. אין דער רעליגיע פון המון שפיעלען אויך די רוחות, מכשפים און מתים א גרויסע ראלע.

די העכערע געטער האָבן מענשליכע אייגענשאַפֿטן און געשטאַלטן. זיי זענען פֿאָרגעשטעלט אין גראָבע, האַלב־טיערישע פֿיגורן. זיי פֿאַרהאַלטן זיך בכלל פֿריינדליך צום מענשן.

אונטער'ן סאָרט געטער, וואָס טראָגן דעם נאָמען אַזוראַס, האָבן זיך אויסגעצייכנט „דער פֿאָטער פֿון הימל", אַדיטי: די ערד־געטין, מיטראַ (פֿריינד), און בעזונדערס וואַרונאַ, וואָס האָט בעגרינדעט די אָרדנונג אין דער נאַטור און דעם מאָראַל צווישן מענשן. די ענערגישערע געטער דעוואַס האָבן אָבער נאָכהער פֿאַרשטויסן די אַזוראַס פֿון אינדישן פּאַנטעאָן. דער גרעסטער פֿון די דעוואַס, אינדראַ, איז געשילדערט אַלס שטאַרקער קריגער און נאַציאָנאַל־העלד, וואָס צושמעטערט די שונאים. ער קעמפֿט מיט'ן בליץ געגן אַלערליי בייזע רוחות, וואָס טוען שלעכטס דער וועלט, און בעזונדערס געגן ווירטראַ, וואָס פֿאַרהאַלט דאָס וואַסער אין די וואָלקנס.

גוטע און ליכטיגע געטער זענען אויך די צוויי ברידער אַקוואַ, וואָס פֿירן דעם עקיפּאַזש פֿון דער זון און ברענגען ליכט און לעבן אויף דער וועלט. די ראָזע יונג־פֿרוי אושאַס פּוצט זיך אויס, און גייט אַרויס זיי מקבל פּנים זיין, אַלס איהרע צוויי חתנים. זי פֿירט די רויטע וואָלקן־קיה אויפֿ'ן הימל, און מאַכט מיט איהר גלענצענדן וואָגן אַ וועג פֿאַר דער זון. צווישן אַנדערע ליכט־געטער דאַרף מען רעכענען אַגני, דער גאָט פֿון קרבנות־און הויז־פֿייער, וואָס פֿירט אויך אַריין די פֿאַרברענטע מתים אין דער אונטער־וועלט. מיט איהם ווערט אָפֿט פֿאַרגלייכט דער גאָט סאָמאַ, וואָס איז ממונה אויף דעם הייליגן געטער־געטראַנק סאָמאַ — אַ זאַפֿט, וואָס ווערט געמאַכט מיט'ן זאַפֿט פֿון שוואַלבן־וואָרצעל. דיעזער געטראַנק איז אַ סימבאָל פֿאַר רעגן, וואָס קומט דורך פֿייער אָדער בליץ.

## § 4. דער וועדישער קולט.

דער יסוד פֿון דער וועדישער רעליגיע איז דער קרבן. ער שטאַמט פֿון הימל, און די געטער אַליין בעטייליגן זיך אין זיין עבודה. די וועלט איז בעשאַפֿן דורך אַ קרבן, און די קרבנות האַלטן אין איהר די נאַטירליכע אָרדנונג. מ'איז מקריב פֿאַרשיעדענע געבעקסן, מילכיגס, בהמות, און איבערהויפּט דעם געטראַנק סאָמאַ; מ'בעט די געטער זיך זעצן אויפֿ'ן הייליגן גראָז פֿאַר'ן מזבח און מ'איז זיי משמח מיט בשמים, מוזיק און

מענטש. דער אָפּפער ווערט אַ באַלוינונג פון גאָט, ווי ס׳ווייזן די מזמורים, וואָס מ׳זינגט בשעת מעשה: „אָט איז דאָס פוטער — וואו זענען דיינע מתנות?“.

קיין טעמפּלען האָט די הינדישע רעליגיע ניט געקענט; ס׳האָט געאָפּפערט צו הויז פאַר אַ פייער, אָדער אונטער׳ן פרייען הימעל אויף דריי פייערן: איינער פאַר׳ן עלטסטן פון דער פאַמיליע, און די צוויי איבעריגע פאַר געטער און שדים. אין דער עבודה פון קרבן פלעגן זיך עוסק זיין דער האָטאַר, וואָס זאָגט די מזמורים, דער אודגאַטאַר (זינגער), און דער אַדוואַריו, וואָס טוט די איינפאַכע אַרבייט. אַ בראַמאַן, אַ נאָויבער־שטער גלח, וואָס האָט געוואוסט אַלע דריי העדאַס אויסווייניג, פלעגט אַלמונג געבן, אַז די גוזמא צערעמאָניעס זאָל פּינקטליך אויסגעפירט ווערן. דער איינגעטיימער פון קרבן מוז זיך טובל זיין און פאַסטן מיט זיין ווייב, און אָבשערן די האָר פון קאָפּ און באָרד. דער איינגעטיימער פון די גאַנץ גרויסע קרבנות פלעגט זיך אַזוי לאַנג רייניגן און פייניגן, „ביז די שוואַרצאַפּעלעך פון זיינע אויגען פלעגן פערשווינדן, און זיינע ביינער פלעגן זיך נאָר האַלטן אויף דער הויט“.

דריי מאָל אין טאָג פלעגט מען מקריב זיין הייסע מילך, אין אָנהויב און מיטן חודש — געבעקס; דערביי פלעגט מען וואַרפן פוטער אין פייער, און סערווירן אַ מאָלצייט. גרויסע קרבנות האָט מען געאָפּפערט אין אָנהויב פון די דריי סעזאָנען: פרילינג, רעגען־צייט און הערבסט. אין יום־טוב פון רעגען־סעזאָן האָט מען געמאַכט אַ שעפּס און אַ באַראַן פון טייג און וואָל, אַלס סימבאָל פון שאָף־געדעטעניש. ביי דער פייערונג פון די דריי סעזאָנען האָט מען מקריב געווען אַ באָק, און צוטיילט זיין פלייש צווישן די געטער און מענשן, שענקענדיג די געטער דאָס בויך־פעל, ווי אין אַנדערע אינדאָ־אייראָפּייאישע קולטן. די גרעסטע יערליכע צערעמאָניע פלעגט פאָרקומען אין פרילינג, ביים צוברייטן דעם הייליגן סאָמאַ־געטראַנק. מ׳פלעגט דאַן שחט׳ן עלף בעק צו פערשידענע געטער, און דאָס גאַנצע פאָלק פלעגט זיך משמח זיין מיט דער צערעמאָניע, ביים אויסדריקן די זאַפט פון שוואַלבען־וואָרצעל.

אַ באַזונדער פרעהליכער יום־טוב פאַר׳ן פאָלק איז געווען דער טאָג, ווען מ׳פלעגט מקריב זיין דעם פערד, דעם „קעניג פון די קרבנות“. מ׳פלעגט דעם פערד טובל זיין, אַרומפירען אַבער אַלע שטעדט אין באַגלייטונג פון 400 יונגע־לייט, און נאָך אַ יאָהר הכנות האָט מען איהם מקריב געווען אַלס באַשיצונג פון פאָטער־לאַנד. די קעניגין פלעגט זיך באַדה לעגן מיט׳ן

קרבן אַלס פרוי — דערמיט איז דאָס לאַנד געווידמעט געוואָרען דעם זון-גאָט. פאַר'ן פאָלק איז דאַן געווען אַ פרעהליכע קאַרנאַוואַל-צייט, מ'האָט געטאַנצט, געהוליעט און געשפּילט, בעזונדערס אין הינדעל-שפּיעל און לויף-וועטען.

איינער פון די עלטסטע קרבנות איז דער לכבוד די פערשטאָרבענע עלטערען. מ'רינגעלט אַרום דעם היילינען פלאַץ מיט אַ גראָבען און מען בעשפּריצט איהם מיט היילינ וואַסער, כדי די שדים זאָלען אַהין ניט אַריינ-דרינגען. מ'זאָגט פערשיעדענע תפלות, ווי צום ב. ש.: „עהרע צו אייער זאַפט און קראַפט, עהרע צו אייער לעבען, אייער כח און אייער שרעקליכער מאַכט; הלואי זאָלט איהר זיין די בעסטע אויף יענער וועלט, און איך — אויף דער וועלט“. מ'איז דערביי מקריב בוימאייל, קליידער און טויג-קניידלעך, וועלכע דעם אָפּפערס ווייב עסט נאָכהער אויף, כדי זי זאָל האָבען קינדער-זכרים.

דער קרבן און די כישוף-צערעמאָניען, וואָס ווערען דערביי אויסגע-פיהרט, צווינגען די געטער צו געניסען פון אָפּפער און „חאַפּען אינדרא, ווי אַ ווילדע חיה“. די געטער בעקומען זייער נויטינע נאַהרונג פון די קרבנות, און ווערען צוליעב זיי דעם מענשען'ס דיענער. „ווי דער אָקס ברומט געלוסטענדיג רעגען, אַזוי פערלאַנגט אינדרא דעם סאָמאַ“; ער ווערט האַדורך אָבהענגיג פון מענשען.

## § 5. כישוף.

אין די וועדאַ-ביכער הערט מען פיעל געדעדט פון כישוף; מיר פערשטעהען זיך אָבער אויף דעם גאַנץ ווענינ. עד היום זענען די כישוף-מנהגים שטאַרק איינגעוואָרצעלט אין אינדישען פאָלק. דער בראַמאַן (בעטער, בעשווערער), אָדער כהן-גדול, איז איבערהויפּט אַן אָפּיציעלער טרעגער און מכשף, וואָס בעגלייט דעם קעניג אין מלחמה און ברענגט דעם נצחון דורך זיין קונסט. ס'איז ניטאָ אַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס מ'זאָל ניט קענען מאַכען דורך כישוף: מ'פערניכטעט שונאים, מ'היילט קראַנקהייטען און מ'דערוויטערט איבערהויפּט שלעכטע רוחות. די פרוי געווינט די ליעבע פון איהר גע-ליעבטען, פערשפּרייטענדיג אויף זיין בעט פערכישופטע פלאַנצונגען, אָדער איינטונקענדיג אין האָניג דעם צויבער-צווייגעל. קמיעות און לחשים, היילינ וואַסער און פייער בעווייזען די גרעסטע מופתים, רייניגען פון זינד, ברענגען גליק און אריכת-ימים, געזעגענער אין תבואות און קינדער-זכרים.

# § 6. מאָראַל, טויט און אייביגעס לעבען.

די חעדישע רעליגיע איז זעהר מקפיד אויף ריינקייט פֿון פֿאַמיליען־לעבען, און אויף די צניעות פֿון דער פֿרוי; די געמיינדע מאַכט חתונה די יתומות און בעשיצט זיי. די אלמנות, אָפּטער זייער סימבאָל, פּלעגען פֿער־ברענט ווערען מיט דעם פֿערשטאָרבענעם מאַן. אויף די שוואַכע און קראַנקע איז אָבער קיין השגחה ניט געווען. זינד און פֿאַלשקייט זענען דאָס אייגענע, און אַ ליגען רעכענט זיך פֿאַר'ן גרעסטען חטא. אויסקויפֿען עבירות, איבערהויפּט רעליגיעזע, קאָן מען דורך קרבנות, טבילות און אויסבעטענדיג אַ מחילה ביי די פֿער'כעסטע געטער.

די אינדיאַנער, וואָס ווילען איבערלעבען „הונדערט הערבסטען", האָבען מורא פֿאַר'ן טויט. צווישען דעם אָרט פֿון פֿערשטאָרבענעם אין די אבלים לעגט מען אַ שטיין אַלס מחיצה. פֿון אָנהויב איז געווען דער מנהג צו בעגראָבען די מתים, און שיקען זיי צו זייערע „פֿאָטערס", אין דער מתים־וועלט, וואו ס'געוועלטיגט דער ערשטער מענש יאַמאַ. שפּעטער, בעת ס'האָט זיך אָבער פֿערשפּרייט דער קולט פֿון די ליכט־געטער, האָבען פֿיעל אָנגעהויבען פֿערברענען די מתים, ווייל דאָס פֿייער רייניגט און פֿיהרט אין גן־עדן. די מלוכה פֿון יאַמאַ איז דאַן איבערגעטראָגען געוואָרען אין די ליכטיגע הימלען. דער מתפלל בעט: „דאָרט, וואו ס'שיינט דאָס ליכט, וואָס לעשט זיך קיינמאָל ניט אויס, אין די טיעפֿעניש פֿון הימעל, אָדער אונטער די אייביגע וואַסערען; דאָרט, וואו ס'וואוינען פֿערגעניגען, פֿרייד, לוסט און נחת, וואו דאָס פֿערלאַנג ווערט ערפֿילט ביי דעם, וואָס פֿערלאַנגט — אַהין, אין דער אונשטערבליכקייט, אין דער אייביגקייט, פֿיהר מיך, אָ, סאָמאַ!"

דער מענש פֿיהרט דאָרט אַ געזונדע פֿיזישע עקזיסטענץ; ס'פֿליסען גאַנצע טייכען פֿון מילך און האָניג, ס'פֿעהלען אויך ניט קיין שענע פֿרויען. אין גן־עדן זענען אָבער זוכה אַריינצוקומען נאָר עהרליכע לייט, בראַווע סאָל־דאַטען און פֿרומע, וואָס קאַרגען ניט קיין קרבנות. דאַגעגען די רשעים, וואָס פֿערפֿיהרען אַ מעדעל אָהן אַ ברודער, און זענען מבזה אַ בראַמאַן, אָדער אונטרייע ווייבער, געהען אין גיהנם, וואו מ'באָדט זיך אין בלוט און מ'נעהרט זיך מיט האָר.

---

## § 7. קאסטעס, גלחים און געטער.

אין בראמאנישען, אדער נייערען טייל, פון די וועדאס, וועלכער איז פיעל פערשטענדליכער, ווי די אלטע טיילען — האט שוין די רעליגיע איהר פאלשטענדיגע ארדנונג, און די קאסטעס זענען גענוי איינגעטיילט. די בראמאנען דיענען אלס גלחים, זיי זענען מקריב קרבנות, פאנטאזירען איבער הייליגע געדאנקען, בילדען די רעליגיע, און הערשען גייסטיג אויף דאס אינדיאנישע פאלק. די צווייטע העכערע קאסטע זענען די קשאטריאס, די פרעהליכע קריעגער, וואס פערברענגען די צייט אין מלחמה אדער פערגעניגענס. ניעדעריגער פאר זיי שטעהען די וואיסיאס, וואס טוען אלע בירגערליכע מלאכות, פיטערען בהמות, ארבייטען די ערד, האנדלען, און פערנעהמען זיך מיט אלערליי אינדוסטריען. דער ניעדעריגסטער קלאס זענען די מאסע סודראס, וואס דיענען דאס רוב אלס משרתים און נעהמען קיין אנטייל ניט אין די רעליגיעזע צערעמאניעס. זיי שטאמען, ווייזט אויס, פון א אונטערדריקטען פאלק. לויט דער מיטאלאגישער ערצעהלונג זענען די בראמאנער געשאפען געווארען פון בראמא-גאט'ס קאפ, די קריעגער — פון זיינע הענד, די בירגער — פון אונטערשטען טייל קערפער, און די סודראס — פון זיינע פיס. יעדער קלאס, וואס ירשנט זיין מדרגה פון די עלטערען, האט אויך זיין באזונדערען גאט. אויסער אלע קלאסען שטעהען די פאריאס, וואס זענען געבארען פון געמישטע קלאסען, און רעכענען זיך גאר ניט פאר קיין מענשען.

בעת דער בראמאנער ווערט אלט זיבען יאהר, הויבט ער שוין אן צו לערנען אויסווענדיג די וועדאס, און לערנט זיך די כהונה ביי אן עלטערען גלח, וועלכען ער דיענט אלס משרת. נאכהער גאלט ער אב דעם קאפ, לאזענדיג נאר א גריווע, און האט חתונה, כדי צו האבען זיהן און „מקיים זיין די פפליכט געגען די עלטערען". זיין העכערען ציעל דערגרייכט ער אבער, בעת ער ענדיגט ערציהען זיינע קינדער און בעזעצט זיך אין א וואלד, וואו ער איז זיך מתבודד מיט זיינע פילאזאפישע און רעליגיעזע געדאנקען. זיינע לעצטע יאהרען פערברענגט דער בראמאן אין אסקעטישער פרומקייט.

בראמאנאספאטי דער גאט פון די בראמאנער, דיענט אין הימעל אלס גלח און קאנצלער. אן אנדער גאט וויערער, פראיאפאטי, ווערט פערעהרט אלס דאס „גאלדענע איי", וואס האט געשאפען די וועלט און פעסטגעשטעלט די ארדנונג אין דער נאטור. דער אמת'ער גאט פון דער גלחים-קאסטע איז אבער בראמא, די הויכע מחשבה (די געדאנקען-פערטיעפונג

איז ביי די אינדיאנער דער עיקר פון דער תפילה, וואס פעראייניגט זיך מיט דער אבסאלוטער אונענדליכקייט, מיט'ן פרינציפ פון דער וועלט.

---

## § 8. די לעהרע פון די אופאנישאדס.

דער טייל פון די וועדאס, וואס הייסט אופאנישאדס, בעשעפטיגט זיך מיט פילאזאפישע פראגען. אין זייער לעזונג האבען זיך אויך בעטייליגט די קריעגער און הערשער, וואס זענען אפטמאל גרייט צו געבען דעם בראמאן „א טויזענד קיה" פאר א געלונגענער בעמערקונג. די מיה פונ'ם איינזאמען דענקער צו ערקענען די העכערע וואהרהייט ווערט גערעכענט פאר א „גייסטיגען קרבן". דאס נאכדענקען איבער די פרינציפען פון דער וועלט און זייער שייכות צום מענשען, פיהרט, ווי פראקטישע וואוילטעטיגקייט, צום הימלישען ציעל. די פילאזאפיע איז אויך מציל פון די אויסערליכע צרות און עגמת-נפש: „דער מענש, וואס פערשטעהט, אז אלע בעשעפענישען עקזיסטירען נאר אין גאט, און בעגרייפט די איינהייט פון דער וועלט, ליידט ניט פון טרויער און אילוזיעס".

דער גייסטיגער פרינציפ פון דער וועלט איז דער אטמאן (אטעם), וואס בעשטעהט פון ריינער ערקענטניס, און איז אונענדליך, ווי אונבעגרייפליך. דיעזער פרינציפ איז דורך שטרעבונג צו רעאליזאציע, אדער דורך פערבינדונג מיט א ווייבליכען פרינציפ, פערקערפערט געווארען אין גייסטיגע אדער מאטעריעלע וועזענס. די גאנצע נאטור און דער מענש זענען ארויס פון דער וועלט-נשמה, וועלכע עקזיסטירט אומעטום. דער מענש, וואס קומט צו דיעזער ערקענטניס איז פריי פון זינד און טויט, און געניעסט א העכערען גליק, ווי די געטער. אזא אינערליכע ערקענטניס איז אבער נאר מעגליך, ווען מ'פערטיעפט זיך אין איהר מיט אלע חושים, ביז מ'פערליערט דאס בעוואוסטזיין פון דער ארומיגער וועלט און פון זיך אליין, און מ'קומט צו א מין צושטאנד פון א רוהיגען חלום. דער דענקער ווערט דאן בעפרייט פון אלע שמערצען, וועלכע קומען פון דעם, וואס די ערדישע עקזיסטענץ איז נאר א שענבארע, א פאלשע — און ער בעטראכט צוויי וועלטען מיט א מאל.

דער אסקעטישער פילאזאף בעגעגענט מיט פרייד דעם טויט, וואס פיהרט איהם „פון ניט-זיין אין זיין, פון פינסטערניש אין ליכט". ער פערשטעהט אבער אויך, אז נאכ'ן טויט פערליערט זיך די פערזענליכקייט, און

דער מענש ווערט צוטיילט צווישען די עלעמענטען. ארטאבאגא האט געפּרעגט זיין בעריהמטען רבי'ן, יאינאוואלקיא: „בעת די שטימע פון מענשען בעהעפט זיך נאכ'ן טויט מיט'ן פייער, זיין אטעם — מיט'ן ווינד, זיין אויג — מיט דער זון, זיינע האר — מיט די גראז, זיין בלוט — מיט'ן וואסער... וואס ווערט דאן פון מענשען?" דער קלוגער רבי האט אבער ניט געוואלט בערידערען די טיעפע טויט-רעטעניש און האט איבערגעפיהרט דעם שמועס אויף אן אנדער טעמא...

## § 9. וועלט-לעהרע און גלגול נשמות.

די פילאזאפישע מזמורים, וואס בעשעפטיגען זיך מיט דער וועלט-שעפּונג, ערצעהלען אפט, אז פריהער איז געוועזען א וואסער-תהום, אין וועלכען ס'האט זיך אנגעהויבען בעוועגען א זריעה-קערענדל. דער ווילען אדער די אסקעטישע שטרעבונג האבען פון דיזען קערענדל געמאכט א גאלדענע איי, וואו בראמא איז געבארען און א געשטאלט פון א קליין מענשעלע. אין א יאהר ארום האט ער מיט זיין געדאנק צובראכען דאס איי, און פון די האלבע שאלעכטס געשאפען הימעל און ערד.

אין אנדערע ערטער ווערט די שעפּונג בעשריבען אויף אן אנדער אופן. דער ערשטער פרינציפּ איז געוועזען אונצופריעדען דערמיט, וואס ער איז אליין, דארום האט ער זיך פערקערפערט אין א צוזאמענגעפלאכטענעם פאר-פאלק. פון זיי האבען אנגעהויבען געבארען ווערען מענשען. דאס ווייב האט אבער ניט פערשטאנען, ווי קאן זי לעבען צוזאמען מיט'ן מאן, פון וואנען זי איז ארויס; זי האט זיך דארום בעהאלטען און פערקערפערט אין א קוה. בעת דער מאן איז אביסל אויך געווארען אן אקס און האט מיט איהר געהאט קעלבער, האט זי זיך פערקערפערט אין א קליאטשע. דער מאן איז דאן געווארען א פערד, און זי האט געמוזט אננעהמען א ווייבליכע פארם פון אנדערע חיות. אויף אזא אופן זענען געשאפען געווארען אלע מיני ברואים אויף דער וועלט. דער מענליכער פרינציפּ האט נאכהער געשאפען דאס פייער, סאמא, און זיין העכסטעס ווערק — די געטער. „אליין א שטערבליכער, האט ער בעשאפען די אונשטערבליכע".

אפטמאל ווערט די וועלט געשאפען דורך דער צוברעקלונג פון געט-ליכע: קרבן פּורושא. אין דיזע אלע פארשטעלונגען ליעגט אבער די גרונד-אידעע, אז די וועלט איז ארויס פון געטליכען פרינציפּ דורך א לאנג-

ואַמער ענטוויקלונג (עמאַנאַציע), אַז גאָט און די נאַטור זענען אײנס (פּאַנטעאיזם).

די פערוואַנדשאַפט צווישען אַלע חלקים פון דער נאַטור האָט ווייזט אויס, די אינדיאַנער געבראַכט צום געדאַנק, אַז בעת די נשמה פערלאָזט דעם קערפער פון מענשען גערט זי איבער אין אַנדערע אָרגאַנישע קערפער פון בעלי־חיים, צמחים און מינעראַלען. האָט דער מענש פערבראַכט זיין לעבען אין נידעריגע תאוות און האָט געטאָן שווערע זינד, ווערט זיין נשמה מגולגל אין נידעריגע ברואים אָדער ווילדע חיות; האָט ער זיך, פערקערט, עוסק געווען אין מעשים טובים, אַסקעטישע פרומקייט און הייליגע מחשבות, בעקומט זיין נשמה נאָכ'ן טויט אַלץ העכערע און העכערע פערקערפערונגען ביז דער געטליכער מדרגה. דיעזע לעהרע פון גלגול (סאַמסאַראַ). וואָס איז ווייט ענטוויקעלט אין די אופּאַנישאַדס און מאַנו־בוך, פערענטפערט די אַלטע קשיא: ווי קומט עס, אַז געוויסע רשעים זענען גליקליכער ווי אַנדערע צדיקים? דער מענש איז נאָר אַ גליעד פון דער גאַנצער שעפּפונג און זיין שיקזאַל איז דער רעזולטאַט פון אַ לאַנגען גלגול. ס'ערוועקט זיך אָבער אַ נייע פראַגע, וואָס ווידערהאָלט זיך אָפט אין דער וועדישער ליטעראַטור: ווי ווערט מען פטור פון דער גלגול־קייטעלע, וואָס ציהט זיך אָהן אַ סוף?

## § 10. פילאָזאָפישע שולען.

די פילאָזאָפען האָבען סיסטעמאַטיזירט און פערטיעפט די מעטאַפיזישע לעהרע פון די הייליגע ביכער, און זענען אָפטמאָל געווען גאַנץ אונאָבהענגיג פון איהר. די פילאָזאָפישע שולע *וועדאַנטאַ*, וועלכע איז אונז בעקאַנט דורך איהרע *זוטראַס* און די ווערק פון דענקער סאַנקאַראַ (8־טער יאָהרהונדערט נאָך ק.), האָט ווייטער ענטוויקעלט די שיטה פון *איינהייט*, וואָס דריקט זיך אויס אין די ווערטער „איך בין בראַמאַ“. דער תמצית און פרינציפּ פון דער עקזיסטענץ, בראַמאַ, געפינט זיך אומעטום, ער איז איינס מיט דער נשמה פון מענשען. ער איז אָבער אויך *אונטייל־באַר*. יעדעס *פערזענליכע* לעבען שטעהט אויסער איהם, און איז דאַרום נאָר שיינבאַר, אומגליקליך. אויסקויפען דעם מענשען פון אַלע צרות קאָן אַלזאָ ניט דער מאָראַל, וועלכע פאָדערט נאָכדעם אַ פערזענליכע בעלויהנונג, נאָר די אינערליכע ערקענטניס פון בראַמאַ, וואָס פעראייניגט דעם מענשען מיט'ן אונפערזענליכען פרינציפּ.

די נאַניע אַנדערש קוקט אויף דער וועלט די פֿילאָזאָפֿישע סעקטע
סאַנקיאַ (צעהלונג), וואָס געהערט צום קריגער־קלאַס, און האָט ניט
פֿון דער רעליגיעזער וועדען־לעהרע. לויט איהר רעאַליסטישער אַנ־
שויאונג, איז די וועלט געשאַפֿען ניט פֿון איין גײַסטיגען פּרינציפּ, נאָר פֿון
פֿערשיעדענע פּרינציפּען, צווישען וועלכע די מאַטעריע פֿערנעהמט 25
דעם ערשטען פּלאַץ. די מאַטעריע, דער חומר, טיילט זיך ווידער אין
דרײַ עלעמענטען: דער לײַכטער און ליכטיגער תמצית, די בעוועגליכע און
אַקטיווע לוסט, און דער פֿינסטערער, שווערער יסוד. בײַם מענשען דריקען
די זיך אויס אין פֿרייד, שמערץ און אַפּאַטיע. די נשמה איז איביג, פֿער־
זענליך און ליידט פֿון איהר פֿערבינדונג מיט'ן קערפּער, ווײַל דער גײַסט איז
גאַנץ פֿערשיעדען פֿון חומר. דיעזע פֿערבינדונג איז אָבער נויטיג, כּדי דער
גײַסט זאָל קאָנען ווירקען אויף דער מאַטעריע און ברענגען זי אין בעוועגונג.
דאַגעגען קאָנען די שמערצען פֿון חומר ניט ווירקען בפּועל אויפ'ן
גײַסט, וואָס ענדערט זיך ניט, זיי שפּיעגלען זיך אין איהם נאָר אָב, ווי
אַ רויטע בלום אין קריסטאַל. ווען דער מענש פֿערשטעהט אַלזאָ, אַז די
ווירקונג פֿון די קערפּערליכע יסורים אויף דער נשמה איז נאָר אַ שײַנבאַרע,
בעפֿרײַט ער זיך פֿון איהר. דיעזע ערקענטניס איז אָבער געגען דער נאַטיר־
ליכער נייגונג פֿון מענשען, און ער דערגרייכט איהר גאַנץ שווער. נאָר אין
אַ צושטאַנד פֿון אונבעוואוסטזײַן קאָן מען זיך גענצליך בעפֿרײַען פֿון די
פֿיזישע ליידען; דאַגעגען רופֿט אַרויס יעדעס בעוואוסטזײַן שמערצען, אַפֿילו
אין פֿערגעניגען.

דיעזע אומעטיגע אַנשויאונג אויפ'ן לעבען האָט בעוואויגען די אינ־
דיאַנער צו זוכען פּראַקטיש דאָס גליק אין גײַסטיגער און קערפּערליכער
פּאַסיוויטעט. די אָנהענגער פֿון דער לעהרע יאָגאַ פּלעגען זיך פֿער־
קלערען אַ לאַנגע צײַט אויף אַ געדאַנק אָדער אַ הייליגען בוכשטאַב, כּדי
מסיח דעת צו זײַן פֿון דער וועלט; און די בראַמאַ־גלחים טוען זיך אָן
עד־היום אַלערליי ענויים, אום אָבצוטויטען דעם רצון און די נאַרישע
תאוות.

---

## § 11. די זײַניטען און זײַער לעהרע.

אויסער די בראַמאַנער האָט דער קריגער־קלאַס אָנגעהויבען, זײַט דעם
אַלטען יאָהרהונדערט פֿאַר ק. , צו גרינדען הייליגע סעקטעס פֿון נזירים. איינע

פֿון זיי איז די דזשײַניסטישע, וואָס האַרדהאַמאַנאַ, דער לעצטער פֿון זייערע אַכציג מנהיגים, האָט רעפֿאָרמירט אין יאָהר 600 פֿאַר ק. אַ זוהן פֿון אַ פּרינץ אין בודאַ'ס צייט, האָט ער צו דרייסיג יאָהר פֿערלאָזען זיין פֿרוי און פֿאַמיליע, און פֿערבראַכט 12 יאָהר אין פּייניגונג און היליגע מחשבות. נאָכהער האָט ער געגרינדעט אַ רעליגיעזע סעקטע, וועלכע איז זעהר פֿערשפּרייט אין אינדיע, און האָט אויך ניט קיין גאָט, אַזוי ווי די סאַנקיאַ־סעקטע. די מיטגליעדער געברויכען פֿערשיעדענע מיטלען, כּדי צו קומען אין אַ צושטאַנד פֿון טיעפֿער פֿערקלערונג (נירוואַנאַ), וועלכע שטעלט אָב די ווירקונג פֿון דער נשמה אויפֿ'ן קערפּער, און איז מבטל אַלע נאַרישע לעבענס־שטרעבונגען. צו דיעזען צוועק זענען זיך די מיטגליעדער אויך נוהג צו פֿאַסטען און צו פּייניגען זיך; אַ טייל פֿון זיי געהען מוטער־נאַקעט.

איז דאָס רוב שטעדט פֿון אינדיע געפֿינט מען מאָנאַסטירען פֿון דזשײַניסטישע נזירים, און שענע טעמפּלען מיט אַ רעגולירטען קולט לכבוד זינאַ, דעם גרינדער פֿון דער סעקטע. זי האָט אויך אַ ענטוויקעלטע ליטעראַטור.

---

## § 12. בודיזם; דער אַלגעמיינער חאַראַקטער פֿון בודיזם און זיין ליטעראַטור.

די בודיסטישע לעהרע איז ניט קיין פֿילאָזאָפֿישער סיסטעם, ניט קיין סאָציאַלע טעאָריע, און ניט קיין רעליגיעזע רעפֿאָרם פֿון בראַמאַניזם. דאָס איז אַ פּראַקטישע שיטה, וואָס לערנט, ווי גליקליך צו זיין אויף דער וועלט אָהן נזירות און פּייניגונג. זי איז אויך ניט צוגעבונדען צו דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, ווי דער בראַמאַניזם, און האָט דאַרום געקאָנט ווערען אַ וועלט־רעליגיע. איהר מענשען־פֿריינדליכער חאַראַקטער האָט איהר צוגעצויגען אָנהענגער אויסער אינדיע מעהר, ווי אין אינדיע גופֿא, און בודאַ איז אין פֿיעל אַזיאַטישע לענדער פֿערעהרט געוואָרען, ווי קריסטוס אין איראָפּאַ, אַלס סימבאָל פֿון דער העכסטער זיטליכקייט, אַלס מענש־גאָט.

די בודיסטען טיילען זיך אין צוויי קירכען, איינע אין דרום־אַזיע (ציילאָן בירמאַניע, סיאַם, פּעגו און אַז. וו.), און די צווייטע אין צפון (נעפּאַל, טיבעט, חינאַ, יאַפּאָן, און אַנאַם). בעזונדערס וויכטיג זענען די היילינע שריפֿטען פֿון דער דרום־קירך, וועלכע זענען געשריבען אין פּאַלי־שפּראַך. דער עלטערער טייל פֿון דיעזער בודיסטישער ביבעל (טיפּיטאַקאַ —

דרייפאַכער קאָרב איז פֿערפאַסט פֿון בודאַ אַליין אָדער פֿון זיינע תלמידים, און בעשטעהט פֿון שאַרפֿע שפּריכווערטער, שענע פֿערזען און נאַאיווע ערצעהלונגען; דאַגעגען דער שפּעטערער טייל איז פֿול מיט טרוקענע, אַבגעשמאַקטע חקירות. בכלל בעהאַנדעלט דאָס בוך אַלערליי פֿראַגען וועגען מאָראַל, רעליגיעזע דינים, אמונות און מעטאַפֿיזיק. אויסער דעם געהערען צו דער דרום-קירכע די שריפֿטען דיפּאַוואַמסאַ און מאַהאַוואַמסאַ, וואָס זענען פֿערפֿאַסט אין 5-טען יאָהרהונדערט נאָך ק., און בעהאַנדלען די געשיכטע פֿון בודיזם.

די הייליגע ביכער פֿון דער דרום-קירך זענען געשריבען אין סאַנסקריט-לשון, חינעזיש, יאַפּאַניש און אַנדערע שפּראַכען. זייער נוסח איז ניט אומעטום גלייך צוליעב דער גרויסער צאָהל פֿון די בודיסטישע סעקטען.

## § 13 גאַטאַמאַ בודאַ:

די שילדערונג פֿון בודאַ'ס לעבען אין די הייליגע שריפֿטען איז געמישט פֿון אמת און לעגענדען. ער איז געבאָרען אין יאָהר 520 בערך פֿאַר ק. אַלס זוהן פֿון דער קעניגליכער פֿאַמיליע סאַקיאַ. אין די קינדערשע יאָהרען האָט ער שוין געוויזען נפלאות, און קומענדיג אַמאָל אין טעמפּעל האָבען זיך די געצען פֿאַר איהם געבוקט. פֿון זעכצעהן יאָהר אָן האָט בודאַ פֿערבראַכט די דריי סעזאָנען פֿון יאָהר אין דריי פּרעכטיגע פּאַלאַצען, וואָס זענען געווען פֿול מיט פֿרייד, פֿערגעניגען און די שענסטע פֿרויען. לויט דעם מנהג פֿון די ריטערס, האָט בודאַ בעקומען זיין שענע פֿרוי יאַסאָדהאַראַ דורך אַ געפֿעכט, און די האָט איהם געבאָרען אַ זוהן ראַהולאַ. איין טאָג האָט ער שפּאַצירט אין זיין געפּוצטער קאַרעטע און בעגעגענט אַ איינגעבויגענעם זקן, אַ חולה, אַ טויטען קערפּער און אַ נזיר — די פֿיער בעשטימטע סימנים, וואָס האָבען איהם דערמאָהנען אָן זיין גרויסער מיסיע אויף דער וועלט. בודאַ האָט ערנסט דאַן גענומען בעטראַכטען די וועלט, און איינגעזעהען, אַז אַלע איהרע שטרעבונגען און פֿערגעניגענס זענען פֿערבלייפֿונג און נאַריש. ער האָט פֿערלאָזען זיין ווייב און קינד, און בעקומענדיג פֿון אַ מלאך די אַלט נויטיגע זאַכען פֿאַר אַ נזיר-וואַנדערער — דריי שטיק שטאָף אַלס קליידונג, אַ הילצערנע שיסעל, אַ מעסער, אַ נאָדיל, אַ גאַרטעל און אַ זיפּ — האָט ער זיך געלאָזען איבער דער גרויסער וועלט.

זעקס יאָהר האָט בודאַ געפֿיהרט אַ אַסקעטישען לעבען, ביז ער

האט איינגעזעהען, אז די פארניגונג, וואס די בראמאנער האטען, פירט ניט אויפ'י אמת'ן וועג. ער האט דאן פערבראכט זיבען וואכען אונטער א בוים אין וואלד, איבערלעבענדיג א שווערען קאמפף און א אינערליכען קריזיס. דער שטן מארא און זיינע דריי טעכטער: תאוה, זארג און פער־געניגען — האבען איהם געצווינגען צו דער זינדיגער וועלט; דער הייליגער גייסט האט איהם אבער גערופען צום אייביגען אמת און ענדליך גובר געוועזען דעם שטן.

זיינע ערשטע עפענטליכע רעדען האט בודא געהאלטען אין בענארעס, וואו זיין לעהרע האט באלד געפונען טויזענדער אנהענגער, צווישען זיי אויך דער קעניג בימביזארא, וואס איז נאכהער ערמארדעט געווארען פון זיין זוהן אזאטאסאטרו. בודא האט אויך געהאט פיעל געגנער; זיין לעהרע האט זיך אבער, וואס ווייטער מעהר פערשפרייט, און זאגאר פרויען זענען אריינגעטראטען אין בודיסטישען מאנאסטיר. צו אכציג יאהר האט בודא דאס לעצטע מאל רעזיומירט זיין שיטה פאר זיינע תלמידים, און איז גע־שטארבען, אדער „אריין אין הייליגען צושטאנד פון נירוואנא". מ'האט זיין קערפער פערברענט מיט גרויס פאראד, און דעם רעשט פערטיילט אין פערשידענע ערטער, וואו דאס ווערט געהיט אין ספעציעלע טעמפלען.

פאר בודא זענען שוין געוועזען אויף דער וועלט, לויט דער בודיסטישער טעאריע, אכציג אנדערע בודא'ס („בעלויכטענע" פון געטליכען אמת); ער איז אויך ניט דער לעצטער. די גוטע ווירקונג פון יעדען בודא ווערט מיט דער צייט אבגעשוואכט, און די וועלט ברויכט א נייעם נביא, וואס זאל די וועקען פון ערדישען שלאף און רופען צום הימעל. איידער דער בודא קומט אויף דער וועלט מוז ער זיך אויסצייכענען אין די פריהערדיגע גלגולים מיט צעהן גוטע מידות: וואוילטעטיגקייט, צניעות, נזירות, שכל, ענערגיע, געדולד, ליעבע צום אמת, בעשלאסענהייט, היטערקייט און ליעבע־ליכע האלטונג. ווערט ער אבער א בודא, שטעהט ער שוין העכער פון די אלע מדות, און לעבט נאר מיט זיינע הייליגע מחשבות. די קינפטיגע בודא'ס לעבען דערווייל אין הימעל, און מ'ערוועהרט זיי אלס געטער. דער גלויבען אין בודא אלס גאט, אדער זאגאר אלס אויסלעזער פון דער מענשהייט, איז אבער ניט קיין נויטיגע בעדינגונג פון בודיסטישען „אני מאמין".

## § 14. די בודיסטישע לעהרע.

אין זיין בערימטער רעדע, וואס בודא האט געהאלטען אין בענארעס, האט ער ערקלערט זיין שיטה וועגען „פערניכטען דאס ליידען" אויף דער וועלט. סיזענען דא צוויי עקסטרעמען: פון איין זייט, דאס נידעריגע און נארישע ערדישע פערגעניגען, און פון דער צווייטער זייט — די טרויעריגע און צוועקלאזע פייניגונג. צווישען דיזע צוויי עקסטרעמען ליעגט, לויט בודא, דער היילינער וועג, וואס דער מענש דערגרייכט זיך דורך אכט זאכען: עהרליכע און גלייכע אמונות, החלטות, רעד, מעשים, אנשויאונג, שטרעבונג, מחשבה און פאנטאזיע. דורך זיי קאן איהם געלינגען איינצושטילען דעם וועלט-צער, וואס קומט פון דער נאטירליכער שטרעבונג צום לעבען, צו האבען פערגעניגענס, צו ענטוויקלען זיך, צו האבען א קיום און ווידער געבארען ווערען נאכ'ן טויט. אבשוואכענדיג אדער פערניכטענדיג דיזע שטרעבונג, קומט דער מענש צו זיין רוה, צו העכערער ערקענטניס, צו אינערליכער „באלייכטונג", צו נירוואנא.

בודא, וואס האט דערגרייכט צו דיזען צושטאנד, איז דאס פאלשטענדיגסטע וועזען אין דער וועלט. די געטער, וואס פיעלען אן די הימלען זענען אויך באשטימט נאר צו ליבען בודא'ן, וועלכער שטעהט פיעל העכער פאר זיי. פון קיין איבערגען גאט און געטליכען זיין ווייסט די בודיסטישע רעליגיע ניט, זי וויל אפילו ניט מודה זיין, אז די וועלט האט א נשמה, איז גייסטיגען אדער מאטעריעלען פרינציפ, ווי אנדערע פילאזאפישע שיטות האלטען. ס'איז איבערהויפט ניטא קיין שום פעסטע עקזיסטענץ. די אונענדליכע לופט איז פול מיט וועלטען אהן א צאהל, וואס ווערען געשאפען און צושטערט אין באשטימטע פעריאדען, לויט א געוויסען געזעץ פון אויסשאכען און פאלגען (סבה און מסובב). דער סוביעקטיווער „איך" פון מענשען איז אויך נאר א שיינבארער, ווייל דער מענש איז מעהר ניט, ווי א סך-הכל פון געפיהלען און פארשטעלונגען, וואס אין יעדער פון זיי איז גאר נישטא פונ'ם „איך". א פערזענליכע ממשות, און בכלל א רעאלישען ווערט, האט נאר דאס רעזולטאט, די פעולה, וואס קומט ארויס פון מענשענ'ס פארשטעלונגען און איינדריקען (קארמאן), און דאס ברענגט צו ווייטערדיגע גלגולים, צו נייע איינדריקען און רעזולטאטען. דאס איינביגע וועקסעלשפיעל פון גלגולים, וואס קומט-פאר אין דער נאטור, האט אלזא א מאראלישען כאראקטער, ווייל דער יסוד פון דאס רעאלישע אין דער וועלט איז דאך סוף כל סוף דער מענש און זיינע מעשים. דער מענש קאן

דארום פערניכטען דאס שלעכטס, אבשטעלען די ווייטערע ענטוויקלונג פון לעבען, און איבערהייסען די אונענדליכע קייט פון גלגולים, ווען ער זאל פארגעהן בודא'ס לעהרע.

בודא בעטראכט אלס שלעכטס ניט בלויז די צרות, די קראנקהייט, דעם טויט, נאר אויך דאס לעבען אליין, וואס איז גלייך צו א פלאם, וועלכער פערברענט זיך זעלבסט. אין זיין „פייער־רעדע" זאגט ער: „וואס איז מעהר, קינדער מיינע, דאס וואסער פון די פיער גרויסע ימים, אדער די טרערען, וואס איהר האט פערגאסען בעת איהר האט געבלאנדזשעט אויפ'ן בריטען לעבענס־וועג, בעת איהר האט געקרעכצעט און געוויינט, האבענדיג דאס, וואס איהר האסט און ניט האבענדיג דאס, וואס איהר ליעבט?" דאס לעבען בעפריעדיגט קיינעם ניט, און מ'מוז עס פערקירצען, פערניכטענדיג די שטרעבונג צו איהם. דיעזעס ציעל דערגרייכט מען קומענדיג צום צושטאנד פון היפנאטיזירטער רוה, וואס הייסט נירוואנא. דערצו פיהרט קודם כל די טיעפע אמונה אין בודא'ס לעהרע, וועלכע דערווייטערט פון הבלי עולם הזה. וואוילטעטיגקייט אין יעדער זאך, וואס דערהויבט דעם מענשען איבער די גשמיות רעכענען זיך אויך פאר א פארשטופע צו נירוואנא. איסערדעם געברויכט מען טעכנישע מיטלען אויף היפנאטיזירונג: מ'זעצט זיך אין א קרייז פון וואסער, פייער, און אז. וו. אין מ'טראכט וועגען איהם ביז מ'פערליערט דאס בעוואוסטזיין, אדער מ'פערטיעפט זיך אין מחשבות וועגען די נארישקייט פון דער וועלט, וועגען בודא'ס שיטה, אדער מען בעטראכט לאנג א טויטען קערפער פון א מענשען.

דער נזיר, וואס לעבט לויט בודא'ס לעהרע אין א משך פון איינציגע גלגולים, ווערט וואס ווייטער מעהר בעפרייט פון די קערפערליכע פערלאנגען און געפיהלען, ביז ער קומט צו דער געטער־עקזיסטענץ אין הימעל און ווערט ענדליך לחלוטין פערניכטעט. צו דיעזען הויכען צוועק קאן זיך אבער נאר נעהנען דער געוועהנליכער גלויבער אין בודא'ס רעליגיע, וואס בלייבט אין דער בירגערליכער געזעלשאפט און פערלאזט ניט זיין הויז און זיינע מאטעריעלע אינטערעסען. דורך זיין גלויבען און זיינע מעשים טובים ווערט ער פעהיג צו זיין א בודיסטישער נזיר אין קינפטיגען גלגול. בודא'ס תורה בעשטעהט פון צעהן געבאטען, די ערשטע פינף — ניט הרג'ענען קיין לעבעדיג בעשעפעניש, ניט גנב'ענען, ניט מזנה זיין, ניט זאגען קיין ליגען און ניט טרינקען קיין אלקאהאל — זענען נוגע אלע גלויביגע; און די איבעריגע פינף — עסען נאר אין דער בעשטימטער צייט, ניט זעהן, טאנצען, זינגען און קיין שוישפיעלען, ניט טראגען קיין קרוינען, ניט ניסען פון וועלטליכע פערגעניגענס, ניט געברויכען קיין תכשיטים און

בשמים. ניט שלאפען אויף קיין ווייכער בעט און ניט נעהמען קיין געלד — קערהרען זיך אן נאר מיט די נזירים. פיעלע אנדערע געזעצען רעגולירען די בעציהונגען צווישען די מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט און פאמיליע; די בודדיסטישע מאראל איז אבער איבערהויפט א פאסיווע און נעגאטיווע, זי לערנט ניט, ווי צו אָרדנען די וועלט, נאר ווי צו ענטלויפען פון איהר

---

## § 15. די בודדיסטישע געמיינדע.

דער יסוד פון דער בודדיסטישער געמיינדע איז דער נזירים-אָרדען, וואו יעדער קאן אריינטרעטען. דער תלמיד קומט אהין אן צו 7—8 יאהר, און צו צוואנציג יאהר האלט ער אן עקזאמען פאר צעהן נזירים און בעקומט דעם נאמען „ביקו" (בעטלער, אָדער נזיר), אויב ער איז ריין פון געוויסע זינד און קערפערליכע מומים, און אויב זיינע עלטערען זענען דערצו מסכים. דער נזיר בעקומט צוויי העמדער מיט א מאנטעל — קיין אנדערע קליידער, שיך און א שירם, טאר ער ניט טראגען. מגיט איהם אויך א הילצערנע שיסעל, ראזיר-מעסערס, נאדלען, א גארטעל און א זיפ אויף צו זייען דאס וואסער פון פליעגען. בעת דער נזיר קומט אריין אין א הויז, טאר ער ניט בעטען עסען, און מוז ווארטען ביז מווועט איהם געבען; ער מעג זיך גערהרען נאר מיט געמיינער שפייז, אויב ער איז געזונד; קיין געלד טאר ער אין קיין פאל ניט נעהמען. די נזירים וואוינען אין ביידלעך, אָפטמאל אויך אין שעגע געביידעס, וואס גבירים האבען זיי אויסגעשטעלט. זיי פערברענגען די צייט אין לערנען, אין רעליגיעזע מחשבות, און קאפירען די הייליגע ביכער. צוויי מאל אין חודש האלטען זיי אב א פערזאמלונג, ווען מ׳איז זיך מתודה אויף די בעגאנגענע זינד, און מ׳שליסט אויס פון אָרדען די מיטגליעדער, וואס זענען נכשל געוואָרען אין די פיער הויפט-עבירות: זנות, גנבה, רציחה און דאס איינשמועסען זיך פון א נזיר, אז ער איז שוין געקומען צו דער העכסטער בודא-מדרגה (ארהאט). פרויען-נזירות זענען ארגאניזירט אין בעזונדערע אָרדענס, וועלכע זענען אבהענגיג פון די מענער-אָרדענס.

די איינפאכע בירגער, וואס האלטען אויס די נזירים, רעכענען זיך פאר זייערע „ציווילע ברידער", און הייסען די בודדיסטישע געמיינדע. בעת דער נזיר, וואס האט זיך אבגעזאגט פון דער וועלט, קומט צו זיי בעטלען, דערמאהנען זיי זיך אן דאס העכערע לעבען און קומען צו פרומע מחשבות.

הערען די נזירים אויף צו געהמען נדבות ביי א געוויסען בירגער, הייסט עס, אז מ'האָט איהם אויסגעשלאָסען פון דער געמיינדע. פון אָנהויב האָט די בודיסטישע רעליגיע כמעט ניט געהאָט קיין קולט, וויל בודא אליין שטעהט העכער פאר אלע געטער; די איינהייט פון דער געמיינדע האָט אָבער געפאָדערט, אז מ'זאָל שאַפען געוויסע אויסערליכע צערעמאָניעס. מיט דער צייט זענען בעשטימט געוואָרען א רוהע-טאָג אין וואָך און פעסטע ימים-טובים, מיט וועלכע ס'זענען פערבונדען געוויסע ערינערונגען פון בודא'ס לעבען. די בודיסטען זענען אויך עולה-רגל אין די פיער הייליגע ערטער, וואו בודא איז געבאָרען, געקומען צו דער העכסטער ערקענטניס, געפרעדיגט דאָס ערשטע מאָל, און אריין אין נירוואַנא: קאַפּילאַוואַסטו, גאיא, בענארעס און קוציגאַרא. דאָסועלבע זענען די רעשטען פון בודא און אַנדערע קדושים פערעהרט אין פיעל טעמפּלען, און דער עולם טראָגט אהין בלומען און קטורת. זאָגאר בודא'ס טריט, זיין שאָטען, און זיין שיסעל זענען פערעהרט דורך א בעזונדער קולט. אין יאָהר 1858 האָט מען אין ציילאָן געפייערט א גרויסען "יום-טוב לכבוד בודא'ס א צאָהן. די הייליגע מאָלעריי שילדערט בודא'י זיצענדיג רוהיג אויף א לאָטוס-בוים.

---

## § 16. דער בודיזם אין אינדיע.

דער קעניג אַסאָקאַ, וואָס האָט געהערשט אין אינדיע אין מיטען דריטען יאָהרהונדערט פאר ק., האָט ווייט פערשפּרייט די בודיסטישע רעליגיע. בערך הונדערט יאָהר פאר ק. האָט איינער פון די סקיטישע מושלים אויפגעהיפן א גרויסע פערזאַמלונג פון געלעהרטע, וועלכע האָבען פעסטגעשטעלט דעם קאַנאָן פון די הייליגע ביכער אין דער צפון-קירך. די הייליגע לעהרע און די טראַדיציע זענען, אמת, איבערגעגעבען געוואָרען פון דור צו דור דורך א גאַנצע רייהע געלעהרטע, וואָס האָבען אָבגעהיט זייער ריכטיגקייט; פון דעסטוועגען האָבען זיך געפונען סעקטעס, וואָס האָבען דעם אָפיציעלען קאַנאָן ניט אנערקענט, און האָבען זיך געאָרדענט א גאַנץ נייע ביבעל. די בודיסטישע געמיינדע איז בכלל זעהר רייך אין סעקטעס. בעזונדערס וויכטיג איז די שפּאַלטונג פון דער צפון-קירך אויף אָנהענגער פון דעם „קליינעם וועג" און „גרויסען וועג". די ערשטע האַלטען פאר די אָרטאָדאָקסישע נזירות, און די צווייטע ווילען, אז ס'זאָל ניט זיין קיין שום אונטערשייד צווישען די נזירים און די „ציווילע ברידער", אז ס'זאָל

זיין איז בודיסטישע געמיינדע, וואָס פֿערעהרט בודאַן אַלס העכסטען גאָט דורך פֿילאָזאָפֿישען נאָכדענקען און אַסקעטיזם, וואָהלטעטיגקייט און גע-רינגע כשוף-צערעמאָניעס.

דאָס רוב מושלים האָבען געשיצט די בודיסטישע אמונה, ווי די אַלטע רעליגיעס פֿון אינדיע. די בודיסטען אַליין האָבען אויך כמעט שטענדיג געלעבט אין שלום מיט די בראַמאַנער און אַנדערע סעקטאַנטען. חינעזישע רייזענדער, וואָס האָבען בעזוכט אינדיע עטליכע הונדערט יאָהר נאָך ק., בעשרייבען די גוטע אָרדנונג פֿון די בודיסטישע געמיינדעס, זייער קולט און זייערע שפּיטאַלען פֿאַר אָרימע קראַנקע, זאָגאַר פֿאַר קראַנקע חיות. דער בודיזם אין אינדיע האָט אָבער אָנגעהויבען מיט דער צייט שוואַכער ווערען. צוליעב דער מענגע סעקטען און מחמת סיזעגען ביסלעכווייז אויס-געגאַנגען די בעדייטענדע געלעהרטע, וואָס האָבען געהאַט אַ גרויסען איינ-פֿלוס אויפֿ'ן פֿאָלק. אין יאָהר 644 האָבען די אַראַבער חרוב געמאַכט די בודיסטישע געמיינדע פֿון באַלק, און פֿערשפּרייטענדיג וואָס ווייטער מעהר זייער הערשאַפֿט אין אינדיע, האָבען זיי דאָרט אין אַ משך פֿון עטליכע הונדערט יאָהר געמאַכט אַ סוף צו דער בודיסטישער אמונה. פֿון דאַן אָן עקזיסטירט זי איבערהויפּט אין די אינזלען און אין די צפון-לענדער.

## § 17. דער טיבעטער אָדער לאַמאַ בודיזם.

די בודיסטישע אמונה האָט איינגעפֿיהרט אין טיבעט דער קעניג סראָנקצאַן-גאַמפּאָ (7-טען יאָהרהונדערט נאָך ק.), וואָס האָט איבערגענומען דיעזען גלויבען פֿון זיינע צוויי חינעזישע ווייבער. פֿאָלשטענדיג איז אָבער די טיבעטישע קירך געאָרדנעט געוואָרען ערשט אין 15-טען יאָהרהונדערט, בעת דער בעריהמטער צאָנקאַפּאַ האָט געגרינדעט נעבען לאַסאַ דעם מאָ-נאַסטיר גאַלדאַן.

ביי די נייע בעדינגונגען האָט דאָ דער בודיזם, פֿערשטעהט זיך, אָנגענומען אויך נייע פֿאָרמען. זיין יסוד בעשטעהט אין גלויבען, אַז די בודאַ'ס, וואָס ענטפּלעקען זיך אויף דר'ערד זענען נאָר אַן אָפּבילד פֿון די הימלישע בודאַ'ס (דיאַני-בודאַ'ס), וועלכע מ'מוז בעזונדערס פֿערעהרען, און איבער וועלכע מ'מוז נאָכדענקען. דער העכסטער גאָט איז דער דיאַני-בודאַ אַמיטאַבאַ, און דער פּאַטראָן פֿונ'ם לאַנד — שענרעזי. זיי פֿערקערפּערען זיך אויף דר'ערד אין די צוויי כהנים-גדולים: אין גרויסען לאַמאַ פֿון

„העלערען טיבעט" און אין דאליי-לאמא, וואס הערשט אין לאסא. דיעזע פערקערפערונג געהט איבער בירושה צום קינד, וואס ווערט געבארען פונקט ניין מאנאטען נאכ'ן דאליי-לאמא'ס טויט. אנדערע הויכע גלחים רעכענען זיך אויך פאר אנ'אבבילד פון געטליכע וועזענס.

די וועניגע איירָאפּייאישע רייזענדער, וואס זיי איז געלונגען אריינצודרינגען אין טיבעט, דערצעהלען, אז לאסא מיט איהר מענגע קלויסטערס און מאנאסטירען, נזירים און קדושים, גלעקער און קירך-מוזיק, תעניתים און פראצעסיעס — זעהט אויס, ווי א עכט-פרומע קאטוילישע שטאדט. יעדער טראגט אויף זיך א קעסטעלע מיט א קמיע, און וואו מ'געהט בעגעגענט מען א תפילה-מילכעל. דאס איז א רעדעל, וואס דרעהט זיך מיט'ן האנד, אדער דורך ווינד און וואסער, און בעוועגט א צילינדער, אויף וועלכען ס'זענען אויפגעשריבען געוויסע תפלות. ערטערווייז דרעהען זיך אויך אויפ'ן ווינד קליינע פעהנדלעך, אנגעטהון אויף שטעקלעך, מיט דער אויפשריפט: „אָה, תכשיט פון לאטוס-בוים, אמן". אויף אזא טעכנישען אופן איז דער טיבעטער יוצא די פליכט פון תפלה.

---

## § 18. דער בודיזם אין חינא און יאפאן.

א חלום האט בעוואויגען דעם חינעזישען קייזער מינג-טי, אין יאהר
61 נאך ק., איינצופיהרען אין חינא די בודיסטישע אמונה, לויט דער שיטה פון מאהאיאנא („גרויסער וועג"). און מיט דער צייט האט זיך דער בודיזם זעהר פערשפרייט אין דער גרויסער הימעל-מדינה, אנפילענדיג זי מיט קלויסטערס, פאגאדען פון מתים-רעשטען, מאנומענטען, טעמפלען און הייליגע בילדער. טראצדעם זענען די בודיסטישע נזירים, וואס שיידען זיך אב פון דער וועלט, געבליבען פערהאסט ביי די חינעזער, וועלכע זענען זעהר צוגעבונדען צום פאמיליען-לעבען, און האלטען עס פאר'ן יסוד פון פרומקייט. אפטמאל האבען אויך אויסגעבראכען בלוטיגע רדיפות געגען דיעזע נזירים, בעזונדערס אונטער דער דינאסטיע טאנג (620—907).

די בודיסטישע סעקטעס אין חינא האבען פערשיעדענע הייליגע שריפטען (זוטראס). מיטא איז פערעהרט אלס ממונה אויפ'ן גן-עדן אין מערב-זייט, וואו ס'לעבען אין פערגעניגען די צדיקים, וואס זענען פטור געווארען פון גלגולים. דאסזעלבע איז זעהר פערשפרייט דער קולט פון דער רחמנות-געטין קוא-קהאנגין, וואס העלפט דעם מענשען אין א עת-צרה. פא אליין

דער כינעזישער בודא, שפּילט א פיל קלענערע ראָלע. דער בודיסטישער קולט בעשטעהט, אזוי ווי אין אינדיע, אין פערעהרונג פון פערשידענע געשטאַלטען און קדושים-רעשטען. און דער המון געברויכט פיל כשוף אלס שמירה געגען די שלעכטע רוחות, אזוי ווי אין דער טאאָיסטישער קירך. בכלל לעבען די דריי רעליגיעס אין חינא — קאָנפוציאַניזם, טאאָיזם און בודיזם — אין שלום און אחדות. די רעגירונג האַלט-אויס אין פעקין אויף איהר רעכענונג א געוויסע צאָהל בודיסטישע לאַמאַס (העכערע גלחים), און דאָס פאָלק בענוצט מיט'ן זעלבען רעספּעקט אלע טעמפּלען אָהן א אונטערשיעד, צו וועלכער קירך זיי געהערען.

קיין יאַפּאַן איז דער בודיזם געקומען פון חינא. צווישען די גרויסע סעקטעס געפינען זיך דאָרט נאָר צוויי עכט יאַפּאַנישע: שין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין 12-טען יאָהרהונדערט און האט מעהר מיטגליעדער ווי אלע, און ניטשירען, וועלכע איז יונגער מיט הונדערט יאָהר. די ערשטע סעקטע פערעהרט בעזונדערס אַמידאַ, וואָס ברענגט צו עולם-הבא, און די צווייטע בעשעפטיגט זיך מיט געצענ-דינעריי און כשוף-מנהגים.

## § 19. הינדואיזם; די קוועלען פון הינדואיזם.

אין מערב-טייל פון אינדיע האט דער בודיזם בעקומען א שטאַרקען געגנער אין דער געשטאַלט פון הינדואיזם. דאָס איז די פאָלקס-רעליגיע פון די נידעריגע קלאַסען, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט פון המונישע בעגריפען און העכערע רעליגיעזע אידעען. די גרינדער פון די הינדואיסטישע סעקטעס זיינען געווען בראַמאַנער, וואָס האָבען געהערט צו די פילאָזאָפישע שולען פון קריעגער-קלאַס. זייער אויפגאַבע איז געווען א דעמאָקראַטישע: אַריינצוברענגען עטוואָס ליכט אין דער פינסטערער מאַסע, און בעלעבען די המונישע געצענדינעריי מיט א נייעם גייסטיגען אינהאַלט. די רוחות און געניוס'ן פון פעלדער, וועלדער, טייכען און אז. וו. זיינען פעראייניגט געוואָרען מיט די וועדישע געטער, און די כשוף-מנהגים האָבען בעקומען א מאָראַלישען אין רעליגיעזען זין. דיעזע בעוועגונג האט געהאַט, ווי אלע מאָל אין אַזעלכע פעלען, א דאָפּעלטע ווירקונג: פון איין זייט זיינען די פעטישיסטישע אמונות פון המון אידעאַליזירט און העכער געוואָרען, און פון דער צווייטער זייט זיינען, פערקעהרט, אַריינגעדרונגען געצענדינערישע עלעמענטען אין דער רעליגיע פון די העכערע קלאַסען.

לערנענדיג דער מאַסע, האָבען די אַריסטאָקראַטען פֿיעל פֿון איהר גע-לערנט.

די פֿיגורען פֿון די פֿאָלקס-געטער זענען פֿריהער געשטעלט געוואָרען בײַ די טהירען פֿון די טעמפּלען נאָר אַלס שומרים, און מיט דער צײַט זענען זיי אַרײַנגעדרונגען אין די טעמפּלען און זיך פֿערמישט מיט די אָפֿיציעלע געטער. דאָסועלבע זענען גרינדער פֿון סעקטען און העלדען פֿון פֿאָלקס-פּאָעמאַס (למשל, ווישנו, קרישנאַ, ראַמאַ, דער העלד פֿון דער בעריהמטער לעגענדע ראַמאַיאַנאַ, און אַז. וו.) געוואָרען אין אַ משך פֿון דורות מיטאָלאָגישע געטער, וואָס מ׳פֿערעהרט מיט אַ אָפֿיציעלען קולט. זאָגאַר געוועהנליכע „קדושים“ זענען געקומען בימלעכווייז צו אַ מדרגה פֿון געטער. מ׳האָט אָנגעהויבען בעווײַזען זייער קבר, זייער פֿאַמיליע האָט דאָרט אויסגעבויט אַ קליין טעמפּעל, געמאַכט אַ שטיקעל פּרנסה פֿון די נדבות פֿון די עולי-רגל, און מיט דער צײַט זענען די קדושים געוואָרען אַ פֿערקערפּערונג פֿון געטער.

## § 20. די סעקטען און זייערע שריפֿטען.

די הינדואיסטישע סעקטעס טיילען זיך אויף אַזעלכע, וואָס פֿער-עהרען בעזונדערס דעם גאָט ווישנו, און אַזעלכע, וואָס דינען איבערהויפּט דעם גאָט סיווא. אין מיטעל-אַלטער איז די לעצטע גרופּע געווען שטאַר-קער און האָט געהאַט אַ גרעסערען איינפֿלוס אויף די געבילדעטע קלאַסען אין אינדיע. געוויסע סעקטעס האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט אַסקעטיזם און טעאָלאָגישע לעהרען, און אַנדערע האָבען זיך בעמיהט צו שטעהן נעהנטער צום פֿאָלק און צו ווירקען אויף איהם. בכלל האָט דער הינדואיזם געטראָגען אַ חעלטליכען כאַראַקטער, ווי ס׳צייגט זיין היילינע ליטעראַטור, וואָס בעשטעהט פֿון פּאָעטישע ערצעהלונגען. דאָס בוך מאַהאַבאַראַטאַ, וואָס עקזיסטירט זייט די ערשטע יאָהרהונדערטען נאָך ק., האָט מיט דער צייט אויפֿגענומען אין זיך אַלע אַלטע און נייע רעליגיעזע לעגענדען און איז משונהדיג אויסגעוואַקסען. מ׳לעזט איהם אין די טעמפּלען, אין די נידעריגע קלאַסען פֿון פֿאָלק, וואָס טאָרען ניט לעזען די וועדישע און וועדאַנטישע ביכער, געפֿינען אין דיעזען בוך די נויטיגע דינים און כללים פֿון לעבען.

קלענער אין אומפֿאַנג אָבער ליטעראַרישער אין אינהאַלט איז די היילינע פּאָעמאַ פֿון דרום-אינדיע, ראַמאַיאַנאַ, וואָס צייכענט זיך אויס מיט

שענע פאבעלן און א הויכער בעגייסטערונג. איינגער פאר דיעזע ווערק זענען די פילאזאפישע און טעאלאגישע ביכער (פוראנאס), אין וועלכע יעדע סעקטע האט אויסגעדריקט איהרע אידעען און מנהגים. גאר ניי זענען די טאנטראס, זאמלונגען פון נוסחאות פאר׳ן געהיימען קולט, וואס עקזיסטירט לאך עד היום אין אינדיע.

---

## § 21. געטער און טעאלאגיע.

אלע אלטע ועדישע געטער, אפילו בראמא אליין, האבען אין דער הינדואיסטישער רעליגיע פערלארען זייער ראלע און וויכטיגקייט, און נייע פאלקס־געטער זענען ארויף אויף דער העכסטער מדרגה. דער העכסטער גאט ווישנו ווערט געשילדערט מיט פיער הענד, שטעהענדיג אויף א לאטוס־פלאנצונג, ליגענדיג אויפ׳ן איינגעוויקעלטען שלאנג אנאנטא, וואס סימבאליזירט די וועלט, אדער זיצענדיג אויפ׳ן הייליגען פויגעל גארודא, וואס הרג׳עט די שלאנגען. נעבען איהם זיצט זיין קליינע פרוי לאקשמי, די געטין פון שענהייט און גליק, און פון איהר הענגט אראב די פיגור פון בראמא. ווישנו פערקערפערט זיך אין מענשען און אלערליי בעשעפענישען, כדי צו קומען דעם מענשען צו הילף, — א פאלקס־אמונה, — וואס די געלעהרטע האבען אויסגעפונען, כדי צו געווינען דורך איהר די מאסען. בעת ווישנו האט געהייסען, למשל, מאנו בויען א קאסטען, כדי נצול צו ווערען פון מבול, האט ער אנגענומען א פארם פון א פיש און געפיהרט די קאסטען איבער׳ן וואסער ביז׳ן בארג קאשמיר. צו ענדע פון די צייטען וועט ווישנו בעקומען א געשטאלט פון א העלדישען ריטער (קאלקין), און וועט קומען אויף א ווייסען פערד מיט א בליצענדען שווערד אין האנד, כדי צו בעפרייען זיינע מאמינים פון פרעמדען יאך. מיט ווישנו פעראייניגען זיך אויך די נאציאנאלע העלדען קרישנא און ראמא, איבער וועלכע די מיטאלאגישע לעגענדען דערצעהלען פערשידענע העלדישע מעשיות.

איינער פון די העכסטע געטער איז אויך סיווא (גראציע), וועלכער האט פערשידענע איינענשאפטען: ער וואוינט אויפ׳ן בארג הימאליי, און אלס גאט פון טויט און צושטערונג רוהט ער אויף קברים און האט א שרעקליכע געשטאלט: דריי אויגען, א קראנץ שארבענס ארום האלז און געפלאכטענע שלאנגען ארום קערפער. סיווא ברענגט אבער אויך גליק, פרייד, אויפלעבונג און פרוכטבארקייט; מען פערעהרט איהם דארום מיט געשלעכטס־

סימבאלען. ער ליעבט אמאל צו געהן אויף יאגד אין די בערג מיט א לוסטיגער חברה, צו שפורן אין טאנצען מיט פרויען. סיווא איז אויך דער גאט פון תשובה, אסקעטיזם און געלעהרזאמקייט. די פרוי פון סיווא, וואס איז געבליבען א בתולה, חאטש זי האט איינינע קינדער, האט אויך א דאפעלטען חאראקטער: אמאל איז זי בייז און העסליך, און אמאל גוט, שען און געציערט מיט בלומען.

די הינדואיסטישע טעאלאגען פון ווישנו-סעקטען האבען זיך בעמיהט מקרב צו זיין די רעליגיעזע פילאזאפיע פון וועדאנטא צום שכל פון דער מאסע. ראמאנוא האט, למשל, ערקלערט, אז בראמא איז ניט די עקזיסטענץ אליין פון יעדער זאך, ער עקזיסטירט בעזונדער אין אלע וועזענס זענען נאר זיינע איינגעשאפטען. די וועלט איז, אמת, ארויס פון בראמא, וועלכער האט איהר געגעבען דעם תמצית, יעדע זאך און יעדע נשמה האבען אבער אויך א איינענע אינדיווידועלע עקזיסטענץ. פון גלגולים בעפרייט זיך אלזא דער מענש ניט דורך דאס ערקענען, אז ער איז איינס מיט בראמא און וועט ענדליך אין איהם פערשלונגען ווערען, נאר דורך דער הילף און חסד פון בראמא. נאך ווייטער איז אוועק מאדווא, וואס האט דורכגעפיהרט א שטרענגע גרעניץ צווישען גאט, נשמות און מאטעריעלע זאכען און האט דערמיט צושטערט די פאנטעאיסטישע איינהייט פון דער וועדאנטישער טעאלאגיע. — די סיווא-סעקטען בויען זייער טעאלאגיע ניט אויף דער בראמאנישער לעהרע פון וועדאנטא, נאר אויף סאנקיא, די פילאזאפישע שולע פון קריעגער-קלאס. זיי דערווייטערען זיך אבער נאך מעהר פון מקור, ווי די ווישנו-סעקטען.

---

## § 22. דאס רעליגיעזע לעבען.

דער אסקעטיזם און די פעראייניגונג מיט גאט אין געדאנקען איז שטענדיג געוועזען דער יסוד פון פרומקייט ביי די אינדיאנער. דער הינדואיזם אלס פאלקס-רעליגיע קאן אבער ניט געברויכען אזעלכע שארפע מיטלען, ער האט דארום ענטוויקעלט ביים פאלק א הערצליכעם פערטרויען אויף גאט, וואס פערבינדעט צווישען איהם און מענשען אינטימע בעציהונגען פון א פאטער צו א קינד. די גלחים (גורוס) האבען זיך אויך אנגעגעבען פאר פערמיטלער צווישען גאט און די איינפאכע מאמינים, וואס קאנען אליין ניט קומען צו א העכער מדרגה. דאס פאלק האט פערעהרט די גלחים אלס האלבע געטער, וואס זענען געשיקט אויף דר'ערד צו ערציהען דעם מענשען. די גלוי-

פֿינגע האָבען זיך אויך בעמיהט צו הערען נאָהענט מיט די געטער דורך פֿער-
עהרונג פֿון זייערע געשטאַלטען אין די מענגע סימבאָלען, בעזונדערס גע-
שלעכטליכע, וואָס פֿילען אָן די טעמפּלען. דער קולט צייכענט זיך אויס
מיט פֿיעל צערעמאָניעס אין אַ געקינסעלטען עקסטאַז, וואָס מען בעקומט דורך
זינגען, טאַנצען, לאַכען און אַלערליי בעוועגונגען. די קירך איז אָבער רייך
אין שענע מזמורים, וואָס דריקען אויס אַ טיעפֿען רעליגיעזען געפֿיהל. דער
פֿרומער זינגער לויבט, למשל, נאָר די אמת'ע פֿריינדשאַפֿט, וואָס
עקזיסטירט נאָר צווישען מענשען און גאָט: „ליעב איהם און פֿערטרוי איהם
דאָס גאַנצע האַרץ! די מענשען זענען צו דיר צוגעבונדען נאָר צוליעב דיין
הצלחה און דיין גוטס. קיינער טראַכט ניט וועגען צווייטען. כל זמן דו
ביזט רייך, קומען פֿיעל חברים און זעצען זיך נעבען דיר; פּאַסירט דיר אָבער
אַן אומגליק, צולויפֿען זיי און לאָזען דיך אַליין. זאָגאַר דיין פֿרוי, וואָס דו
ליעבסט און איז שטענדיג אָנגעלעהנט אויף דיין ברוסט, פֿערלאָזט דיך נאָכ'ן
טויט און ענטלויפֿט מיט שרעק פֿון דיין טויטען קערפּער. אַזוי פֿיהרט זיך
די וועלט, און אַזוי פּאַסירט אונז. פֿערטרוי דיך דאַרום, נאַנאַק, אין דיין
לעצטער שטונדע נאָר אויף האַרי!"

די מאַמינים זוכען גאָט ניט בלויז אין טעמפּעל, נאָר אויך אונטער'ן
פֿרייען הימעל. אין יעדען קליינעם דאָרף, אונטער יעדער פֿעלז און גרויסען
בוים, אויפֿ'ן שפּיץ פֿון יעדער באַרג, געפֿינט מען הייליגע בילדער סימ-
באָלען, הויפֿענס שטיינער און רויט-געפֿאַרבטע העלצער, וואָס בעצייכענען
אַ מקום-קדוש. מען פֿערעהרט אויך אָפֿט הייליגע פּלאַנצונגען און חיות,
ווי פֿייגען-ביימער, שלאַנגען, אַפֿען און קיה. בעזונדערס הויך שטעהט דער
קולט פֿון וואַסער, און וואו מען געהט טרעפֿט מען הייליגע טייכען און
אָזערעס. מעהר פֿאַר אַלע איז הייליג דער טייך גאַנגעס: „ס'איז ניטאָ אַזאַ
שווערע זינד און אַזאַ שוואַרצע נשמה, וועלכע דאָס וואַסער פֿון גאַנגעס
זאָל ניט ריין מאַכען". אין 18-טען יאָהרהונדערט האָט מען נאָך געאָפּ-
פֿערט קינדער-בכורים צום גאָט פֿון דיעזען טייך. צו דעם טייך קומען מיליאָ-
נען עולי-רגל, וואָס האַלטען פֿאַר די גרעסטע מצוה דורכצוגעהן צו פֿוס
זיינע ביידע ברעגען — אַ מאַרשרוט, וואָס דויערט זעקס יאָהר. אויף דיע-
זען טייך איז אויך געבויט די הייליגע שטאָדט בענאַרעס, די אינדישע
ירושלים, וואָס יעדער פֿרומער אינדיאַנער שטרעבט צו זעהען זיין גאַנצע
לעבען. די מחנות עולי-רגל זענען זיך טובל אין טייך און געהען נאָכהער
מתפלל זיין אין די טויזענדער טעמפּלען און פּאַגאָדען, וואָס פֿילען-אָן די
שטאָדט.

די ימים-טובים זענען פֿערבונדען מיט די סעזאָנען און מיטאָלאָגישע לעגענדען. דער גרעסטער פֿון זיי איז דער געבורטס-טאָג פֿון גאָט קרישנאַ. אַ מין פֿרעהליכער קאַרנוואַל-טאָג איז דער פֿאָלקס-יום-טוב פֿון האָלי, אין ערשטען חודש פֿון פֿריהלינג: קינדער טאַנצען אין די אילומינירטע גאַסען, דער עולם מאַכט זיך איבעראַל לוסטיג און שיט זיך מיט רויטען און געלען פּולווער. ס'זענען אויך דאָ אומעטיגע טעג פֿון תפילות און תעניתים, ווי דער סיוואַ-יום-טוב אין פֿעברואַל.

די גלחים פֿון געוויסע סעקטעס טראָגען אַ צייכען אויפֿ'ן שטערען, עסען נאָר אין וואָלענע און זיידענע קליידער און בערייטען געהיים זייערע שפּייזען. דאַגעגען די איינפֿאַכע מיטגלידער היטען אָב אין געוועהנליכען לעבען נאָר די מאָראַלישע געבאָטען פֿון אַנדערע אינדיאַנישע קירכען. אָפֿטמאָל ווערט דער גאַנצער מאָראַל אויסגעדריקט אין אַ קורצער און שעהנער פֿאָרמעל, למשל: „דאָס לעבען איז אַ מתנה פֿון גאָט און דאַרף ניט ווערען פֿאַר קיינעם קיין קראַנקהייט; מענשען-ליעבע איז דאַרום די שענסטע מדה, און רציחה — די גרעסטע עבירה". געוויסע סעקטעס צייכענען זיך אויס מיט זייער אַסקעטישען לעבען, און זייערע מיטגלידער וואַנדערן אַרום אַלס נזירים-בעטלער. אָפֿטמאָל זענען זיי אויך מכשפים, טרעפֿער, זינגער און טענצער, וואָס פֿיהרען אַרום געלעהרטע חיות. די נאַגאַס האָבען זיך לחלוטין אָבגעזאָגט פֿון דער וועלט און דרך-ארץ: זיי געהען מוטער-נאַקעט און בעטען נדבות, דראָהענדיג מיט געוועהר.

בעזונדערס נידעריג איז דער געהיימער קולט פֿון די סאַקטאַס, וואָס פֿערעהרען די פֿרוי פֿון סיוואַ. זיי פֿערזאַמלען זיך ביי נאַכט אין געהיימע טעמפּלען, אָפּפֿערען וויין און קרבנות צו אַ נאַקעטע פֿרוי, וואָס סימבאָליזירט דעם ווייבליכען פּרינציפּ פֿון דער נאַטור, און ענדיגען די צערעמאָניע מיט העסליכע הפקרות. דיעזער פּרימיטיווער קולט האָט אַ שייכות צו די צערעמאָניעס פֿון קאַלי, וואו מען אָפּפֿערט נאָך, ווייזט-אויס, עד היום געהיימע מענשען-קרבנות, טראָץ דעם שטרענגען פֿערבאָט פֿון דער ענגלישער רעגירונג.

---

## § 23. דער איינפֿלוס פֿון איסלאַם.

בערך אין יאָהר 1000 נאָך ק. האָבען זיך די אַראַבער איינגעפֿעסטיגט אין צפֿון-אינדיע, פֿערשפּרייטענדיג זיך פֿון דאָרט ביסלעכווייז צו דרום-

זײַט. אין 16-טען יאָהרהונדערט האָט אָנגעהויבען הערשען אין דעלהי די מאָנגאָלישע דינאַסטיע, וואָס האָט זיך אויך בעקעהרט צום איסלאַם. דער הינדואיזם האָט זיך דאַן בעגעגענט מיט'ן איסלאַם, וואָס איז ענערגישער פאַר איהם, אײַנפאַכער אין זײַן לעהרע און בעסער אָרגאַניזירט — און האָט געמוזט שלום מאַכען מיט איהם כדי ניט אונטערצוגעהן. אין 15-טען יאָהרהונדערט האָט קביר, למשל, געגרינדעט אַ געמישטע רעליגיעזע סעקטע, וואָס מאַכט ניט קיין אונטערשיעד צווישען פערשיעדענע קאַסטעס, צווישען אינדיאַנער און מושלימענער און פערלאַנגט נאָר אַ ריינעם מאָראַלישען לעבען אָהן אויסערליכע סמנים. באַלד נאָכדעם האָט נאַנאַק געגרינדעט אַ נײַע פשרה-סעקטע, וואָס האַלט, אַז דער מענש קאָן זיך בעפרײַען פון גלגולים אַז פעראייניגט ווערען מיט גאָט אָהן אַסקעטיזם. נאַנאַק און זײַנע נאָכפאָלגער זענען פערעהרט געוואָרען פון דער סעקטע אַלס פערקערפּערונג פון גאָט. דער פינפטער פון די מנהיגים, אַרזון, האָט אויפגעזאַמעלט די הייליגע שריפטען פון דער סעקטע, אַדי-גראַנט, און ערקלערט די מושלימענער אַ פאַנאַטישען קריעג, וואָס האָט געדויערט מעהר ווי הונדערט יאָהר.

די מאָנגאָלישע דינאַסטיע פון די „גרויסע מאָנגאָלען" אין דעלהי איז בכלל אויך געווען גענוג טאָלעראַנט בנוגע צו דער רעליגיע און האָט אָפט געשטרעבט צו מאַכען פשרות צווישען די פערשיעדענע אמונות. דער קייזער אַקבאַר האָט, למשל, גרינדליך אויסגעלערנט די איסלאַמישע, הינדואישע, פערסישע און קריסטליכע אמונות, און האָט זיי אַלעמען פערבונדען צוזאַמען אין אַ נײַער „געטליכער רעליגיע". זי האָט געהאַט דרײַ יסודות: געטליכע איינהייט, פערקערפּערונג פון די געטליכע כוחות אין דער וועלט און גלגול-נשמות. אַקבאַר האָט פערגעטערט די זון אַלס כהן-גדול, אויסדריקענדיג זײַן לעהרע אין דער פאָרמעל: „ס'איז ניטאָ קיין גאָט אויסער אַללאַה און אַקבאַר איז זײַן קאַליף". די נײַע רעליגיע האָט ניט לאַנג איבערגעלעבט איהר גרינדער, זי האָט אָבער מיט ערפאָלג געקעמפפט געגען די צוויי באַרבאַרישע מנהגים פון דער אינדיאַנישער ציוויליזאַציע: דאָס חתונה מאַכען קליינע קינדער און דאָס פערברענען אלמנות לעבעדיגערהייד.

## § 24. די איצטיגע לאַגע.

אין 19-טען יאָהרהונדערט בעגעגענען מיר נאָך אין אינדיע אַ מענגע גרויסע געלעהרטע און גרינדער פון נײַע רעליגיעס, וואָס ס'ווייזט, אַז דער

אַלטער הינדואיזם האָט נאָך ניט פֿאַרלאָרען זיין קראַפֿט. זייט ראַמאָהון־ראַי (1833) האָבען פֿיעל טעאָלאָגען ערקלערט די אידעע פֿון איין גאָט ליט די וועדאַס, און געקעמפֿט געגען דעם קלאַסען־אונטערשיעד און אַנדערע נאַרישע מנהגים. דער געלעהרטער קעשוב האָט בעזוכט אייראָפּאַ, כדי צו בעקענען זיך נעהענטער מיט איהר ציוויליזאַציע, און געגרינדעט אַ נייע רעליגיע אויף די וואַהרהייטען פֿון אַלע אמונות. זיין סעקטע, וואָס טראָגט דעם נאָמען פֿון די פֿריהערדיגע רעפֿאָרמאַטאָרס בּראַהמאָ־סאַמאַי, רעכענט דעם קריסט פֿאַר'ן גרעסטען נביא, און דעם גרינדער קעשוב — פֿאַר אַ בעגייסטערטען פֿון רוח־הקודש. די נייע רעליגיע האָט אָבער ניט פֿיעל געוואונען. אָנשטאָט צו מאַכען אַ האַרמאָניע צווישען אַלע רעליגיעס, האָט קעשוב נאָר אַריינגעלעגט הויכע רעליגיעזע אידעען אין הינדואיסטישע סימבאָלען. אַגב געהערען כמעט אַלע זיינע אָנהענגער צום געבילדעטען קלאַס, און דאָס פֿאָלק האָט פֿון איהם קיין שום איינפֿלוס ניט גענומען. דאַגעגען האָט קעשוב ערוועקט געגען זיך אַ רעאַקציאָנערע בעוועגונג פֿון דיאַנאַנדאַ־סאַראַסוואַטי, וואָס האַלט, אַז אין די אַלטע וועדאַס געפֿינט מען דעם גאַנצען אמת, אפֿילו די נייע וויסענשאַפֿטען.

---

## עלפֿטעס קאַפּיטעל.

# די פּערסער.

### § 1. דאָס מעדאָ־פּערסישע פֿאָלק.

די פּערסער האָבען זיך בעוויזען אין דער געשיכטע אַלס אַ שטאַרקעס, ענערגישעס פֿאָלק, וואָס איז פֿערפֿעסטיגט געוואָרען דורך'ן שטרענגען איראַנישען קלימאַט, און בעקומען מוט און ערנסטע געדאַנקען אין וואַנדער־לעבען דורך בערג און סטעפּעס. די ערשטע פּערסישע מושלים האָבען דורך מיליטערישע קראַפֿט, טאָלעראַנטע פּאָליטיק און ציוויליזאַציע פֿערשפּרייט זייער הערשאַפֿט ביז עטיאָפּיע; און בעת דיעזע וועלט־מלוכה איז פֿונאַנדערגעפֿאַלען, האָבען נאָך די שטאַרקע פּאַרטער געהערשט אין פּרס הונדערטער יאָהרען, ביז דער איסלאַם האָט זיי פֿערשלונגען אין פּאָליטישען און רעליגיעזען זין.

די פּערסישע אַנשויאונג אויף דער וועלט איז אַ קלאָרע און פּראַקטישע.

זי האט ענטדעקט אין דער נאטור צוויי פערשיעדענע פרינציפען פון גוטס און שלעכטס, און פעראייניגט זיי אין איין סיסטעם. דער ענערגישער פערסער ענטלויפט ניט פון דאס שלעכטס, פון דער וועלט און זיין „איך", ווי די פערחלומ'טע אינדיאנער; ער קעמפפט און בעמיהט זיך צו פערניכטען דאס שלעכטס. דורך פראקטישע מאראל און שטרענגע געזעצען זאלען די פערסער אויסבעסערען די וועלט. פון וועלכער די אינדיאנער האבען זיך מיאש געווען. דיעזע צוויי פעלקער, וואס זענען, דאכט זיך, אזוי נאהענט פערוואנדט אין שפראך, פאלקס־לעגענדען און זיטען, זענען פונקט דער היפך בנוגע צו רעליגיע און האבען געגעבען פאר דער וועלט צוויי לחלוטין פערשיעדענע טעאלאגישע האריזאנטען.

## § 2. דער אנהויב פון זאראאסטער'ס רעליגיע.

אין מערב־זייט פון איראן, וואס ליגט צווישען קאספישען ים און פערסישען ים־אויסגוס, זענען געזעסען די מדים, וועלכע זענען פערוואנדט מיט די סקיטישע וואנדער־שבטים. די מדים האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער ענטוויקעלטער ציוויליזאציע און רעכט געארדענטער רעליגיע אונטער די הנהגה פון די מאגיער־גלחים, וואס האבען געהאט א גרויסען איינפלוס אויפ'ן פאלק. דיעזע רעליגיע האט רעפארמירט זאראאסטער, זייט־אוים, אייגער פון די מאגיער, וואס האט בעגייסט די אלטע אמונות דורך נייע אידעען, און האט דורכגעפיהרט זיין רעפארמע מיט דער הילף פון קעניג וישטאספא. אט דער נביא פון צפון־מערב איראן, איז געבארען, לויט דער לעגענדע, לאבענדיג, און נאכדעם, ווי ער איז ביינעשטאנען אלע שווערע נסיונות פון שטן, איז איהם געלונגען צו גרינדען זיין נייע אמונה. ער האט דריי מאל פערלארען זיין זרע אין וואסער, פון וועלכע סיזאלען געבארען ווערען די דריי קינפטיגע משיחים.

בעת די פערסער האבען איינגענומען מדי, האבען זיי גע'ירש'ט פון די מדים זייער ציוויליזאציע און רעליגיע. די אשמענידישע און סאסאנידישע דינאסטיעס האבען געשטיצט דעם גלויבען פון זאראאסטער געגען די מאגיער, און האבען איהם פערשפרייט אין זייער גרויסער אימפעריע. ווי כורש האט זיך פערהאלטען צו די מדישע רעליגיעס — ווייסען מיר ניט; דריוש און זיינע נאכפאלגער זענען אבער געווים געווען הייסע אנהענגער פון דער ... ראאסטרישער אמונה.

## § 3. רעליגיעזע ליטעראטור:

די ביבעל פון דער זראָאַסטרישער רעליגיע, זענד-אַוועסטאַ (אַוועסטאַ הייסט אָפּענבאַרונג, און זענד — טראַדיציע), איז אַמאָל געווען פיעל גרעסער ווי יעצט, ווייל אַלכסנדר-מוקדון אָדער די אַראַבער האָבען פערניכטעט אַ גרויסען טייל פונ׳ם הייליגען בוך. אין יעצטיגער פאָרם טיילט זיך דער זענד-אַוועסטאַ אין איינינגע חלקים: דאָס יאַסנאַ, אַ זאַמלונג פון קרבנות-מזמורים, צווישען וועלכע די גאַטהאַס זענען די עלטסטע און די וויכטיגסטע; די יאַשטען, וואָס גיבען אונז גענויע ערקלערונגען וועגען די געטער; און דער ווענדידאַד, וואָס ענטהאַלט מאָראַלישע געזעצען און אַלערליי דינים און מנהגים.

פון זענד-אַוועסטאַ אַליין וואָלטען מיר שווערליך קאָנען אויסלערנען די גאַנצע שיטה פון זאַראַאַסטר, ווען עס וואָלטען אונז ניט קומען צו הילף די שפּעטערע פּערסישע שריפטען, ווי דער בונדהעהעש און די לעגענדען-זאַמלונגען פון דילכמער פירדוזי. אויסערדעם געפינען מיר נויטיגע ידיעות וועגען דער פּערסישער אמונה ביי גריכישע, רוימישע, אַרמענישע און אַראַבישע שריפטשטעלער. אין דער לעצטער צייט האָבען איינינגע געלעהרטע געזאַמעלט און אַרויסגעגעבען דיעזע ידיעות אין אייראָפּעאישע שפּראַכען.

---

## § 4. די איראַנישע רעליגיע פאַר זאַראַאַסטער.

מיר בעגעגענען אין אַוועסטאַ פיעל פרטים, וואָס געהערען צו דער פאָר-צייטיגער רעליגיע פון איראַן. די פערגעטערונג פון שטערן און אַלע נאַטור-ערשיינונגען, די גוזמא שדים און רוחות, ווי די נשמות פון מתים, וואָס ווע-רען פערעהרט אַלס הויז-גייסטער — דאָס אַלץ פּאַסט צום פרימיטיווען צושטאַנד פון דער רעליגיע. די אַלטע איראַניער האָבען בעזונדערס פערהייליגט דאָס וואַסער און די פלאַנצונגען און אַלס וואַנדערער האָבען זיי זעהר הויך געעהרט דעם הונד און די קוה. דיעזע חיות האָבען אין זיך אַ איבערנאַטיר-ליכע קראַפט, און דער, וואָס הרג׳עט זיי, ברענגט די גרעסטע אומגליקען. דער קולט פון דער קוה איז געבויט אויף פיעל לעגענדעס און צערעמאָניעס, און „אָבקויפען די קוה" הייסט — זוכה זיין צו עולם-הבא. דורך די השתנה פון אָקס, ריינינגען זיך די איראַניער, ווי די אינדיאַנער און אַנדערע אַלטע

פעלקער, פון אלע טומאות. דאס זעלבע געפינען מיר אין אוועסטא פיעל לעגענדעס און בעגריפען, וואס די איראניער האבען געשאפען צוזאמען מיט די אינדיאנער פאר דער היסטארישער עפאכע. דעם גאט מיטרא, ווי דעם הייליגען געטראנק סאמא, טרעפען מיר, למשל, ביי ביידע פעלקער מיט גע-וויסע שנויים. דאס זעלבע איז דער אינדישער מתים-גאט יאמא געווארען ביי די איראניער דער גוטער הירט און אלטער פאטער פון דער מענשהייט, ימא, וואס האט דריי מאל פערגרעסערט די וועלט, כדי מאכען פלאץ פאר די נייע בעשעפענישען און האט אלאנגע צייט געקיניגט אויף אגליקליכע וועלט, וואו ס'איז ניט געווען קיין קעלט, טויט און עלטער.

ווי מיר זעהן, האבען די זעלבע לעגענדעס און אמונות אנגענומען א פערשיעדענע געשטאלט ביי די אינדיאנער און איראניער, צוליעב דעם חילוק אין קלימאט פון די לענדער און דעם האראקטער פון די פעלקער. אין שפעטער, בעת די דאזיגע צוויי פעלקער האבען זיך אבגעטיילט אין דער אור-אלטער עפאכע, זענען ענטוויקעלט געווארען די ריין-איראנישע לעגענדעס און מנהגים, אויף וועלכע ס'איז געבויט די מאזדעאישע אדער זאראאסט-רישע רעליגיע. איינער פון דיעזע מנהגים איז ארויסצושטעלען די קערפערס פון די מתים אלס שפייז פאר רויב-פויגלען, ווייל פערברענגען זיי האט מען נישט געטארט, כדי נישט מטמא צו זיין דאס פייער, וואס האט זיך גערעכענט פאר הייליג. אין א קאלטעס סטעפען-לאנד ווי איראן, איז דאס פייער, וואס ווארמט און שיצט פאר חיות, זעהר הויך געשעצט. די געטליכע לעגענדע דערצעהלט, אז אטאר (פייער) איז געשיקט געווארען פון גוטען גאט אהורמאזד צו קעמפפען פאר די הערשאפט איבער דער וועלט „פארן גרעסטען קעניג-ליכען גלאנץ", מיטן דראגאן אזי-דאהאקא, דעם שליח פון שלעכטען גאט אחרימאן. דאס איז דער יסוד פונ'ם דואליזם, פון די צוויי ענגעגנגע-זעצטע כחות פון גוט און שלעכט, וואס דער איראניער האט געפונען אין דער נאטור פון זיין לאנד, וואו זומער און ווינטער, טאג און נאכט, פרוכטבאר-קייט און מדבר וועקסלען זיך זעהר שנעידענד. זאראאסטער האט נאר געדארפט סיסטעמאטיזירען די טעאריע פון דער צוויי-הייט, וועלכע האט שוין עקזיסטירט פאר איהם אין די פאלקס-לעגענדעס.

## § 5. די רעליגיע פון אוועסטא-געטער.

געגען די שדים און שלעכטע גייסטער שטעהן די האלב-געטער, רוחות, העלדען, און די הויפט-געטער אדער אהוראס, וואס רינגלען ארום דעם

העכסטען גאָט אָרמאַזד (אַהוּראַ-מאַזדאַ — קלוגער גייסט). ער איז אָפֿט געשילדערט אין אַ געשטאַלט פֿון אַ קעניג, מיט אַ קרוין, אַ סקעפּטער און פֿליגלען; אין אַוועסטאַ ענטפּלעקט ער זיך אָבער אַלס ריין גייסטיגער וועזען, וואָס פֿעראייניגט אין זיך די העכסטע ערקענטניס, קלוגשאַפֿט, ריינהייט, הייליגקייט און גערעכטיגקייט, און שטעהט העכער פֿאַר דאָס שלעכטס, וואָס איז געגרינדעט אויף אומוויסענהייט. אָרמאַזד איז דער שעפֿער פֿון דאָס גוטס אויף דער וועלט און פֿון מענשען, וואָס איז אויך בעשטימט צו טהון גוטס. ער שטיצט די וועלט געגען אַהרימאַן, וואָס ברענגט אויף איהר אַלערליי שלעכטס און זוכט זי חרוב צו מאַכען. לחלוטין בעזיעגען דיעזען שלעכטען גאָט וועט אָבער אָרמאַזד'ן נאָר געלינגען מיט דער הילף פֿון אַלע גוטע מלאכים און גייסטער, און איבערהויפּט מיט דער הילף פֿון מענשען, וואָס גיט דורך זייערע גוטע מעשים די בעסטע שטיצע דעם גוטען גאָט און האַלט-אונטער די וועלט. דאָס איז דער יסוד, אויף וועלכען ס'זענען געבויט די מאָראַל, דער קולט און די לעגענדען פֿון מאַזדעאישען גלויבען.

אָרמאַזד איז אַרומגערינגעלט פֿון זיבען מלאכי-השרת (אַמעשאַ-ספּענטאַס), צווישען וועלכע וואָהומאַנו און אַשאַ-וואַהישטאַ זענען די גרעסטע, וואָס פֿערבינדען זיך מיט איהם אין אַמין דרייהייט. דיעזע גייסטער פּערזאָניפֿיצירען די גוטע מחשבה, די העכסטע גערעכטיגקייט, דעם ווילען, די הייליגע ענוה, די געזונדהייט, די אונשטערבליכקייט און געהאָרזאַמקייט. אויסערדעם הערשען די זיבען מלאכים, וואָס זענען געשאַפֿען דורך אָרמאַזד, אויף פֿערשיעדענע עלעמענטען און גאַטונגען אין דער נאַטור, ווי ערד, פֿייער, פֿלאַנצונגען, מעטאַל און בהמות. זיי זענען אויך פֿערשיעדען אין זייערע געשטאַלטען. ספּענטאַ-אַרמאַיטי טראָגט, למשל, אַ פֿאָרם פֿון אַ פֿרוי אַלס ערד-געטין, אָרמאַזד'ס פֿרוי, איז די מוטער פֿון דער מענשהייט; וואָהו-מאַנאָ פֿערקערפּערט, איז אַ מענליכער גייסט (לאָגאָס), דורך וועלכען אָרמאַזד האָט געשאַפֿען די וועלט, און וועלכער האָט אָפֿענבאַרט די רעליגיע דעם מענשען. קשאַטראַ-ווייריאַ איז געשילדערט אַלס ליכט אָדער הימעל-פֿייער, ווייל ער איז דער ממונה אויף די ליכטיגע קעניגרייך פֿון גאָט וואָס וועט קומען אויף דער וועלט אין דער גוטער צוקונפֿט. אַלס ליכטיגער העלד איז אויך פֿאָרגעשטעלט סראַאָשאַ, דער גלח, וואָס האָט מקריב געוועזען דעם ערשטען קרבן אין דער גאָט פֿון מאָרגען-שטערן, וואָס רייט אויף פֿיער ווייסע פֿערד מיט גאָלדענע קאָפּיטעס, וואָס קעמפּפֿט מיט דער פֿינסטערניש און איהרע אַלע שלעכטע רוחות, און בעזיעגט דעם שד פֿון כּאַוה אַשמאַ-דעוואַ (אַשמדאַי). צו איהם איז געחידמעט דער האָן.

וואס וואגט אן דעם טאג און רופט דעם מענשען צו ארבייט.

צווישען די ליכט-געטער דארף מען אויך רעכנען מיטרא, וואס בעטייט זיך פאר דער „אונשטערבליכער זון" אויף די בעגולטע שפיצען פון בארג עלבורז. ער שענקט דעם מענשען קראפט, היילינקייט, גייסטיגעס און מאטעריעלעס גוטס, און ליעבט נאר אמת און ליכט. ער איז געשילדערט מיט טויזענד אויגען און טויזענד אויערן, דורך וועלכע ער הערט געוואר פון פאלשע שבועות און שטראפט באלד שרעקליך דעם זינדיגען און זיין גאנצע סביבה.

אנאהיטא, די געטין פון פרוכטבארקייט און בעוואסערונג שטאמט, ווייזט-אויס, פון סעמיטען. זי איז געשילדערט אלס שעגע דיקע פרוי, וואס פאהרט אויף פיער ווייסע פערד. איהר קולט פלעגט פארקומען איבערהויפט אויף די ברעגען פון טייכען, און אין איהרע טעמפלען, וועלכע האבען זיך פערשפרייט ביז ארמעניע, פלעגען די טעכטער פון די חשובסטע פאמיליעס זיך אפגעבען דער הייליגער פראסטיטוציע. דיעזע געטין, וואס פאסט וועניג צום כאראקטער פון דער מאזדעאישער רעליגיע, שיינט צו זיין די סעמיטישע מיליטא אדער עשתרות.

די צעהנדליגע טויזענדער מלאכים-היטער (פראוואשים) בעשיצען די וועלט געגען שדים און שלעכטע רוחות. יעדען מענשען און יעדען ארט ווערט געגעבען א ספעציעלען שומר.

## § 6. די ממשלה פון שלעכטס און דער קולט.

„פון אנפאנג זענען געווען די צוויי גייסטער, וואס האבען עקזיסטירט, ווי א צווילינג, און יעדער פאר זיך"; „און בעת זיי האבען זיך בעגעגענט, האבען זיי בעשטימט דאס לעבען און דעם טויט, שענקענדיג דעם גהינם די רשעים, און דעם הימעל — די צדיקים". דיעזען גרונד-געדאנק פון אוועסטא, אז די וועלט טיילט זיך אויף גוטס און שלעכטס, לעבען און טויט, רשעים און צדיקים — דריקט אונז אויס איינע פון די עלטסטע גאטהאס. א שטענדיגע מלחמה קומט פאר צווישען ארמוזד און אהרימאן (אנגרא-מייניאו), וואס זענען ביידע גייסטיגע וועזענס, פרינציפען פון גוטס און שלעכטס, און זענען ביידע ארומגערינגעלט מיט גאנצע מחנות משרתים. די דעוואס, אדער די שדים מכשפים און שלעכטע רוחות, וואס בעדיענען אהרימאן, נארען דעם מענשען און זיך אליין, ברענגענדיג אומגליק אנשטאט גליק. די שידה דרגי

בעהעפֿט זיך צום זינדיגען, וואָס גיט ניט קיין נדבה אַן אָרימאַן, וואָס טרעט אין זיין השתנה, וואָס פֿערליערט זיין זרע, אָדער וואָס טראָגט ניט דעם היילינגען גאַרטעל; זי לעבט מיט איהם און גיבערט אַלערליי אָנשיקעניששען.

די גאַנצע וועלט איז פֿול פֿון שדים, און מ'זאָל זיך שיצען געגען זיי דורך תפלות, קרבנות און ריינינגונגען. יעדער צרה, יעדעס אומגליק און יעדע שלעכטע מדה האָט זיין שר. די צאָהל פֿון די שלעכטע רוחות האַלט אין איין וואַקסען, ווייל אַלע רשעים און אַלע זינד ווערען שדים. זאָגאַר פֿרעמדע פֿעלקער, ווי די גריכען, רוימער און ד. ג., וואָס פֿיהרען מלחמות מיט פרס, רעכענען זיך אויך אין דער אַרמעע פֿון אחרימאַן. די שדים האָבען אַ קערפּערליכע געשטאַלט, און וואוינען אין אַלע וויסטע, פֿינסטערע און קאַלטע ערטער, איבערהויפּט אין תהום. זיי ווייזען זיך אָבער אויך אין ישוב, וואו זיי קאָנען נאָר שאַדען. זייט די וועלט איז בעשאַפֿען, מאַכען זיי קאַליע יעדע גוטע זאך, און פֿערגיפֿטען יעדען פֿערגעניגען. זיי בעמיהען זיך אַלץ חרוב צו מאַכען, אויסצוטריקען די טייכען און צו פֿער־דאַרבען די פּלאַנצונגען. זיי ברענגען אויף דער וועלט 9999 קראַנקהייטען, פֿיזישע און מאָראַלישע, וועלכע די רעליגיע היילט־אויס מיט איהרע בע־שוועררונגען. איבערהויפּט שיקען זיי אָן דעם טויט אויפֿ'ן מענשען, בעזונדערס אויפֿ'ן צדיק. היילען קראַנקהייטען, בעזעצען מדבריות און יעדע נוציגע אַרבייט הייסט אַלזאָ פֿערטרייבען די שדים און העלפֿען אָרמאַזדין. אויף אַזאַ אופן האָט די גאַנצע וועלטליכע ציוויליזאַציע פֿון די פּערסער בעקומען אַ רעליגיעזע שאַטירונג.

דורך קרבנות און תפילות פֿעראייניגען זיך די מענשען און די גוטע געטער, כדי צו קעמפּפֿען צוזאַמען געגען דער ממשלה פֿון שלעכטס. מיט'ן קולט בעשעפֿטיגען זיך נאָר די גלחים (אַטראַוואַנס), וואָס גיבען איבער די כהונה בירושה זייערע קינדער. אַ זייטיגער מענש, וואָס אָפּפֿערט, אָדער מאַכט די ריינינגונג־צערעמאָניע, בעגעהט אַ שרעקליכע זינד, און ס'קומט איהם קעפּען, די הויט אָבשונדען אָדער אויף אַ פּיקע זעצען. ס'שיינט אָבער, אַז געוויסע זינד האָט מען געקאָנט אויסקויפֿען מיט פּדיון לטובת די גלחים. סיי אין טעמפּעל, סיי אין פּריוואַט־הויז, פֿלעגען די גלחים אויספֿיהרען די צערעמאָניעס, וועלכע זענען געווען בכלל טרוקען און מעכאַניש, וואָס פֿון גלח האָט זיך אָפֿט געפֿאָדערט אַ העכערע מאָראַלישע אויסציהבונג.

דער קולט פֿון פֿייער איז עלטער, ווי די רעליגיע פֿון זאָראָאַסטר, און ער האָט געדיענט אַלס יסוד פֿאַר דער נייער אמונה. אין יעדער טעמפּעל האָט זיך געפֿונען אַ קדשי־קדשים, אַ היילינגער פֿינסטערער צימער, וואו דאָס

הייליגע פֿײַער האָט געברענט אין אַ מעטאַל-שיסעל אויף אַ קיבישען שטיין. דער גלח פֿלעגט אָנטאָן הענטשקעס, פֿאַרבינדען דעם מויל און אונטערהאַל-טען דאָס פֿײַער מיט אַ צווײַגעל, כדי עס ניט מטמא צו זײַן מיט זײַנע הענט און אָטעם. דאָס פֿײַער נעהרט מען מיט געריינינגטעס בשמים-האָלץ, און פֿון איהם צינדט מען אָן הייליגעס פֿײַער אין אַלע פּריוואַט-הײַזער. אין טעמפּעל האָבען זיך אויך געפֿונען צימערן אויף תפלות, אַ שענער גאָר-טען און אַ קוואַל אויף ריינינגונג.

בײַ דער עבודה שפּיעלען אַ הויפּט-ראָלע די הייליגע צווײַגען און דאָס הייליגע געטראַנק האָאָמאַ, וואָס שטימט, ווי דאָס אינדישע סאָמאַ, העכער פֿאַר די געטער אַליין, און שענקט דעם מענשען כל טוב. זאָגאַר די כלים און געצײַג, מיט וועלכע מען מאַכט דאָס האָאָמאַ, ווערען פֿאַרגעטערט און בעזיצען אַ גרויסע קראַפֿט. דאָס זעלבע פֿאַרגעטערן די פּערסער די הייליגע ספרים, צו וועלכע זיי אָפּפֿערען קרבנות. וויכטיג אין קולט זענען אויך די בעשווערונגען פֿון די שלעכטע רוחות. די מתפללים זאָגען זיך אָב פֿון שד, און גיבען זיך איבער גאָט דורך תפילות און הבטחות פֿון וואוילטעטיגקייט.

---

## § 7. ריינינגונג, ציוויליזאַציע און זיטען.

דער אַלטער פּערסער האָט פֿאַרבראַכט זײַן לעבען אין קאַמפּף מיט דער טומאה, טויט און שד. ער האָט זיך בעמיהט קודם-כל צו דערהיטען פֿון אַ טויטען קערפּער די הייליגע עלעמענטען, ווי פֿײַער און וואַסער. דער וואָס פֿאַרברענט אַ מת און איז מטמא דאָס פֿײַער, איז חייב-מיתה. דאָס מילך פֿון אַ קוה, וואָס האָט געגעסען דאָס גראָז, וועלכעס איז טמא געוואָרען פֿון אַ נבלה, טאָר מען אַ צײַט ניט ניצען. דאָס זעלבע מוז בלײַבען אַ יאָהר אונגע-נוצט דער אָרט, וואו מ'האָט געפֿונען אַ נבלה. אַלץ, וואָס שיידט זיך אָב פֿון קערפּער, ווי האָר, נעגעל און ד. ג., ווערט גערעכענט פֿאַר טמא; און די כלי, אָדער דער מענש, וואָס קומט מיט דעם אין בעריהרונג מוז געריינינגט ווערען. בעזונדערס אומריין זענען די פֿרויען אין געוויסע פֿעלע און צײַטען. מ'פֿערשליסט זיי בעזונדער דרײַ מעת-לעת, און מ'נעהרט זיי מיט אַש און השתנה פֿון אָקס, נאָכהער גיט מען זיי קאַרג עסען, כדי דער שד זאָל אין זיי שטאַרבען פֿון הונגער.

פֿון טומאה ריינינגט מען זיך דורך אָפֿיציעלע צערעמאָניעס, אַ לחש

און דורך בעשפּריצען מיט אָקסען-השתנה, אָדער וואַסער. דער שד גייט דאַן אַרויס פֿון גראָבען פֿינגער אין דער לינקער פֿוס. פֿון אַ זינד רייניגט מען זיך דורך קלעפּ מיט אַ שטעקען. אַ מערדער בעקומט, למשל 800 קלעפּ, און דער, וואָס פֿערלירט זרע — 2,000. דער זינדיגער טוט אויך תשובה הרג'ענענדיג שעדליכע ברואים, ווי שלאַנגען, פֿרעש, און ד. ג., אָדער, פֿער-קעהרט, ערנעהרענדיג נוצליכע בעשעפֿענישען, ווי דעם הונט. ער קאָן אויך אויסקויפֿען זיין זינד טועענדיג נוצליכע זאַכען פֿאַר דער געזעלשאַפֿט, אָדער שפּייזענדיג אָרימע לייט. די פּראַקטישע נוצליכקייט און די ליעבע צום לעבען — דאָס איז דער הויפּט-שטריך פֿון דער מאַזדעאישער רעליגיע. האָדעווען, למשל, בהמות און בעאַרבייטען די ערד — איז אַ העכסט פֿרומע זאַך. „ווער ס'זייעט ברויט — זייעט קדושה". בעת די תבואה גייט-אויף פֿאַלט אַ אימה אויף די שלעכטע רוחות, און בעת מ'מאָהלט זי — ווערען זיי צוריבען. דאָס אייגענטום בכלל איז גאַנץ הויך געשעצט. דער, וואָס האָט אַ הויז מיט אַ פֿאַמיליע איז פֿיעל חשוב'ער פֿאַר'ן וואַנדער-קבצן. די רייכקייט און קינדער איז הויך געשעצט, און די אויסגעלאַסענקייט איז דאַרום שטרענג פֿערבאָטען.

די רייניגונג פֿון טומאה האָט אויך אַ פּראַקטישען נוץ אַלס היגיענישע פֿאָדערונג. בעזונדערס שטרעבען די מאָראַלישע דינים צו אָרדנען די גע-זעלשאַפֿט, צו פֿערניכטען אַלערליי שלעכטס, וואָס דער מענש שאַפֿט אויף דער וועלט, און צו פֿערשפּרייטען איבעראַל וואוילטעטיגקייט. די מאָראַלישע שטרעבונג קומט אָפֿטמאָל צו אַ הויך-גייסטיגער מדרגה. „אין דיעזען הויז זאָל די געהאָרכזאַמקייט מנצח זיין די אונגעהאָרכזאַמקייט, דער אמת — דעם ליעגען, דער שלום — די מחלוקת, די פֿרייגיעביגקייט — דער קמצנות, די ענוה — דעם שטאָלץ, די גערעכטיגקייט — דער אונגערעכטיגקייט". מעהר פֿאַר אַלץ האָט די מאַזדעאישע רעליגיע געהאַסט דעם שקר, און די חובות, וואָס ברענגען דערצו, ווייל דער גאַנצער יסוד פֿון אָחרימאַנ'ס טעטיגקייט איז די פֿאַלשקייט, די רמאות. דער שטראָף פֿאַר שקר איז אָפֿטמאָל געווען באַרבאַריש-גרויזאַם. דער קעניג קאַמביז האָט אָבגעשינדען די הויט פֿון אַ פֿאַלשען ריכטער, און געזעצט זיין זוהן אויפֿ'ן שטוהל, וואָס איז געווען בעשלאָגען מיט'ן פֿאָטער'ס הויט.

ס'איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס אַזאַ ענערגיש פֿאָלק, ווי דאָס פּערסישע, האָט זעהר געטאַדעלט די פֿוילקייט אַלס שווערע זינד; דערפֿאַר פֿאַסט העניג צו זיין קריעגערישען גייסט די הויכע שעצונג פֿון עניוות און שלום. דאָס פֿערהעלטניס צו שוואַכע און אָרימע איז זעהר אַ גינסטיגע. צדקה

איז דאס בעסטע מיטעל צו בעקומען א טייל אין דער „מלוכה פון הימעל“. עד־היום עקזיסטירט אין פרס דער מנהג צו טיילען ביי א לויה קליידער און מתנות אָרימע־לייט אלס ירושה, וואס דער פערשטאָרבענער האט זיי איבער־געלאָזט. די מאַזדעאיסטישע מאָראַל בעצייכענט זיך אָבער נאָר צו גלויבינגע, און די איבעריגע מענשהייט געהערט צום שד. א נייעם מעדיצינישען מיטעל מוז, למשל, א רופא אויספּרובען פריהער צוויי מאָל אויף א ניט־גלויביגען, און פאַר די פאָלגען איז ער ניט פעראַנטוואָרטליך. איסערדעם איז די פערסישע מאָראַל צופיעל פאָרמאַליסטיש, טרוקען און פעדאַנטיש. די מאַטעריעלע נוצליכקייט האט אין גאַנצען פערשלונגען דאס וואוילטעטיגע געפיהל און די ליריק. די מצוות און עבירות ווערען גענוי בעלוינט און בעשטראָפט. דעם שטראָף אויף דער וועלט מיידט מען אוים דורך ריינונג, און אויף יענער וועלט — דורך מעשים טובים. אַזעלכע שווערע זינד ווי עסען נבלות, פערברענען א מת אָדער פערבראָכען געגען דער נאַטור — קאָן מען גאָר ניט אויסקויפען; אויף דער וועלט קומט פאַר זיי מיתה, און אויף יענער וועלט — גיהנם. תשובה שפּיעלט א קליינע ראָלע, און בעפרייט נאָר פון שטראָף נאָכ׳ן טויט.

---

## § 8. דער טויט, יענע וועלט און משיח־צייט.

דער טויט רעכענט זיך פאַר א שווערען קריזיס, בעת די שדים בעקומען א שליטה אויפ׳ן מענשען, מ׳מוז דאַרום אָננעהמען ענערגישע מיטלען געגען זיי. מ׳ריינינגט דעם גוסס, דער גלח זאָגט מיט איהם „ודוי“, מ׳גיסט איהם אין מויל און אין די אויערען דאס הייליגע געטראַנק פון אונ־שטערבליכקייט, האאָמאַ, און מ׳פיהרט אריין א הונט, כדי אַרויסצוטרייבען דעם שד דרוי, וואס האט א געשטאַלט פון א נבלה־פליעג. נאָכהער ריינינגט מען דאס הויז מיט פייער און בשמים־האָלץ, דער גלח זאָגט תפילות, און צוויי שומרים בלייבען שטענדיג ביים מת. די טרעגער, אָנגעטאָן אין ווייסען, לעגען דעם מת אויף א אייזערנע מטה, און די קרובים בעגלייטען איהם אין זיין איביגער רוה. ביי־נאַכט, בעת די שדים האָבען שליטה, אָדער אין א רעגען־וועטער, מאַכט מען קיין לויה ניט, כדי ניט מטמא צו זיין דאס וואַסער.

דעם מת טראָגט מען אַוועק צום דאַקמאַ, אָדער „טורעם פון שטילקייט“, פון וואַנען יעדער לעבעדיגער מענש מוז זיך דערווייטערען. דער טורעם איז געבויט, ווי א פּיראַמידע, הויך 12 פוס, און דער מת

ליגט אויף זיין דאַך ביז די רויב־פֿויגלען עסן אויף זיין פֿלייש, און דאַן איז מען מקבר די ביינער. דער דאַקמאַ, וואָס עקזיסטירט נאָך עד היום ביי די פּערסער אין אינדיע, שטעהט אויף פֿיער סלופּעס אַרומגעוויקעלט מיט וואָל, כדי אָבצוהיטען די ערד פון מת׳ס טומאה. פון רעגען איז דער מת אויך געשיצט דורך אַ גאַנצען סיסטעם פון רעהרען, וואו ס׳רינט אַראָב דאָס וואַסער. אַרום אומריינעם אָרט טאַנצען שדים, פֿערשפּרייטענדיג טומאה און קראַנקהייטען.

דריי טעג נאָכ׳ן טויט פֿייערט מען ימים־טובים לכבוד דעם מת. געגען שטוב פון מת צינדט מען אָן אַ פֿייער אויף דריי טעג, און אַ לאָמפּ— אויף ניין. מ׳ברענגט אַהין אַ קרוג וואַסער מיט פֿרישע בלומען, און די קרובים מיט די גלחים זאָגען תפלות. דעם צווייטען טאָג מאַכט מען אַני־עבודה אין פֿייער־טעמפּעל, און מ׳טיילט בעת די תפילות היילינגעס ברויט. דעם דריטען טאָג פֿייערען די קרובים צוזאַמען מיט די גלחים, מ׳טיילט נדבות אָרימע־לייט, און מ׳איז מפרסם די ירושה, וואָס דער פֿערשטאָרבענער האָט געלאָזען פֿאַר דער געמיינדע. און אויפ׳ן פֿריהמאָרגען פון פֿירטען טאָג, בעת די נשמה געהט אַרויף צום הימעל, איז מען מרבה אין תפילות און קרבנות, כדי צו פֿערבעסערען איהר שיקזאַל, און מ׳טיילט בגדים אָרימע־לייט, כדי דער מת זאָל ניט קומען נאַקעט צום יום־הדין.

די נשמה געהט איבער דער בריק קינוואַט, וואָס ליגט אויפ׳ן באַרג עלבורז, וואו דער הימעל עפֿענט זיך. די געטער סראַאָשאַ און מיטראַ האַלטען דאַן אָב אַ פֿאָרלויפֿיגען געריכט איבער דער נשמה און איבער איהרע גוטע און שלעכטע מעשים. איז די נשמה אומגערעכט געהט זי אויף אַ בריקעל דין ווי אַ האָר און פֿאַלט אַריין אין תהום פון גיהנם; איז זי גערעכט — געהט זי אויף אַ ברייטער בריק גלייך אין הימעל. באַלד דערפֿיהלט זי די בשמים־ריחות פון גן־עדן, און ביים טויער פון הימעל טרעפט זי אַ שעהנע, גלענצענדע יונג־פֿרוי. די נשמה פֿרעגט: „ווער ביזט, יונג־פֿרוי, די שענסטע פון די ווייבער, וואָס איך האָב געזעהען?" און בעקומט אַ ענטפֿער: „איך בין, מענש פון גוטע מחשבות, גוטע רעד און גוטע מעשים — דיין גוטע רעליגיע, דיין אייגענע אמונה".

דאָס לעצטע גליק פון מענשען בעשטעהט אָבער ניט אין דעם הימלישען גן־עדן־לעבען נאָכ׳ן טויט; ס׳מוז קומען די גליקליכע צו־קונפֿט, ווען די וועלט וועט פּטור ווערען פון אַלדאָס־ביזע, און דער גוטער פּרינציפּ וועט אין גאַנצען מנצח זיין דעם שלעכטען. ניין טויזענד יאָהר דויערט די וועלט. די ערשטע זעקס טויזענד קעמפֿען די גוטע מיט די

שלעכטע כחות, און די לעצטע דריי טויזענד, ווען דער שד שטארקט זיך לכתחילה, פיהרען ענדליך צו דער ממשלה פון הימעל, פון גליק און גוטס. איידער די הימעל-מלוכה פון ארמאזד וועט זיך בעוויזען, וועלען זיין שרעקליכע איבערקעהרענישען, ערד-ציטערנישען, שטורעם-ווינדען, און אלערליי שונאים וועלען פערפלייצען דאס איראנישע לאנד. בעת דער שד וועט אבער מיינען, אז ער האט שוין גאר מנצח געווען, וועט ערשיינען א שווארצער צייכען, און הושעדאר, דער זוהן פון זאראאסטער, וועט געבארען ווערען אין דער אויערע פראוזהאן. ער וועט צישלאגען די שונאים און שדים מיט דער הילף פון די גוטע מלאכים, און ס'וועט זיך אנהויבען די ערשטע טויזענד יאהר פאר משיח-צייט. דער אנדער זוהן פון נביא וועט הערשען אין די צווייטע טויזענד יאהר, בעת די הצטרכות פון מענשען וועלען ווערען זעהר קליין, די קראנקהייטען וועלען פערשווינדען, און די מענשען וועלען לעבען גליקליך. אחר־מאן וועט אבער דאן פרובירען דאס לעצטע מאל זיין גליק, און ארויסלאזען דעם מוראדיגען דראגאן אזי־דאהאקא, וואס וועט איינשלינגען א דריטעל פון אלע מענשען, און וועט חרוב און מטמא מאכען די וועלט, ביז דער געטליכער העלד קערעזאספא וועט איהם טויט-שלאגען. און דאן וועלען קומען די לעצטע טויזענד יאהר פון אמת'ער רוהע און גליק.

א יונג-פרוי וועט זיך באדען אין אזיערע קאזאוא, און שוואנגער ווערען פון די זרע, וואס זאראאסטער האט דארט פערלארען. זי וועט געבוירען דעם משיח זאאָסיאַנט, וואס וועט אויפשטעלען די לעצטע ארדנונג אין דער וועלט און אויפלעבען די מתים. יעדער נשמה וועט איינקלייבען איהר גוף, וואס איז צושפרייט געווארען אין די עלעמענטען, און דער מענש וועט בעקומען זיין פריהערדיגע געשטאלט. און דאן וועט פארקומען דאס לעצטע וועלט-געריכט. די בערג וועלען צוגאנגען ווערען אין א היסען מעטאל. די צדיקים וועלען איהם פיהלען, ווי ווארעמע מילך, און די רשעים — ווי פלאם-פייער. נאכהער וועלען אלע מענשען זיין אויסגעלייטערט פון זינד, און לויבען אין איין קול דעם גוטען גאט ארמאזד.

## § 9. די רעליגיע אונטער די סאסאנידען און דער מושלמאנישער הערשאפט.

בעת די סאסאנידישע דינאסטיע איז ארויף אויפן טראן, האט די מאזדעאישע רעליגיע בעקומען א נייע אויפלעבונג. די גלחים האבען געהאט

אַ שטאַרקן איינפֿלוס אויף דער פּאָליטיק, איבעראַל האָט מען געבויט נייע פֿייער-טעמפּלען, און די הייליגע ביכער פֿון אַוועסטאַ זענען געאָרדנעט און באַלויכטן געוואָרן. די ווייניגע מלכים, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַרונטערפֿאַלן אונטער דער השפּעה פֿון די גלחים, האָבן געהאַט אַ שלעכטן סוף. די אָפֿטע מלחמות צווישן די פּערסער און רוימער האָבן אויך געבראַכט צו פֿאַנאַטיזם און פֿערהאַסונג פֿון פֿרעמדע רעליגיעס, בעזונדערס קריסטענטום. אונטער שאַפּור II האָבן זיך אָנגעהויבן אין פּרס שווערע רדיפֿות אויף קריסטען, וואָס האָבן געדויערט 300 יאָהר. יאָזדעגאָרד II (438), וואָס האָט אידען אויך שטאַרק רודף געווען, האָט בעשולדיגט די קריסטען, אַז זיי בעטראַכטען דעמועלבען גאָט אַלס שעפּער פֿון גוטס און שלעכטס, מאַכען איהם פֿאַר אַ ילוד-אשה, און צושטערען די וועלט מיט זייערע נזירות. זייט 483, בעת די קריסטען האָבן אָנגענומען (די נעסטאָריאַנישע שיטה, האָבן זיי בכלל געלעבט רוהיג, און קאָזרו-פּאַרוויז האָט זיך צו זיי פֿערהאַלטען בעזונדערס גינסטיג; פֿון דעסטוועגען האָבן זיי זיך בעטייליגט אין זיין מאָרד, דערפֿאַר, וואָס ער האָט אין יאָהר 614 געראַובט דעם הייליגען קרייץ פֿון ירושלים.

די פּערסישע הערשער האָבען אויך שטאַרק פֿערפֿאָלגט די רעליגיעזע סעקטע פֿון מאַני, וואָס האָט זיך געגרינדעט אונטער שאַפּור I אויף קריסטליכע, אַלט-בבליאָנישע און פּערסישע יסודות. לויט דער בקשה פֿון די גלחים, האָט באַהראַם I פֿער'משפט דעם גרינדער מאַני, און אַרויסגעשטעלט עפֿענטליך זיין קאָפּ. סוף 5-טען יאָהרהונדערט האָט זיך ענטפּלעקט דער נייער קאָמוניסטישער נביא מאַזדאַק, וואָס האָט געפּרעדיגט, אַז דאָס אייגענטום און די ווייבער דאַרפֿען געהערען אַלעמען. דער קעניג קאַוואַד I האָט איהם לכתחילה געשיצט, אין יאָהר 528 האָט ער אָבער געמוזט פֿערניכטען זיין סעקטע.

די הייליגע ליטעראַטור איז געשריבען אין דער אַלטער זענד-שפּראַך, אין פּעלווי-לשון און פּערסיש. דער וויכטיגסטער ספר פֿון פּעלווי-טייל איז דער ב ו נ ד ע ה ע ש (ערשטע שעפּונג), וואָס בעהאַנדעלט אין 34 קאַפּיטלעך די וועלט-לעהרע און משיח-צייט. אַנדערע ביכער פֿון דיעזען טייל זענען פֿערפֿאַסט לויט דעם מאָדעל פֿון די אידישע און קריסטליכע אַפּאָקאַליפּסען (סמעוודאָ-נבואות), אָדער בעהאַנדלען פֿערשידענע רעליגיעזע טעמעס. פֿון פּערסישען טייל איז בעזונדערס וויכטיג דער סאַד-דאַר, וואָס ערקלערט פֿער-

שידענע דינים און מצוות. די נייע פּעהלווישע און פּערסישע ליטעראַטורען האָבען אויך געבראַכט טעאָלאָגישע ענדערונגען. דער שלעכטער פּרינציפּ פֿון דער וועלט ווערט, למשל, אָבגעשוואַכט און פֿערקלענערט, און עס ערשיינט אַ העכערע געטליכע קראַפֿט, וואָס האָט בעשאַפֿען ביידע כתות פֿון גוטס און שלעכטס.

בעת די אַראַבער האָבען איינגענומען פּרס, האָט די מאָזדעאישע רעליגיע אָבגעטראָטען דעם פּלאַץ דעם איסלאַם. נאָר אַ קליינע צאָהל מאָזדעאישע געמיינדעס זענען פֿערבליבען אונטער דער אַראַבישער הערשאַפֿט, בעזונדערס אין דערווייטערטע, האַלב-אונאָבהענגיגע געגענדען, ווי טאַבאַריסטאַן. אַ קליינער רעשט פֿון זיי, בערך 5000 מאַן, עקזיסטירט נאָך עד היום אין יאַזד, קירמאַן, אָדער אַלס סעקטישע אָבצווייגונג — אין באָמביי און גוזשאַראַט. די מאַזדעער, אָדער ווי די אַראַבער רופען זיי — גאַברס, האָבען אָפֿטמאָל געליטען פֿון מושלימאַנישע רדיפות, און האָבען קיינמאָל ניט בעקומען קיין גלייכע רעכטע מיט די מושלימאַנער. זייערע גלחים האָבען פֿון דעסטוועגען פֿאָרטגעזעצט די רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע און געשריבען אין פּערסיש נייע ספרים. פֿון זיי איז וויכטיג דער דעזאַטיר, וואָס גיט זיך אָן פֿאַר אַ זאַמלונג פֿון 15 אַלטע נבואישע ווערק.

געוויסע פּערסישע דינאַסטיעס, ווי די סאַמאַנידישע און גאַזנעווידישע, האָבען אַרויסגערופֿען אַ נאַציאָנאַל-פּערסישע רעאַקציע געגען איסלאַם. אין יענער צייט האָט אויפֿגעלעבט די פּערסישע ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט העלדען-געדיכטע. אונטער דעם שטאַרקען קעניג מחמוד האָט געלעבט דער בעריהמטער דיכטער פֿירדוזי פֿון טוס, וואָס האָט פֿערפֿאַסט דעם שאַך-נאַמאַ (מלכים-בוך), וועלכער רעכענט זיך צווישען די קלאַסישע ביכער אין דער וועלט-ליטעראַטור און זיין היסטאָרישער ווערט איז ניט קלענער פֿאַר דעם ליטעראַרישען, ווייל דאָס בוך בעהאַנדעלט אין פּאָעזיע די געשיכטע פֿון פּרס זייט דער לעגענדאַרישער עפּאָכע ביז נאָך די סאַסאַנידען. די רעליגיעזע אידעען פֿון בוך זענען געמישט מיט מאָזדעאישע און איסלאַמישע עלעמענטען.

די צאָהל פֿון די גלויביגע אין דער אַלט-פּערסישער רעליגיע דערגרייכט יעצט אין מערב-אינדיע ביז 85,000 בערך. זיי בעשעפֿטיגען זיך איבערהויפּט מיט מסחר און אינדוסטריע, און ליעבען בילדונג, בלייבענדיג דערביי טריי אַלע אַלטע מנהגים פֿון זייער פֿערצייטיגער רעליגיע. זייער גלויבען אין איין גאָט און זייערע מאָראַלישע זיטען דיענען אַלס פֿעסטע שטיצע פֿאַר דער מאָזדעאישער טראַדיציע, און די קריסטליכע מיסיאָנערען

האבען צווישען זיי א קליינעם ערפאלג. די אלטע שפראך פון אוועסטא איז אבער ביי זיי פערגעסען געווארען, און עס פעהלט זיך אין די געמיינדעס א שטרעבונג צו רעפארמירען געוויסע מנהגים און צערעמאניעס.

---

צוועלפטעס קאפיטעל

# די גריכען.

## § 1. די גריכען און זייער רעליגיע.

ווי אלע אנדערע קולטורעל ניעדעריגע פעלקער, האבען די ערשטע גריכען געגרינדעט זייער רעליגיע אויף געצענדיענערײַ און פערגעטערונג פון חיות, רוחות, מתים, א. ד. ג. זיי האבען מקריב געווען מענשען-קרבנות, געברויכט כשוף און פערעהרט געשלעכט-סימבאלען דורך אויסגעלאסענקייט. זייער רעליגיע האט זיך אויסגעצייכענט מיט א קינדיש-תאוהדיגען כאראקטער, וואס האט ווייניג געפאסט צום שפעטערדיגען העלעניזם, וועלכער דריקט זיך אויס אין „פערשטאנד, מאס און קלארהייט". דאס גריכישע פאלק האט מיט זיין כח-הדמיון און טיעפען פאעטישען געפיהל שטארק ענטוויקעלט די געטער-לעגענדען, וועלכע האבען פערבונדען די קונסט מיט דער רעליגיע; די עסטעטיק שאפט זיך אבער שטענדיג אויפ'ן חשבון פון דער מאראל. בעת די אידען האבען געלעבט אונטער שטרענג מאראלישע געזעצען, און די פערסער האבען פערבראכט דאס לעבען אין מלחמה מיט דאס שלעכטע און אומריינע — האבען די גריכען בעזונדערס געזארגט ניט פאר די געזעלשאפטליכע מאראל און ציוויליזאציע, נאר פאר'ן גליק פון פרט און מאמענט-פערגעניגענס. זיי זענען אליין מודה, אז אויף זייער ווארט און טרייהייט קאן מען נישט בויען, און אין די בעסטע צייטען האט זייער געזעלשאפט געפעהלט די מאראלישע פערבינדונג. די גריכישע פאליטיק איז קורצזיכטיג, און נאר דאס בעוואוסטזיין פון פערוואנדשאפט און שותפות'ע זיטען האט ביי די גריכען געקאנט שאפען די קולטורעלע איינהייט. די רעליגיעזע פליכטען האבען ביי זיי געשפיעלט א קליינע ראליע, און די אמונה איז שטענדיג געבליבען ביי איהר ארטיגען כאראקטער. די גריכישע רעליגיע האט פון דעסטוועגען געהאט א גרויסען

איינפֿלוס אויף די איראַניאַישע אמונות און אויף פֿיעל אידעען פֿון קריסטענטום.

פֿערשיעדענע אויסשריפֿטען, אַלטע מטבעות, געצען און געמאָלטע וואַזעס, וואָס מ׳האָט אויסגעגראָבען אין גריכענלאַנד, גיבען אינז אַ בעגריף פֿון דער גריכישער רעליגיע. איהר היילינגע ליטעראַטור, ווי תפילות און געדיכטע, וואָס מ׳האָט געזונגען ביי דער עבודה, איז ליידער פֿערשוואונדען געוואָרען. און די וועלטליכע ליטעראַטור, בעזונדערס הערמאָט, בעריהרט די רעליגיע נאָר פֿערבייגעהענדיג.

---

## § 2. די עלטסטע קולטען און געטער.

די ערשטע גריכען האָבען פֿערגעטערט די נאַטור און איהרע עלעמענטען. די טייכען, למשל, זענען פֿערעהרט געוואָרען אַלס געטער (נימפֿען), און די מוזען זענען אויך לכתחילה געוועזען נאָר פֿעלד-געטער. דער קולט פֿלעגט פֿאָרקומען אונטער׳ן פֿרייען הימעל, אין היילינגע וועלדער, וואו מ׳האָט אויפֿגעהאַנגען געצען און מתנות פֿאַר די געטער אויף היילינגע בוימער. מ׳האָט אויך פֿערעהרט פֿעלזען-שטיינער און חיות, ווי שלאַנגען, צו וועלכע מ׳פֿלעגט מקריב זיין האָניג-ביסקוויט אַלס שיצער פֿונ׳ם לאַנד. געוויסע בעשעפֿענישען האָט מען בעטראַכט פֿאַר נבואה-זאָגער, ווי וועלף און פֿויגלען. אין טעמפּעל פֿון אַפּאָלאָן סמינטע זענען די מייז געבליבען פֿערעהרט אויך אין שפּעטערע צייטען. זאָגאַר די שפּעטערע געטער אַליין פֿלעגען אָפֿטמאָל בעקומען אַ געשטאַלט פֿון אַ חיה, אָדער מגולגל ווערען אין געוויסע בעשעפֿענישען.

די מתים האָבען געהאַט אַ בעזונדער כח, און אין מתים יום-טוב, וואָס פֿאַלט אויס אין פֿעברואַל, פֿלעגט מען בעשווערען די טויטע, אַז זיי זאָלען ניט קומען צווישען די לעבעדיגע, פֿערשטעקענדיג דערביי די טהירען פֿון די הייזער מיט פּעך און בלעטער. מ׳האָט זיי אויך מקריב געוועזען מענשען-קרבנות, כדי מפיים צו זיין. דער מנהג צו שחט׳ן דאָן אַנאָקס אויף די קברים האָט עקזיסטירט זאָגאַר אין די שפּעטערע צייטען, חאָטש סאָלאָן האָט איהם פֿערבאָטען.

אַנ׳אמת׳ן קולט האָבען די אַלטע גריכען געווידמעט די ערד-געטער, וועלכע ווערען בעטראַכט צוגלייך אַלס שיצער פֿון פֿעלד-אַרבייט און פֿרוכט-באַרקייט, ווי אויך אַלס הערשער איבער דער מתים-וועלט. האַרעס און זיין באַג-

דע ציקלאָפּען מאַכען אַסעודה פון טויטען קערפּער, און די רוחות ערינ יעס רעכענען זיך מיט'ן מענשען, וואָס פערגיסט בלוט. דער אָפּפערער, וואָס ברענגט אַקרבן כדי זיי צו בערוהיגען, וויקעלט זיך איין אין אַ ווייסע טוך (ווייס איז דער סימבאָל פון טויט) און קלאַפּט אָן דהערה כדי אַרויסצורופען די גייסטער.

אין די שפּעטערע צייטען האָבען זיך די גריכען נאָך טהג געווען צו עהרען דורך ספּעציעלע ימים־טובים דעם אָנדענקען פון די ערשטע פאַמיליע־פאַטערס און די גרינדער פון שטעדט. דאָס שטאַמט פון עלטערן־און העלדען־קולט. לויט דער גריכישער אַנשויאונג, עקזיסטירען די העלדען, די ערשטע עלטערען און די גרויסע מענשען נאָכ'ן טויט ווי פריהער; מ'האָט זיי דאַרום געבויט שענע קברים מיט קופּאָלען, און בעוואָרגט מיט שפּייז און אַלערליי נויטיגע כלים. זייער נשמה רוהט אָפּט צווישען די לעבעדיגע, אונטערן שוועל פון וואוינונג אָדער אין אויווען; מען פערעהרט זיי דאַרום צו הויז. איבערהויפּט אָבער בויט מען מזבחות פון זייער כבוד וועגען אויפ'ן בית־עלמין. אָפטמאָל זענען זאָגאַר געוויסע געטער, ווי פּערסע, טהעזע אוןִ אילים, בעטראַכט געוואָרען אַלס העלדען, וואָס האָבען אַמאָל געלעבט צווישען מענשען. דאַגעגען אַנדערע קליינע געטער, וואָס זענען לכתחילה געווען ממינה אויף געוויסע ערשיינונגען פון דער נאַטור און דער מענשליכער טעטיגקייט — זענען שפּעטער פעראייניגט געוואָרען אין אַלגעמיינע הויפּט־געטער.

---

## § 3. האָמער.

די צוויי קלאַסישע פּאָעמען „איליאַדע“ און „אָדיסעע“ (8—10־טען יאָהרהונדערט פאַר ק.), וואָס טראָגען דעם נאָמען פון דיכטער האָמער, זענען, אמת, ריין־קינסטלערישע און ניט קיין רעליגיעזע שעפּפונגען; זיי זענען אָבער זעהר וויכטיג פאַר דער רעליגיעזער ענטוויקלונג פון גריכענלאַנד, ווייל אין זיי האָבען די געטער ענטגילטיג בעקומען זייער נאָמען, אויפגאַבע און געשטאַלט. די געטער זענען אונשטערבליך, שטאַרק און גרויס, זייער קראַפט איז בעגרענעצט, זיי קאָנען ליידען אָדער ניזק ווערען אין מלחמה צווישען זיך, זיי עסען דאָס הימעל־שפּייז אַמבראָזיע און טרינקען נעקטאַר, קריגען און בעטריגען זיך אָפּט, און נעהמען נקמה פאַר מענשען פאַר בעליידיגונגען. צעאום אַליין איז ניט געזיכערט פון אינטריגעס

און אומגליקען. דיעזער זוהן פון קראָנאָס איז דער פאָטער פון אַלע געטער און מענשען, און קעניגט אונבעגרענעצט איבער דער וועלט. זיין פרוי העראַ איז די געטין פון הייראַט און געבורט. יונגערע זוהן פון קראָנאָס זענען פּאָסיידאָן און האַדעס, דער דונקעלער הערשער פון דער מתים־וועלט. צעאוס האָט זוהן, ווי אַרעס און הערמעס, און אַ טאָכטער אַפראָדיטע, די „גאָלדענע" געטין פון תאוה, וואָס „בעצויבערט און פערפיהרט דעם מענשען. אויף אַ הויי־כע מדרגה שטעהען אויך אַפּאָלאָן און די טאָכטער פון צעאוס, אַטהענע, די געטין פון קריעג.

דער קולט איז ביי האָמער'ן געשילדערט אין אַ פּרימיטיווער פאָרם. מ'פערעהרט שטאַרק די מתים, דער פאָטער פון פאַמיליע אָפּפערט לכבוד צעאוס'ן, און די צערעמאָניעס ווערען געמאַכט מעהר אין הייליגע וועלדער, ווי אין טעמפּלען. ביי געוויסע געלעגענהייטען האָט מען מפיס געווען די געטער מיט קרבנות און תפילות, און אַז זיי האָבען ניט ממלא געווען די בקשה, פלעגט דער מתפלל אָדער אָפּפערער זיי גאַנץ אויסזידלען. מ'האָט מקריב געווען אָקסען, שאָף און חזירים, און דער פערברענטער טייל פון קרבן פלעגט אויפהויבען אַ רויך, וועלכער איז געווען אַנגענעהם פאַר די געטער. לויט דעם אויסזעהען פון פלאַם און רויך פלעגט מען אויסטייטשען די צוקונפט. דער אָפּפערער פלעגט זיך פריהער ריינינגען מיט וואַסער, וועלכעס פלעגט אויך געגאָסען ווערען אויפ'ן מזבח פאַר'ן און נאָכ'ן אָפּפער־מאָלצייט.

די צוקונפט טרעפט מען אויך דורך אויסטייטשען דעם פויגעל־פליה און חלומות, אָדער דורך פאַרגעפיהל און נבואה פון אַ גאָט. האָמער ווייס אָבער, אַז די חלומות נאַרען דאָס רוב מאָל, ווייל די וועלט פיהרט זיך ניט דורך אַ גערעכטע השגחה, און די געטער האָבען אָפט הנאה צו פער־בלענדען און פערפיהרען דעם מענשען. ס'הערשט אַ בלינדער און פאַטאַ־לער מזל (מוירא), פון וועלכען די געטער קאָנען אויך ניט ניצול ווערען. דער מענש זוכט, אמת, הילף ביי די געטער, וועלכע זענען שטאַרקער פון איהם, ער האָט אָבער אין זיי ניט קיין אינערליכען פערטרויען, ווייל ס'איז ניטאָ קיין מאָראַליש־רעליגיעזער צובונד צווישען זיי. ער האָט נאָר אַכטונג פאַר זייער אונשטערבליכקייט, בעת די מענשליכע דורות „פאַלען ווי בלע־טער פון בוים".

נאָכ'ן טויט פיהרט דער מענש אַ שוואַכע און טרויעריגע עקזיסטענץ פון אַ שאָטען אין דער אונטער־וועלט, וואָס הייסט טאַרטאַר אָדער האַדעס. אַשיל וויל בעסער זיין אַ לוין־אַרבייטער אויף דער ערד, איידער אַ קעניג אין

דער מתים־וועלט. אן אנדער שילדערונג בעשרייבט אונז דעם גהינם אונטער דרערד, וואו מ'ווערט געשטראפט פאר זינד, בעזונדערס פאר א פאלשע שבועה. דער גן־עדן, אדער די פעלדער פון עליזעאום, געפינען זיך אויף דעם אינזעל פון די גליקליכע, וואו ס'בלאזען אנגענעהמע בשמים־ווינדען.

# § 4 העזיאד.

אין זיין היפשער פאעמע „ארבייט און טעג" דערצעהלט אונז העזיאד די לעגענדע פון פראמעטעאוס, וואס האט געשענקט דעם מענשען דאס פייער אלס גוטע מתנה, און פון צעאוס, וואס האט איהם געשענקט די פרוי פאנדארע, וועלכע האט געעפענט איהר וואזע און פערשפרייט אלע צרות אויף דער וועלט. אן אנדער לעגענדע טיילט דארט איין די געשיכטע פון דער וועלט אין פינף עפאכען. אין דער ערשטער גאלדענער עפאכע האבען מענשען געלעבט גליקליך, ווי געטער אונטער דער לייטונג פון קראנאס, און נאכ'ן טויט זענען זיי געווארען גוטע „דעמאנס", וואס שיצען דעם לעבעדיגען מענשען און בעווארנען איהם מיט כל טוב. אין דער צווייטער זילבערנער עפאכע, האט דער מענש געלעבט הונדערט יאהר, ווי א צופרידען קינד, און אז ער האט אנגעהויבען בונטעווען זיך פון גאוה געגען די געטער, האט איהם צעאוס פערניכטעט. אין דער קופערנער עפאכע איז דער מענש געווען קריעגעריש און בלוט־דורשטיג. אין דער פירטער עפאכע האבען געלעבט די געטליכע העלדען, וואס האבען געקעמפפט אין טראיא, און די געגענווארטיגע אייזערנע עפאכע האט געבראכט דעם מענשען נאר צרות און דאגות. די וועלט, הייסט עס, ווערט וואס ווייטער ערגער, דער מענש מוז אלזא אויסבעסערן זיין טרויעריגען שיקזאל נאר דורך ארבייט און מעשים־טובים. און העזיאד בעשרייבט אונז אומשטענדליך, ווי א מענש זאל פראקטיש־קלוג לעבען אויף דער וועלט און יוצא זיין פאר גאט און לייט.

אין זיין צווייטער פאעמע „קאסמאגאניע", שטעלט העזיאד פאר די ערשטע כחות פון דער בריאה אין געשטאלט פון געטער. די היפש־געטין גאיא האט געבוירען משונה'דיגע ריזען, אדער טיטאנען, און צעאוס מיט זיין מחנה האט זיי בעזיעגט. דער היבשער וויל, ווייזט־אויס, דערמיט בעצייכענען, אז די הארמאניע האט ביסלעכווייז בעזיעגט אין דער נאטור די ערשטע גראבע, אונגעארדענטע קרעפטען.

## § 5 די געטער.

די גריכישע מיטאָלאָגיע שטעלט פאָר די געטער, ווי פערוואַנדטע אין אַ אַלגעמיינער פאַמיליע. אוראַנאָס (הימעל) און גאַיאַ (ערד) האָבען געבאָרען קראָנאָס (צייט), און זיין זוהן הייסט צעאוס. אַ טאָכטער פון קראָנאָס איז אויך העסטיאַ, די אַלטע פאַמיליע־געטין, וואָס בעשיצט דאָס פייער אויפ'ן קאַמין. צו איהר האָט געהערט דער צענטראַלער טעמפעל פון דער מלוכה, און יעדע נייע גריכישע קאָלאָניע פלעגט פון דאָרט מיטנעהמען היילינגעס פייער. אַ ממונה איבער דעם נאַטירליכען פייער איז דער גאָט העפעסטאָס, וואָס בעשיצט די שמידען; דאַגעגען ברענגט פראָמעטעאוס דאָס פייער פון הימעל, אָדער שאַפט עס דורך מענשליכע מיטלען.

אַ עלטערע שוועסטער פון צעאוס איז די ערד־געטין דעמעטער, און איהר טאָכטער קאָרע, אָדער פערסעפאָנע איז די געוויקס־געטין, וואָס בעקליידעט די ערד מיט אַ בלומען־מאַנטעל. זי איז אויך געוואָרען אַ אונטער־ערדישע געטין, וואָס הערשט איבער דער מתים־וועלט. פּאָסיידאָן, וועלכער איז פריהער געוועזען אַ פעלד־גאָט, וואָס שפּייזט די פערד, איז שפּעטער געוואָרען אַ ים־גאָט, וועלכער רייט אויף די אינדען ווי אויף אַ פערד. פיעל פערשיעדענע געטער האָט אָבער פעראייניגט אין זיך צעאוס, דער פאָטער פון די געטער, וואָס זיצט אויפ'ן העכסטען אָלימפּ, וועלכער שניידט־דורך די וואָלקענס. זיין אויג בעטראַכט אַלץ, וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט, און ער שטראָפט שטרענג די זינדיגע. דער באַרג אָלימפּ איז בערימט געוואָרען אַלס וואוינונג פון די געטער צוליעב דעם קולט, וואָס מ'האָט געווידמעט צעאוס'ן. דיעזער גאָט האָט זיך אין פיעל ערטער פערמישט מיט די אָרטיגע געטער, און האָט בעקומען פערשיעדענע אייגענשאַפטען, אַריינדרינגענדיג טיעף אין דעם גריכישען לעבען. זיין אָראַקעל איז געוועזען הויך געעהרט, און האָט געשיטצט דאָס רעכט, און דעם נאַציאָנאַלען טעריטאָריום. צעאוס האָט געשאַפען אין גריכענלאַנד אַ גייסטיגען צענטער, קינסטלער ווי פידיאַס און דיכטער ווי האָמער האָבען לכבוד איהם די שענסטע ליעדער געשאַפען און פּלאַסטיקען, זענען דורך איהם געקומען צום געדאַנק פון דער געטליכער איינהייט.

הערא, די פרוי פון צעאוס, איז די קעניגין פונ'ם לאַנד, וואָס שיצט די פרוי ביים געווינען און סימבאָליזירט דאָס פאַמיליען־גליק און מוטער־נחת. זי איז געשילדערט מיט אַ קאָפּ פון אַ קוה, און האָט פיעל בערימטע טעמפּלען. אין אַרגאָס פלעגט מען אַלע יאָהר פייערן איהר היילינגע חתונה

מיט צעאוס'ן, מהאָט איהר פיגור אויסגעפוצט אַלס כלה מיט בלומען און קרוינען, און אויסגעפלאָכטען פאַר איהר אַ בעט פון ריטער.

אַטענע איז פריהער געווען אַ נאַטור-געטין, וואָס איז ממונה איף די לופט-כחות און פלאַנצונגען ווי דער איל-בוים, וועלכער איז פערהייליגט געוואָרען אין אַטיקע אַלס מפרנס. שפּעטער איז זי געוואָרען אַ פּאָליטישע און קולטור-געטין, וואָס איז ממונה איף אינדוסטריע, היגיענע, בילדונג און געזעלשאַפטליכעס לעבען. געענדערט האָט זיך איך די ראָלע פון הערמעס. פריהער איז ער געווען אַ העררען-גאָט, וואָס האָט, לויט דער לעגענדע, געגנבעט אָקסען, און דערנאָך איז ער געוואָרען דער גאָט פון סוחרים און גנבים. זיין פּלאַץ אַלס העררען-גאָט האָט דאַן בעזעצט פּאַן, וואָס איז געשילדערט אַלס הירט מיט אַ פייפעל. אַ הירטען-גאָט איז אויך געווען אַפּאָלאָן, וועלכער האָט אין דער יוגענד געפיהרט אַ ליעבע מיט די הירטען-טעכטער; שפּעטער האָט ער אָבער בעקומען גאַנץ פערשידענע איינגעשאַפטען אַלס ליכט-גאָט, הימלישער גלח און טרעפער, און ד. ג.

אַרטעמיס איז די געטין פון העלדער און חיות, פון וואַקסען און פרוכטבאַרקייט. אין אַטיקע פלעגען יונגע פריילינס טאַנצען לכבוד איהר דעם „בערן-טאַנץ", און איפין טיגעט-באַרג, זאָגט מען, האָט מען איהר געאָפּפערט קעז פון ליבען-מילך. מיט דער צייט איז זי אויך געוואָרען די שיצערין פון דער מענשליכער פרוכטבאַרקייט און דער פרויען-צניעות, און די געטין פון דער לבנה, וועלכע האָט אַנאַיינפלוס, לויט דער פערצייטיגער מיינונג, איף דער פרוכטבאַרקייט פון דער פרוי. אין קליין-אזיען האָט זיך אַרטעמיס פעראייניגט מיט דער פרוכטבאַרקייטס-געטין עשתרות, און די גריכען האָבען גענומען אַ ענערגישען אַנטייל אין איהר תאוה-קולט. דעם אמת'ן חאַראַקטער פון דיעזער סעמיטישער געטין האָט אָבער אָנגענומען אַפראָדיטע, וועלכע די גריכען האָבען אָנגעהויבען גאַנץ פריה צו פערעהרען. זי איז געשילדערט אין אַ געשטאַלט פון אַ נאַקעטער פרוי, און דיעזע שילדערונג האָט אין דער קונסט ענטוויקעלט די עסטעטיק פון דער פאָלשטענדיגער קערפּערליכער פאָרם. דיעזע געטין האָט אָבער אויך געבראַכט צו אויסגעלאַסענהייט דורך דעם זנות-קולט, וואָס איז פאָרגעקומען אין איהרע טעמפּלען. די ליעבע-געטין אַפראָדיטע איז אויך ממונה איף דער פרוכטבאַרקייט פון דער נאַטור, און בעת ס'קומט דער שענער פריהלינג געהט זי, לויט דער לעגענדע, דורך פעלד און וואַלד זוכען איהרע געטליכע ליעבענדע. איהר בעסטער ליעבהאָבער איז דער סורי-

שער גאָט אַדאָניס, וואָס סימבאָליזירט די גרויסאַרטיקע זומער-שפּראָצונג, און בעת ער שטאַרבט ווינטער-צייט, קלאָגט אויף אים יאָמערליך די פאַרליבטע גאָטין.

די פאָלקאָמע מעגליכע פאָרם האָט באַקומען די געשטאַלט פון אַרעס. אַ גאָט, וואָס קומט פון טראַקיע, אין צפון-זייט פון גריכנלאַנד. פיל וויכטיגער פאַר אונדז איז אָבער אַן אַנדערער טראַקישער גאָט, דיאָניזאָס (באַקכוס), וועלכער איז פאַרערט געוואָרן אין זיין היימאַט דורך אַ ווילד-לייַדנשאַפטליכן קולט. די גלויביקע פלעגן זיך אויפקלייבן ביינאַכט אויף אַ באַרג און פלעגן אַרייַן אין אַ משוגעדיקן עקסטאַז דורך רוישנדע מוזיק, באַרבאַרישע קולות און ווילדע טענץ; די פרויען פלעגן פונאַנדערלאָזן זייערע האָר איבער ווינט, און די מענער פלעגן פאַכען מיט די שווערדן; און צום ענדע פלעגן אַלע אַרויספאַלן מיט אַ ווילדן איבערפאַל אויף די קרבנות, זיי צוררייסן מיט די ציין און שלינגען דאָס רויע פלייש. ביי די גריכן איז דיאָניזאָס געוואָרן אַ פרייליכער ווייַן-גאָט, וואָס איז זייער פּאָפּולער ביים פאָלק. זיי האָבן אויך איבערגענומען זיין עקסטאַז-טאַנץ — אַ טאַנץ, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט ווי אַ עפּידעמיע צווישען דאָס הוב אַלטע פעלקער, ווי די ווילדע, אַזוי די ציוויליזירטע. דורך דיעזען טאַנץ פלעגט מען קומען צו הייליגער התפעלות און צו אָראַקול-נבואה. מיט דעם קולט פון דיאָניזאָס האָבן זיך אָבער אויך פאַרבונדן געשלעכטליכע אויסגעלאַסענהייט און באַרבאַרישע אכזריות. מ'זאָגט, למשל, אַז די מענאַדן פלעגן פון ווילדער התפעלות צוררייסן קליינע קינדער און שלינגען שטיקער פון זייער וואַרימען פלייש.

---

## § 6 די האַלבע געטער, העלדן און דעמאָנס.

דער בערימטסטער פון די האַלבע געטער איז העראַקלעס. ער איז געשילדערט אין דער לעגענדע אַלס העלד, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך די גרעסטע מענשליכע קראַפט, און איז דורך שווערע לייַדן געקומען צו דער העכער געטלעכער מדרגה. העראַקלעס איז, ווייַזט-אויס, אַן אָרטיגער גאָט, וואָס האָט באַקומען אַ פּרסום, אָדער אַ היסטאָרישער העלד, וואָס איז פאַרגעטערט געוואָרן, און שפּעטער אַ פאַרבינדונג פון ביידן. דאָס זעלבע העלדן, וואָס האָבן געגעבן, לויט האָמער, אַן אָנטייל אין טראָיאַ-קריגע, ווי אַגאַמעמנאָן, קליטעמנעסטרע, קאַסאַנדרע און אַנד., זייַנען אויך פאַרצי-

פיגע ארטיגע געטער. די הויפט-העלדין, די שענע העלענע, איז געוועזן פער-געטערט אין פיעל ערטער אלס בעשיצערין פון בוימער, אדער פון יונגע פריילינס.

דער קולט פון די העלדען האט זיך בעזונדערס ענטוויקעלט פון 9-טען ביז 7-טען יאהרהונדערט פאר'ן קריסט. פון איין זייט זענען דאן די פארצייטיגע געטער אראבגעשטיגען אויף א נידעריגערע מדרגה פון העל-דען, און פון דער צווייטער זייט זענען יענער צייט פערפאסט געווארען די עפישע לעגענדען, וואס האבען פערגעטערט פיעל היסטארישע פערזאנען און בעטראכט די הערשענדע פאמיליעס אלס אבשטאמענדע פון געטער. אויסערדעם האבען זיך די גריכען אין דיזער עפאכע ענטגילטיג בעזעצט אין זייער לאנד, און ס'האבען דארום געקאנט געבארען ווערען ארטיגע געטער, וואס טראגען א כאראקטער פון העלדען.

נעבען דעם גאט-מענש האבען די גריכען געשטעלט דעם ד ע מ א ן, אדער דעם געטליכען כח, וואס ווייזט זיך ארויס אין אלע פלוצלונגע ער-שיינונגען. יעדע קראנקהייט, יעדעס אומגליק האט זיין דעמאן. טהעא-גניס און פינדאר האבען שוין געטענהט, אז יעדען מענשען ווערט ביי זיין געבורט געגעבען א דעמאן, וואס פיהרט איהם צום גליק אדער אומגליק. די שפעטערע פילאזאפען האבען עס אויסגעטייטשט פסיכאלאגיש: „דער ג ע ו י ס ע ן פונם מענשען איז זיין דעמאן".

---

## § 7 די לעגענדען.

די מיטען, אדער די געטליכע לעגענדען זענען געבליבען פיעל הונדערט-טער יאהרען אין אנדענקען פון גריכישען פאלק, צוליעב זייער קינסטלערישען און רעליגיעזען ווערט. די קינסטלער האבען אין דיזע לעגענדען געפונען א רייכען שטאף פאר זייער פאנטאזיע, און א בעפרידיגונג פאר זייער שטרע-בונג צו אידעאליזירען אדער פערגעטערען די נאטור; און די רעליגיע האט אין די געפונען א ערקלערונג צו פיעל מנהגים און בעגריפען. זאגאר דער קריטישער גייסט, וואס איז שוין וואך ביי האמער און העזיאד, האט יא-חב שלום געמאכט מיט דער לעגענדארישער טראדיציע, און האט אין איהרע קינדישע, אפטמאל נארישע ערצעהלונגען, אריינגעלעגט נייע געדאנקען און פארשטעלונגען. אטענע איז געווארען דער שכל, ארעס — די טארישקייט, אפראדיטע — די לוסט, און ד. ג. דענקער ווי סאקראט האבען זיך אבער

בעת א זוהן פלעגט ערגעץ געבארען ווערען, האט מען אויף דער טהיר אויפגעהאנגען א קראנץ פון אליווען-בלעטער; און ביי א טאכטער — האט מען אויפגעהאנגען א שטיק וואל-צייג. דאס האט געווארנט די אויסערליכע מענשען, אז זיי זאלען ניט אריינגעהן אין שטוב, וואו זיי קאנען טמא ווערען. אין די ערשטע זעקס וואכען האט מען די געווינערין און דאס קינד גערייניגט דורך פערשידענע צערעמאניעס.

בעזונדערס פיעל צערעמאניעס פלעגען פארקומען ביי א חתונה, פריהער האט מען מקריב געווען קרבנות צו פערשידענע געטער, און נאכהער פלעגט מען אפפערן א בעשעפעניש אדער א וועלעשע נוס צו הערא, כדי זי זאל פערהיטען דאס פאר-פאלק פון צער. אין טרעזען האט די כלה געאפפערט איהרע האר צו היפאליט, און אין אנדערע ערטער האט מען זי געטובל'ט, און דער חתן פלעגט זי ארויסגנב'ענען פון פאטער'ס הויז. די חתונה איז געפייערט געווארען מיט ליכט-פראצעסיעס, געזאנג און מוזיק, און דעם מאלצייט פלעגט דאס רוב צוגרייטען דער כלה'ס פאטער.

דער טויט איז אויך געווען בעגלייט פון פערשיעדענע צערעמאניעס. פארצייטען האט מען די מתים פערברענט, נאכהער — מקבר געווען, און דאס האט זיך גערעכענט פאר זעהר א הייליגע פליכט, ווייל די אונטערערדישע געטער פערלאנגען דעם טויטען קערפער, וואס קומט זיי, און די אויבערשטע געטער ווילען, אז מ'זאל דעם טמא'דיגען מת וואס גיכער צונעהמען פון זייערע אויגען. דעם מת האט מען מקבר געווען איידער די זון געהט אויף, כדי זי זאל איהם ניט אנקוקען. דאסועלבע האט מען נישט געגראבען קיין קברים אויף דער הייליגער אינזעל דעלאס. דעם מת האט מען מטהר געווען, געזאלבט, אנגעטאן ווייס און געקרוינט דעם קאפ. ביי דער טהיר פלעגט מען אפט שטעלען א קריגעל וואסער; און דאן האט זיך יענער אנגעהויבען דאס בעקלאגען, וואס האט געדויערט א פאר טעג. יענע וואס זענען געשטארבען אויפ'ן ים אדער אין דער פרעמד, האט מען אפט געשטעלט מאנומענטען. דעם 3-טען, 9-טען און 30-טען טאג נאך דער קבורה, די אין יאהר-צייט פון טויט אדער געבורטס-טאג פון מת, האבען זיינע קרובים געבראכט קרבנות און נסכים. א ספעציעלער יום-טוב איז בעשטימט געווארען אויף אויסקויפען די עבירות אדער נאכלעסיגקייטען געגען די מתים.

פרעמדע קולטען זענען ערלויבט געווען אין גריכענלאנד, כל-זמן

זיי זענען געווען אַ פּריוואַט־זאַך און האָבען ניט געקעמפפט מיט דער אָפפי־
ציעלער רעליגיע, אָדער האָבען ניט בעגאַנגען קיין געהיימע זינד — אַ זאַך,
וואָס פלעגט אָפט פאָרקומען. אָפטמאָל האָבען פרעמדע געטער געפּרובט
אַריינדרינגען זאָגאַר אין עפענטליכען קולט, ווען די פאָלקס־פערזאַמלונג
און דער אָראַקול פון דעלפע האָבען דערצו מסכים געווען; די פרעמדע
קולטען האָבען אָבער קיינמאָל ניט בעקומען קיין גרויסע חשיבות, און
האָבען נאָר געהאַט אַ שייכות צו די מיסטישע צערעמאָניעס פון די אַבער־
גלויבער און ווייבער. פאַר אַ פרעמדען פּראָדוקט האָט זיך אויך גערע־
כענט דער כשוף, וואָס קומט פון מצרים און פרס; די מכשפות, בע־
שווערונגען, ליעבעס־סגולות, עין־הרע און ד. ג. האָבען פון דעסטוועגען
געשפּיעלט אַ געוויסע ראָליע אין גריכישען לעבען.

---

## § 9. די אָראַקולן, ימים־טובים און שפּיעלען.

די גריכען פלעגען אויסדייטען די צוקונפט לויט פערשיעדענע
סימנים: דאָס קלאַפּען פון אַ מויז, צוזאַמענטרעפונגען, צופעליג געהער־
טע ווערטער, און ד. ג. פאַר דער מפלה פון ענאָס־פּאָטאַמאָס איז אַראָפּ־
געפאַלען אַ שטיין פון הימעל, און צוליעב אַ לקוי־לבנה האָט ניציאַס איינ־
געלאָזען די הערשאַפט פון סיציליע. די טרעפער פלעגען בעגלייטען די
אַרמעע אין קריעג, די אָנפיהרער האָבען געפאָלגט זייערע נבואות, און
די פילאָזאָפען האָבען זיי ערקלערט. די נבואות קומען פון די געטער,
און די גלחים, ווי די מאַגיסטראַטען, פלעגען בעטראַכטען דאָס איינגע־
ווייד פון די קרבנות, די שטערן און די בליצען, כדי צו טרעפען די
צוקונפט.

די אָראַקולן פון צעאוס, אַפּאָלאָן און אַנדערע נאַציאָנאַלע געטער, פלע־
גען מודיע זיין די צוקונפט דורך סימנים און גורלות, און היילען קראַנ־
קע דורך חלומות. אַ בעזונדער גרויסען איינפלוס אויף דער גריכישער
קולטור האָט געהאַט דער אָראַקול פון דעלפע, דער „נאָפּעל פון דער
ערד". דיעזער אָראַקול, וואו די פּיטהישע נביאה פלעגט בעגייסטערט
ווערען דורך דעם דאַמפף, וואָס שטייגט אויף פון דר'ערד — האָט פער־
שטאַרקט די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע איינהייט, און האָט געגעבען זיין
היילינגע הסכמה צו די נייע גריכישע קאָלאָניעס און די אַלטע געזעצען
פון סאָלאָן און זאַלייקאָס. דאָרט האָט די מענגע בעזוכער געלאָזען די

געבאָטען פון די „זיבען חכמים", וואָס האָבען געוועקט ביים פאָלק דאָס מאָראַלישע געפיהל.

דער דעלפישער אָראַקול האָט אויך מוחל געווען די שווערע זינד פון די מערדער. פארצייטען האָט זיך דער מאָרד אין גריכענלאַנד גערעכענט פאר א פּריוואַט-פערברעכען, פאר וועלכען די קרובים פון נע-הרג'עטען נעהמען נקמה; נאָכהער האָבען די רוצחים בעצאָהלט א גע-וויסע סומע אלס שטראָף, און ענדליך איז דער מאָרד בעטראַכט געוואָ-רען אלס גרויסע מאָראַלישע זינד, וועלכע דער אָראַקול פון אפּאָלאָן איז מוחל, אויב מ'נעהמט אויף זיך א געהעריגע תשובה. אויסערדעם איז דער דעלפישער אָראַקול פערבונדען געוואָרען מיט דער גרעסטער פאָלקס-אָרגאַניזאַציע פון 12 גריכישע שבטים, וואָס פלעגען זיך דאָרט פערזאַמלען צוויי מאל א יאָהר כדי צו „זיפטיגען פערשידענע סכסוכים. פאר מהלל זיין די הייליגקייט פון דער גריכישען טעמפעל האָבען דיזע שבטים איינינגע מאל ערקלערט קריג אנדערע שבטים.

דער גריכישער לוח איז ניט געווען קיין פעסטער. די נעמען פון די חדשים זענען געווען ערטערווייז פערשידען, און ניי-יאָהר פלעגט ביי געוויסע שבטים אויספאַלען אין מיטעלסטען טאָג פון זומער, און ביי אַנדערע — אין מיטעלסטען טאָג פון ווינטער. די פיעלע ימים-טובים זענען געווען טעג פון רוהע, רעליגיעזע צערעמאָניעס און פאַראַדען, און האָבען געהאַט אַ שייכות צו די סעזאָנען, וועטערן, פלאַנצונגען, ערד-ארבייט, געטער-לעגענדען און היסטאָריש-פאָליטישע געשעהענישען. בעז-ונדערס רייך אין ימים-טובים איז געווען אַטהען. לכבוד דער הויפּט-געטין אַטענע האָט מען געפייערט אלע יאָהר, אין מאָנאַט העקאַטאָם-בעאָן, דעם פאַנאַטענייער-יום-טוב, און אלע פיער יאָהר — די גרוי-סע פאַנאַטענייער. דאַן זענען פאָרגעקומען גימנאַסטישע שפּיעלען, לויף-וועטען, מוזיק-קאָנקורסען, פאָרלעזונגען און פאַקעל-פּראָצעסיעס; יונגע מיידלעך און אלטע לייט פלעגען טראָגען אין די טעמפּלען פער-שידענע כלים, קערב, אָליווען-צווייגען, געפּוצטע קרבנות און פיהרען א זעגעל-שיף אויף א וואָגען. אין אנדערע ימים-טובים האָט מען בעניים די סטאַטועס פון דער געטין אַטענע, און מקריב געווען פאר איהר פייגען.

לכבוד אַפּאָלאָן האָט מען געפייערט פיעל ימים-טובים אין גאַנץ גריכענלאַנד; בעת מ'האָט געפייערט אין אַטהען זיין הויפּט-יום-טוב טאַר-געליע, האָט מען איהם פערעהרט מיט קרבנות, פּראָצעסיעס און געזאַנג, מ'האָט דערביי אויך אָבגעריכט תשובה-צערמאָניעס, כדי מפייס צו זיין

דעם גאט פון זומער-היץ און עפידעמיעס און, ווי מ'דערצעהלט, האט מען דאן דורכגעפיהרט א פאר-פאלק דורכ'ן שטאדט אלס זינד-קרבנות, און מ'האט זיי אריינגעווארפען אין ים.

ווינטער און פריהלינג האט מען געפייערט פיעל ימים-טובים לכבוד דעם וויין-גאט, דיאניזיס. דאס פאלק האט זיך משמח געווען מיט'ן נייעם וויין, געטאנצט אויף גלאטע לאגלען, און געמאכט אלערליי לוסטיגע שטיק. פון די דראמאטישע געזאנגען, מיט וועלכע מ'האט געעהרט דיזע ימים-טובים, האט זיך שפעטער אויסגעבילדעט די טראגעדיע און קאמעדיע. פערשידענע ימים-טובים האבען אויך געהאט די געטין פון ארדנונג און רעכט, דעמעטער און צעאוס. די הויפט-ראלע אין דער געשיכטע פון דער גריכישער ציוויליזאציע האבען אבער געשפיעלט די גרויסע אלימפישע, פיטהישע, איסטמיטישע און נעמעאישע וועלט-שפיעלען.

[illegible]ייע האט זיך גערעכענט פאר א גרויסען פאלקס-צענטער, און די צייט-רעכענונג פון איהרע שפיעלען הויבט זיך אן אין יאהר 776 פאר ק.. אין דיזע שפיעלען, וואס פלעגען ארגאניזירט ווערען איינמאל אין פינף יאהר, האבען זיך בעטייליגט נאר גריכען, און פרעמדע אדער קנעכט זענען דערביי געווען בלויז אלס צושויער. אלע גריכישע שטערט און קאלאניעס האבען אהין געשיקט דעלעגאטען אויף אלגעמיינע הוצאות; מ'האט אין אלימפיע פערעהרט פערשידענע העלדען און געטער, בעזונדערס צעאוס'ן, אין 5-טען יאהרהונדערט האט מען איהם דארט געבויט א טעמפעל, און דער קינסטלער פידיאס האט אויסגעשניצט זיין בעריהמטע סטאטוע.

די שפיעלער פלעגען זיך וועטען אין לויפען, ווארפען, שפרינגען, קעמפפען און רייטען. דער זיעגער האט געהאט כבוד פון גאנצען גריכישען פאלק, בעזונדערס פון זיין געבורטס-שטאדט, וועלכע האט איהם בעעהרט מיט פאראד-פייערונגען. ער האט בעקומען א קרוין פון אליווען-בלעטער, און דיזער כבוד איז פאר איהם געווען טייערער פאר אלע מתנות. די שפיעלער האבען געקעמפפט נאקעט פאר'ן עולם, און די קינסטלער האבען דאן געהאט א געלעגענהייט צו בעטראכטען די פארמען פון רעכט ענטוויקעלטע קערפערס, כדי צו פערפאלשטענדיגען די סקולפטור פון מענשליכע פיגורען.

די פיטהישע און די איבעריגע שפיעלען, וואס זענען פארגעקומען

אלע פאר יאהר, זענען אויך בעשטאנען פון קערפערליכע איבונגען און מוזיק-קאנקורסען.

---

## § 10. די מיסטעריען און דער ארפיזם.

די גרעסטע מיסטעריען פלעגען פארקומען אין עליייזים, א קליינע געגענד, וואס האט געהערט צו אטהען. צו דיזע געהיימע פייערונגען, וואו ס'פלעגען פארגעשטעלט ווערען לעגענדארישע סצענעס פון דער נאטור-געטין דעמעטער — האט מען צוגעלאזען נאר פערטרויטע גלויבינגע, וואס האבען זיך געהייליגט דורך תעניתים, ריינינונגען און ערווייטערונג פון בלוט. דורך אזעלכע אויסערליכע מיטלען האבען די פערטרויטע געהאפט זוכה צו זיין צו אן'אייביגעם לעבען, און דער פילאזאף דיאגענעס האט זיך לוסטיג געמאכט איבער אזא אנשויאונג, וואס שענקט אזא פערטרויטען גנב, ווי פאטעציאן, עולם-הבא, און אזא הויכען דענקער ווי עפאמינאנדאס — נישט. טראצדעם פלעגען קומען פון אלע עקען גריכישער וועלט מענגעס פון צעהנדליגע טויזענדער מענשען, וואס האבען פערלאנגט צו בעקומען די הייליגע פערטרויאונג, וועלכע איז געגעבען געווארען אלעמען, אויסער מערדער. דאגעגען האבען די עלטסטע נלחים פון די מיסטעריען געמוזט געהערן צו הויכע מיוחס'דיגע פאמיליעס. ביי דער צערעמאניע פון פערטרויאונג פלעגט דער קאנדידאט שטעהן פאר'ן גלח בארוועס אין איינגעהילט אין א פעל פון א לייב; אין איין האנד האט ער געהאלטען א געשחט'ענעם זויג-חזיר'ל, און אין דער צווייטער — א אפפער-קוכען. נאכהער האט ער זיך געזעצט, איינגעוויקעלט אין א געוואנד און האלטענדיג א פאקעל אין האנד, בעת א גלח'טע האט איהם געהאלטען איבער'ן קאפ א שויפעל, — דעם סימבאל פון ריינינגונג.

זייט די מיסטעריען זענען געווארען א אפיציעלע אינסטיטוציע, זענען זיי געשטאנען אונטער דער השגחה פון אטהענישען ארחאנט-קעניג. אין סעפטעמבער האט ער פובליקירט, אז ס'הייבען זיך אן די מיסטערישע ימים-טובים, און א גרויסע מענגע פערטרויטע האבען זיך פערזאמעלט אין אטהען. זיי האבען זיך געטובל'ט אין די געזאלצענע טייכען מיט די זויג-חזירים, וועלכע מ'האט געאפפערט צו די געטינס אין גרויסען יום-טוב. א פאר טעג שפעטער איז דער עולם אוועק מיט א פרא-

צעסיע קיין עליזיס, אויפ'ן וועג האט מען מקריב געווען קרבנות אויף אלע מזבחות, געזונגען מזמורים, געטאנצט, און געגען נאכט איז מען אנגעקומען אין דעם הייליגען ארט. דארט האבען זיך ערשט אנגעהויבען די גרויסע הכנות צום הויפט-יום-טוב; די גלויביגע האבען ביי טאג געפאסט, און ביי נאכט ארומגעוואנדערט מיט פאקעלן פאר דער שיין פון דער לבנה. דאס איז א רמז אויף די ענויים, וואס די פורלטבארקייטס-געטין, דעמעטר, איז זיך אויסגעשטאנען, בעת ס'האט זיך געענדיגט דער שענער פריהלינגס-סעזאן און זי האט געמוזט אבשטארבען מיט אלע שענע געוויקסען; ענדליך האט מען אבגעריכט די מיסטעריען אליין אין דער גרויסער געביידע פון עליזיס. דער עולם האט זיך געזעצט ארום אין דער פינסטער און אין א פאלקאמער שטילקייט, און אויף דער בעלויכטענער סצענע האט זיך בעוויזען דער כהן-גדול, געציערט אין זיינע שענסטע מלבושים און תכשיטים; אונטער זיין לייטונג האט זיך אבגעשפיעלט די גאנצע שילדערונג פון דעמעטר'ס אבשטארבען און איהר תחית-המתים, בעת דער פריהלינג בעניייט זיך אלע יאהר. ביי די פארשטעלונגען האט מען זיך בענוצט מיט אלערליי עפעקטען, מוזיק, טענץ און איבערראשענדע בעלייכטונגען, כדי צו מאכען א טיעפען איינדרוק אויפ'ן פובליקום, וואס איז אהן דעם אויך געווען גענוג אנגעשטרענגט און אויפגערעגט. מ'האט אויך פארגעשטעלט די ענויים פון גיהנם, וואס זענען בעשטימט פאר די ניט-פערטרויטע, און די שרעקליכע סצענעס, וואס די געטין האט זיך אנגעזעהן אין דער אונטער-וועלט.

אין אלעקסאנדר-מוקדן'ס צייט זענען די מיסטעריען פערבונדען געווארען מיט די אידעען פון ארפיזם, און האבען, ווייזט אויס, אנגעהויבען צו ענטוויקלען א בעזונדער לעהרע. דער ארפיזם שיינט צו זיין א פרעמדע רעליגיעזע בעוועגונג, וועלכע האט פעראייניגט אין ספעציעלע געמיינדעס אזעלכע מענשען, וואס האבען געפיהלט א נייגונג צו א טיעפען רעליגיעזען פיהלען און נאכדענקען. די ארפיסטען האבען זיך אבגעגעבען מיט תשובה, רייניגונג און וואוילטעטיגקייט, און האבען ענטוויקעלט א גאנצע געהיימע לעהרע, וואס האט זיך אויסגעדריקט אין א ברייטער ליטעראטור פון מזמורים, לעגענדעס און געבאטען. דער וויכטיגסטער שרייבער פון דיזער ליטעראטור איז אנאמאקריט, וואס האט געלעבט אין אטהען אין דער צייט פון די פיזיסטראטען, און האט, ווייזט אויס, אויך גענומען אנ'אנטהייל אין דער רעדאקציע פון האמער'ס ווערק. געוויסע תלמידים פון פילאזאף פיטאגאראס האבען אויך פערפאסט ארפישע

ספרים, וועלכע ווערען ציטירט ביי שפעטערע שרייבער. בכלל האט די ארפישע ליטעראטור געהאט א גאנץ גרויסען איינפלוס אויף די גריכישע פאעטען און פילאזאפען, זייט דעם זעקסטען יאהר-הונדערט פאר ק..

די ארפיסטען האבען אריינגעלעגט זייערע וועלט-לעהרען און מיסטישע געדאנקען אין די פאלקס-לעגענדען, אדער אין נייע מיטלען, וואס זיי האבען געשאפען. דיזע לעהרען זענען עהנליך אין פיעל פונקטען צו די סעמיטישע אנשויאונגען אויף דער וועלט-שעפפונג, און ס'איז מעגליך, אז זיי האבען פון די לעצטע געליהען פיעל פרטים. די וועלט איז געשאפען פון ערשטע פרינציפען, ווי קראנאס (צייט), אקעאנאס (ים), עטהער (לופט), און ד. ג.. מיר טרעפען דא אויך די לעגענדע פון דער איי, וואס האט פון זיך פארגעבראכט די וועלט. בכלל האט זיך די וועלט ענטוויקעלט פון א געטליכען פרינציפ, ווייל די ארפיסטען האלטען פון דער פאנטעאיסטישער שיטה, וואס בעטראכט די נאטור אלס א פערקערפערונג פון גאט. דער מענש, ווי די וועלט בכלל, בעשטעהט אבער ניט פון איין שטאף, נור פון צוויי: ער איז האלב גאט אדער דיאניזיס, און האלב טייוועל אדער טיטאן. די נשמה איז ריין און זיצט אין אומריינעם גוף, ווי אין א תפיסה, פון וואנען דער טויט אליין קען זי אויך ניט בעפרייען, ווייל די ארפיסטען גלויבען אין גלגולים, ווי די אינדיאנער. כדי פטור צו ווערען פון נייע לעבענס מוז אלזא דער מענש זיך דערווייטערן וואס מעהר פון דער מאטעריעלער וועלט, פון איהרע תאוות און שטרעבונגען, און זיך גענעהנען צו גאט דורך היילינע צערעמאניעס און פייניגונגען. דאס מאראלישע, דאגעגען, איז ניט וויכטיג פאר די ארפיסטען, וואס האבען זיך מרחיק געווען פון דער געזעלשאפט און אלע הבלי עולם-הזה. וואס פאר א גוטס קען מען א שטייגער טאן אין א לעבען, וואס רעכענט זיך אלס אן'אבקומעניש פאר דער נשמה? מ'מוז זיך דארום איבערהויפט בעמיהען, אז די נשמה זאל וואס גיכער אויסגעלייטערט ווערען אויף דער וועלט און נאכ'ן טויט אין האדעס-גיהנם, כדי זי זאל זיך קענען פעראייניגען מיט גאט און לעבען אייביג ווי ער.

די ערנסטע ארפישע געדאנקען האבען אריינגעבראכט א טרויעריגע נאטע אין דעם הייטערן און לייכטזיניגען גריכישען לעבען. ס'האט זיך אנגעהויבען ענטוויקלען אין דער ליטעראטור און אין די געבילדעטע ספערען פון פאלק א פעסימיסטישע אנשויאונג אויף דער וועלט, און זי האט געפונען א שטיצע אין דער אונצופריעדענהייט פון די העכערע

קלאסען מיט דער אונזיכערער פאליטישער לאגע. דער ארפיזם האט אויך פארבערייט דעם באדען פאר דער קריסטליכער רעליגיע, וועקענדיג האס צו דער ערד און א בענקשאפט צום הימעל. די קריסטליכע אמונה האט זאגאר געליהען אידעען און צערעמאניעס ביי דעם ארפיזם און ביי דעם מיסטערישען קולט.

---

## § 11. רעליגיע, פילאזאפיע און פאעזיע.

די אידעען פון די ערשטע גריכישע פילאזאפען האבען געהאט א נאהענטע שייכות צו דער רעליגיע. זייערע אנשויאונגען איבער דער פיזיק האבען זיך אפט בעגעגענט מיט די געטער-לעגענדען. דיעזע פילאזאפען האבען געלעבט אין די גריכישע קאלאניעס פון קליין-אזיע, און זייערע לעהרען, בעזונדערס פערעסיד'ס, האבען לייכט געקאנט בעאיינפלוסט ווערן פון סעמיטישע אמונות, וואס זיי האבען נאכהער איבערגעטראגען אויף דער רעליגיע. זיי האבען זיך אבער וואס ווייטער מעהר מרחיק געווען פון דער רעליגיע, בעטראכטענדיג די וועלט אלס א שעפפונג ניט פון פערסאנעלע וועזענס נאר פון ערשטע קרעפטען. לייסיפ און דעמאקריט האבען זיך דורך זייער אטאמען-לעהרע אינגאנצען אבגעריסען פון דער פאלקס-אמונה, און קסענאפאן האט שטרענג געטאדעלט האמער'ן און העזיאדס'ן דערפאר, וואס זיי גיבען די געטער א מענשליכע געשטאלט אין דערצעהלען פון זיי מעשיות וועגען אויסגעלאסענהייט און בעטרוג. די פילאזאפען האבען פערשטאנען די רעליגיע אויף זייער אופן, און פיעל פון זיי זענען זאגאר געווען איהרע פארשטעהער. פיטאגארוס האט, למשל, געגרינדעט א נייע קירך, וואס האט זיך פערשפרייט ניט בלויז אין גריכענלאנד, נאר אויך אין די קאלאניעס; און עמפעדאקלעס איז געווען צוגלייך דענקער, גלח, מכשף, דאקטאר און טרעפער, און האט געפיהרט די מיסטערישע און די תשובה-צערעמאניעס.

בעת האמער בעטראכט דאס קערפערליכע לעבען פון מענשען פאר'ן עיקר, האבען פילאזאפען ווי הערעקליט, פיטאגארוס און א. אי. בערהויפט קאנצענטרירט זייער מחשבה אויף דער נשמה און איהר איבערגען לעבען נאכ'ן טויט; אין דערמיט האבען זיי געעפענט דעם וועג צו הייליגונג, צו מאראלישער ריינינונג און טיעפע רעליגיעזע געפיהלען.

די לירישע דיכטער פאר די מעדישע מלחמות האבען זיך אויך בעשעפטיגט מיט רעליגיעזע טעמען, און האבען געשריבען דאס רויב לויבליעדער צו די געטער, וועלכע זענען בעקאנט אלס האמערישע הימנען. דאגעגען ויכוח'ן זיך די שפעטערע דיכטער מיט די געטער און בעשולדיגען זיי אפט פאר דער אונגערעכטער הנהגה פון דער וועלט. בעת האמער געפינט פאר גאנץ נאטירליך דאס, וואס צעאוס טיילט דער מענשהייט גוטס און שלעכטס פון צוויי פעסער, טאדעלט טהעאגניס זעהר שטרענג דיעזען עלטסטען גאט פאר זיין בעגליקען די רשעים און זיין פייניגען די צדיקים, און דיעזע שארפע קריטיק האט געבראכט צו א פעסימיסטישער, שווערער מאראל, וואס צאהלט אב יעדעס פערברעכען מיט א אונבארעמהערציגער נקמה. ס'זענען אבער אויך געוועזען געלאסענע און מילדע דיכטער ווי סאלאן, וואס האבען געזוכט גערעכט צו מאכען די געטער און די מענשען, פערלייכטערנדיג די צרות פון דער וועלט דורך מעסיגקייט און הויכער בעגייסטערונג.

---

## § 12. פינדאר, עשיל און סאפאקלעס.

אין פינפטען יאהרהונדערט פאר'ן קריסט, האט דער גלענצענדער נצחון פון קליינעם גריכישען פאלק איבער די צאהלרייכע פערסער אויפגעהויבען אין גריכענלאנד דעם נאציאנאלען גייסט און בעגייסטערט א גאנצע רייהע געניאלע פאעטען. פינדאר (522 — 448) האט פערפאסט די גרויסארטיגע פאעמעס עפיניקיא, וואו ער לויבט די זיעגער און די הויפט=שטאדט אטהען, און קליידט אן די געשעהענישען פון זיין צייט אין די אלטע געטער=לעגענדען. בעלעבט פון א פרומען גייסט, בעמיהט זיך דער דיכטער צו מאכען אגב דיעזע לעגענדען מאראלישער און די געטער וועניגער עהנליך צו מענשען. די הויפט-השגחה איבער דער וועלט און אלע מענשליכע מעשים גיט ער איבער די מזלות (מויראס) און דעם דעמאן פון געבורט. דעם מענשען בעטראכט דער דיכטער אלס א דאפעלעס וועזען, וואס דערגרייכט פון איין זייט ביז דער געטליכער מדרגה דורך זיין פערשטאנד, און איז, פון דער צווייטער זייט, מעהר ניט ווי א פערביינגעהענדעס, שוואכעס בעשעפעניש, א „חלק פון א שאטען". ער דארף אלזא פערשטעהן זיין לאגע, זיך ניט גרויס האלטען, און מעסיג געניעסען יענע פערגעניגענס, וואס

מאַכען זיך איהם אונטער דער האַנד אין זיין קורצען לעבען, ווייל דער עיקר פון מענשען איז די נשמה, וואָס לעבט אייביג נאָך זיין טויט.

פרום זענען אויך די געדאַנקען פון ערשטען טראַגישען דיכטער, עשיל (525—456). אין דעם נצחון פון די גריכען זעהט ער אַ ראיה, אַז די וועלט פיהרט זיך מיט אַ גערעכטער השגחה, ווייל די מאָראַלישע אָרדנונג פון דער נאַטור איז פערקניפט מיט דער נויטיגער פרייהייט פון מענשען און פעלקער. זיינע טראַגעדיעס זענען געבויט אויפ'ן מיסטישען גייסט פון דער רעליגיע און אויף די רעטזעלהאַפטע קאָנטראַסטען פון זינד און אויסקויפונג, לעבען און טויט; דער טויט און די יסורים זענען אָבער נויטיג צו לייטערן דעם מענשען און צו באַפרייען איהם פון צרות, ווייל די אידיניעס, אָדער די מחבלים, שטעהען אויך אונטער דער מאַכט פון די גוטע געטער אַפּאָלאָן און אַטהענא, וואָס זוכען דעם מענשענ'ס טובה און זענען איהם מוחל זיינע זינד. עשיל שטעהט בכלל אויפ'ן באָדען פון דער פאָלקס-רעליגיע, און גלויבט זאָגאַר אין נבואות, חלומות, גייסטער און פאָרגעפיהלען.

סאָפאָקלעס האָט געלעבט אין דער גאָלדענער צייט פון דער גריכישער געשיכטע (496—406) און האָט געבראַכט זיין דיכטונג, ווי זיינע רעליגיעזע אַנשויאונגען בכלל, צו דער העכסטער פאָלקאָמענהייט. ער ווייזט אין זיינע טראַגעדיעס „עדיפּ", „אַנטיגאָן" און א. וו. ווי די פעסטע געטליכע בעשטימונגען ווירקען אויפ'ן מענשענס שיקזאַל אין זיינע אינערליכע ריכטונגען. דער מענש דאַרף זיך אַלזאָ נאָר פערטרויען אויף די געטער און זייער גערעכטער השגחה.

---

## § 13. דער אָנהויב פון סוף.

די גריכישע רעליגיע האָט ניט געהאַט קיין פעסטע שיטה און קיין נענוי בעצייכענטע טראַדיציע, וואָס זאָלען איהר שיצען געגען די פרייע שטרעמונגען פונ'ם פראָגרעס; זי האָט דאַרום אָנגעהויבען שוואַכער צו ווערען און אונטערצוגעהן, בעת איהרע פערעלטערטע אידעען האָבען שוין מעהר ניט געקאָנט צופריעדען שטעלען די אינגערע און געבילדעטערע דורות. דיאַגאָראַס פון מעלאָס האָט זיך ערלויבט צו לייקענען אין דער עקזיסטענץ פון די געטער, ווייל די וועלט פיהרט זיך אָהן אַ גערעכטער אָרדנונג. און די סאָפיסטען, וואָס האָבען געלערנט דער יו-

:ענד לאַניש דענקען אין שען רעדען, האָבען געפּרובט קריטיקירען אויך די רעליגיעזע אַנשויאונגען. פּראָטאַגאָראַס האָט ערקלערט, אַז דעם מענשענ׳ס לעבען איז צו קורץ אום נאָכצודענקען וועגען דער נאַטור; גע־אָרגיאַס האַלט, אַז מיר וועלען קײנמאָל ניט דערגעהן איהרע סודות, און קריטיאַס זאָגט, אַז קלוגע פּאָליטיקער האָבען אויס־געטראַכט די געטער פאַר׳ן פאָלק. בעזונדערס געפערליך איז געוועזען די מײנונג פון סאָפיסט היפּיאַס; לויט איהם איז די גאַנצע טראַדיציאָנעלע אָרדנונג פון דער געזעלשאַפט און אַלע צערעמאָניעס פון דער רע־ליגיע ניט קײן נאַטירליכע, נאָר אַ אָבגעמאַכטע, פון מענשען אָבגעשטימטע אינסטיטוציע.

זאָגאָר אַזא פרומער דענקער ווי העראָדאָט, דער ערשטער גריכי־שער היסטאָריקער, וואָס גלויבט אין נבואות פון אָראַקול׳ן, און בעט־ראַכט די געשעהענישען פון דער געשיכטע אַלס בעשטימונגען פון דער השגחה — זאָגאַר ער ערלויבט זיך צו בעטראַכטען דאָס רוב גריכישע געטער אַלס געקומענע פון מצרים. זאַי זאָגען אויך, לויט זײן מײנונג, זעהר אײפערזיכטיג צום גליק פון מענשען, און צושטערען איהם נאָר אָהן אַ שום מאָראַלישען מאָטיוו. נאָך ווײטער איז אַוועק טוקידידעס, וואָס גלויבט ניט אין אָראַקולען און האַלט, אַז זײערע נבואות ווערען מקויים נאָר צופעליג. דער טיפּישער פאָרשטעהער פון די סאָפיסטען איז אָבער אײריפּיד (480—406), וואָס האָט זיך בעשעפטיגט ניט מיט פילאָזאָפישע אַנשויאונגען אויף דער וועלט, נאָר מיט דער פראַגע פון לעבען און דעם רעטעניש פון מענשענ׳ס שיקזאַל. אין זײנע רײכע טראַ־געדיעס שילדערט ער די צרות פון מענשען, און ער בעשולדיגט די געטער, וואָס פערבעסערן ניט דאָס לעבען, אין שוואַכקײט אָדער אונ־גערעכטיגקײט. אַ געוויסער העלד בעקלאָגט זיך: „אין דער וועלט הערשט נאָר די מאַכט, פרומקײט נוצט גאָרניט, און די אַלטע אמונה אין די געטער זעהט אויס ווי אַ משוגעת”. מיט אַ טיעפען יאוש קעהרט זיך דער דיכטער אָב פון די געטער און מענשען, ווײל ער פיהלט, אַז די רע־טונג פון דעם וועלט־שמערץ ליעגט ניט אין די הענד פון די געטער און ניט אין שכל פון מענשען, וועלכער איז צו שוואַך און בעשרענקט. דאַ־רום ווענדט זיך דער דיכטער צו דער רעליגיעזער מיסטיק, און זוכט זיך אַ שוואַכע טרײסט אין די דונקעלע הימעל־סודות.

אַלס בעשיצער פון דער אַלטער רעליגיע איז דאַן אַרויסגעטראָטען דער קאָמעדיען־דיכטער אַריסטאָפאַן (444—388). ער האָט, אמת,

אויף דער בּיהנע שטאַרק חוזק געמאַכט פון די אויסגעלאַסענע אָדער הונגעריגע געטער; אין זיין בּייסענדער איראָניע איז אָבּער אויך געוועזן אַ ערנסטע און פּאָזיטיווע זייט. ער האָט געפיהלט, אַז די נייע פרייַדענקערײַ גראָבּט אונטער די אַלטע יסודות פון דער געזעלשאַפט, און איז שאַרף אַרויסגעטרעטען געגען אַזעלכע רעפאָרמאַטאָרען ווי קלעאָן, סאָקראַטעס און איוריפּיד. אַריסטאָפאַן האָט, אמת, געפיהלט, אַז די אַלטע מנהגים און געטער זענען אָבּגעשמאַקט און נאַאיוו, ער האָט אָבּער אין זיי געפונען אַ פּראַקטישע שטיצע פאַר דער הערשענדער אָרדנונג.

---

## § 14. רעליגיע און פילאָזאָפיע.

סאָקראַטעס האָט דירעקט ניט קריטיקירט די רעליגיע און איהר קולט, ער האָט זיך נאָר בּעמיהט אַלס פּסיכאָלאָג אויסצולערנען דעם אינערליכען מענשען, וואו ער האָט ענטדעקט אַ ספּעציעלע געטליכע קראַפט (דײַמאָניאָן); די גריכען האָבּען אָבּער אין איהם ריכטיג ערקענט אַ רעפאָרמאַטאָר, וואָס זוכט צו בּעגרינדען די גאַנצע רעליגיע אויף דער פּראַקטישער מאָראַל, און האָבּען איהם פערורטיילט צום טויט. פּלאַטאָן (347—428), סאָקראַטעסעס גרעסטער תלמיד, איז געשטאַנען נעהנטער צו דער רעליגיע, אידעאַליזירענדיג די געטער. זיי זענען אַבּסטראַקטע וועזענס, וואָס קענען ניט בּעגריפען ווערען מיט אונזערע חושים. די אידעע פון גוטס בּעשיינט די גייסטיגע וועלט, אַזוי ווי די זון בּעלייכט די מאַטעריעלע וועלט; זי איז די אמת'ע קוועלע פון לעבּען און פון דער גאַנצער עקזיסטענץ. די מאַטעריעלע וועלט איז נאָר אַנ'-אָבּבּילד פון די הויכע גייסטיגע אידעען, וועלכע האָבּען געדינט אַלס מאָדעל בּעת די געאָרדנעטע און לעבּענדע נאַטור איז געשאַפען געוואָרען פון חאָאָס, פון תוהו-ובוהו, פון דער גראָבּער מאַטעריע. די גאַנצע וועלט איז אַ לייטער, וואו די גייסטיגע אידעען פערקערפערן זיך שטופענווייז און ווערען אַלץ נידריגער און מאַטעריעלער. דער עיקר איז אָבּער דאָס גייסטיגע, וואָס בּעלעבּט יעדע זאַך. דער יסוד פון מענשען איז די נ ש מ ה, וואָס לעבּט אייבּיג, — אַ אידעע פון פּיטאַגאָראַס, וואָס פּלאַטאָן האָט שטאַרק ענטוויקעלט און פערפּלאַנצט בּיז היינטיגען טאָג אין דער מענשהייט. געגען אויסערליכען קולט האָט פּלאַטאָן ניט געקעמפּפט, ער האָט, פערקעהרט, נעגעבּען דעם דעלפישען אָראַקול

א ווילכטיגע ראָלע אין דער אידעאַלער רעפּובליק פון דער צוקונפט.

אריסטו (384—322) האט ווינשענסוואַרט ליך אויפגעוויזען די עקזיסטענץ פון גאָט, וועלכען ער בעטראַכט אַלס די שטענדיגע ענערגיע פון דער נאַטור און איהר שאַפענדע אורזאַך. אין יענער צייט האָבען אויך זענאָן און עפּיקור געגרינדעט זייערע פילאָזאָפישע שולען פון סטאָאיקער און עפּיקורעער, וואָס האָבען געקוקט אויף דער וועלט פון אַ מאַטעריאַליסטישען שטאַנדפּונקט, און האָבען זיך איבערהויפּט בעשעפטיגט מיט מאָראַלע און אינדיווידועלע פראַגען. לויט זענאָן, בעשטעהט די וועלט פון צוויי פּאַסיווע יסודות, ערד און וואַסער, און צוויי אַקטיווע יסודות, פייער און לופט, וואָס ווירקען אויף זיי. דאָס פייער איז דער לאָגאָס, דער פּרינציפּ, דער שכל, דאָס געזעץ פון דער וועלט, וואָס שאַפט אין איהר אָרדנונג און האַרמאָניע. דאָס שלעכטס אויף דער וועלט איז דער שאָטען פון דיזען פייער. טראָץ דיזער מאַטעריאַליסטישער אנשויאונג האָבען די סטאָאיקער געדינט דער רעליגיע מיט זייער מאָראַלישער ערנסטקייט און מיט דעם, וואָס זיי האָבען זיך בעמיהט צו בעגרינדען די פילאָזאָפיע אויף די רעליגיעזע מנהגים און אויף טרעפעריי. ווייטער פון דער רעליגיע שטעהען די עפּיקורעער, וואָס זעהען אין דער וועלט אַ בעוועגונג פון אַטאָמען אָהן אַ ציעל און אָהן אַ שכל. די געטער לעבען אין לופט צווישען די וועלטען און קימערן זיך גאָרנים װעגען זיי. עפּיקור האָט דערום געזוכט דאָס קליינע, טעגליכע גליק אין אַ מעסיגען לעבען, בעציערט מיט פריינדשאַפט.

## § 15. רעליגיע און מאָראַל.

דער בעגריף פון מאָראַל האָט זיך געענדערט אין גריכענלאַנד צוזאַמען מיט די פערשיעדענע צייטען. אין דער קלאַסישער עפּאָכע האָט געהערשט אַ שטאַטס-מאָראַל, וואָס פאָדערט גערעכטיגקייט צוליעב דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, און שפּעטער האָבען די פילאָזאָפען ענטוויקעלט אַ אינדיווידועלע מאָראַל, וואָס געהערט זיך פון אַ אינערליכען געפיהל. די מאָראַל האָט אָבער שטענדיג געזוכט איהר הויפּט-שטיצע אין דער רעליגיע. די פאַמיליע און די גאַנצע געזעלשאַפט שטעהען אונטער דער השגחה פון די געטער, וועלכע פערלאַנגען איבעראַל גערעכטיגקייט, מעשים טובים, וואוילטעטיגקייט שטעהען אויף איין מדרגה מיט

צערעמאָניעלער פרומקייט . נאָך אַלעמען איז די גריכען ניט געלונגען צו בעגרינדען די מאָראל אויף א פעסטען יסוד, און דאָצ געוויסען פון פאָלק איז געבליבען ווייט פון איהר .

די גריכען האָט איבערהויפט געפעהלט דער בעגריף פון א איינציג אידעעלען גאָט , וואָס פיהרט די וועלט מיט א גערעכטער השגחה . די מיטאָלאָגישע געטער האָבען זיך דאָס רוב ניט אויסגעצייכענט מיט קיין שענע מדות , און מ׳האָט זיך ניט געקאָנט פיעל פערלאָזען אויף זייער מאָראלישער וועלט־הנהגה . זאָגאר פלאַטאָן , וואָס האלט די געטער פאַר א פערקערפערונג פון דער אמת׳ער גוטסקייט, בעמיהט זיך איינצואָרדנען די וועלט אויף אַזא אופן , אַז זי זאָל ניט דארפען אָנקומען צו זייערע חסרים . די געטער האָבען קיינמאָל ניט געדיענט אַלס מאָראלישע מוס־טערן פאַרן די גריכען , און דארום האָבען די לעצטע ניט געקאָנט פיהלען קיין אינערליכען צובונד צו זיי .

דאָס אייביגע לעבען נאָכ׳ן טויט, וואָס די מיסטעריען פון עלייזיס האָבען פערשפראָכען , האָט אויך ווייניג בעוואויגען צו מעשים טובים , צו וואוילטעטיגקייט . די פערטרויטע האָבען בעקומען עולם־הבא דורך אויסערליכע צערעמאָניעס , דורך מיסטיק און כשוף־סימבאָלען, וואָס האָבען גאָרניט צו טאָן מיט מאָראל . דאָס גריכישע פאָלק האָט געוואוסט פון הויכע שטרעבונגען, פון א ברוויטער פערזענליכע פרייהייט , און האָט גאַנץ שארף בעטראַכט די מאָראלישע פראַגען ; דאָס דאָזיגע גייסטרייכע פאָלק האָט אָבער אויך טיעף געפיהלט זיין פעהלער—דעם חסרון פון א אינערליכער מאָראלישער איבערצייגונג .

---

## § 16. דער העלעניסטישער פעריאָד .

אין אַלכסנדר־מוקדן׳ס צייט הויבט זיך אָן דער העלעניסטישער פעריאָד , ווען די גריכישע קולטור איז פערוואַנדעלט געוואָרען פון א נאַציאָנאַלער אין א וועלטליכער . אין אַלע לענדער פון אזיע און אפריקא, וועלכע דער גרויסער זיעגער פון דער אלטער וועלט האָט איינגענומען, זענען געבויט געוואָרען טעמפלען צו די צוועלף אָלימפּישע געטער , אָרגאַניזירט געוואָרען שפּיעלען און אויפגעשטעלט געוואָרען אַלע גריכישע אינסטיטוציעס . די גריכישע קולטור אַליין האָט אָבער דאָן אויך בעקומען ענדערונגען ; דער בירגער־שטאַלץ און די ליעבע צו

פרייהייט האָבען זיך אָנגעהויבען אויסלעשען אין די נייע שטאַרקע מאָנאַרכיעס און די ליטעראַטור האָט בעקומען נייע פאָרמען. ס'זענען געשאַפען געוואָרען דער ראָמאַן, וואָס בעשעפטיגט מיט'ן אינדיווידועלען לעבען און אינטימע געפיהלען, און די אידיליע, וואָס שילדערט פאַר'ן פערדאָרבענעם כרך-מענשען דאָס ריינע און איינפאַכע לאַנד-לעבען. די פילאָזאָפיע, וואָס האָט איבערגעטראָגען איהר צענטר אין אַלכסנדריה, האָט זיך אויך אָבגעגעבען איבערהויפט מיט אינדיווידועלע פראַגען, מיט דער מאָראַלישער ערציהונג פון מענשען און זיין גליק.

דער העלעניסטישער פעריאָד איז בכלל געבליבען טריי דער אַלטער רעליגיע; ס'האָט זיך אויפגעהויבען אַ געוויסער ווידערשטאַנד נאָר געגען בלוט-קרבנות—אַ מנהג, וואָס איז שוין געווען פערהאַסט אויך ביי איניגע אַלטע פילאָזאָפען. ס'האָט זיך אויך ענטוויקעלט אַ שטאַרקער אינטערעס אויסצופאָרשען פרעמדע אמונות און קולטורען. בעראָז האָט אין דריטען יאָהרהונדערט פערפאַסט אַ געשיכטע פון די אַלטע בבלים, מאַנעטאָן האָט געשריבען איבער די מצרים, און די זיבעציג חכמים האָבען איבערגעזעצט דעם תנ"ך אין גריכיש. ס'איז געשאַפען געוואָרען אַ מישמאַש פון פערשידענע אמונות, און די העלעניסטישע וועלט האָט פערעהרט אַלערליי פרעמדע געטער ווי איינענע. בעזונדערס הויך זענען געשטאַנען העליאָס, סעראַפיס און דיאָניזאָס, וואָס איז פעראייניגט געוואָרען מיט אַלכסנדר-מוקדן; דאָס זעלבע האָט מען פערגעטערט דורך אַ ספּעציעלען קולט דעם קעניג פון מצרים, פּטאָלאָמעאוס לאַגאָס. בעזונדערס עקעלהאַפט איז געווען די חניפה, מיט וועלכער מ'האָט פערעהרט אין אַטהען דעם קעניג דעמעטריוס-פּאָליאָקרעט. מ'האָט איהם מקריב געווען קרבנות, געבויט אַ טעמפּעל, וואו ער האָט זיך אָבגעגעבען צו שכרות און אויסגעלאַסענהייט, און אָנגענומען פון איהם, ווי פון אַן אָראַקול, נבואות וועגען דער צוקונפט. דיזער מנהג צו פערגעטערן די מושלים איז נאָכהער איבערגעגאַנגען אויך צו דער רוימישער אימפעריע.

# צווועלפטעס קאַפּיטעל.

## די רוימער.

### § 1. איינלייטונג.

א לאַנגע צייט איידער די רוימער האָבען בעוואוסטזיניג איבערגענומען פיעל בעגריפען פון דער גריכישער קולטור, האָבען זיך שוין געפונען אין דרום איטאַליע פיעל גריכישע קאָלאָניעס, וואָס האָבען געווירקט אויף דער ענטוויקלונג פון דער רוימישער ציוויליזאַציע. די רוימער און גריכען זענען אָבער, טראָץ זייערע שטענדיגע פערבינדונגען, געבליעבען פערשיעדען איינע פון די אַנדערע אין פאָליטיק, קונסט, ליטעראַטור און רעליגיע. דער דיכטער ווירגיל האָט ריכטיג בעצייכענט, אז די גריכען זענען שטאַרק אין קונסט, און די רוימער — אין פאָליטיק און וועלט-הערשאַפט. בעת די גריכישע געטער זענען פלאַסטישע פיגורען, לעבעדיגע וועזענס, זענען די רוימישע געטער געבליעבען אַבסטראַקטען, בעגריפען, אָהן פאָרם און אָהן לעבען. דערפאַר איז אָבער די רוימישע רעליגיע פעסטער און פראַקטישער פון דער גריכישער.

וועגען דער רוימישער אמונה האָבען מיר פיעל וועניגער היסטאָרישע קוועלען, ווי וועגען דער רעליגיעזער געשיכטע פון גריכענלאַנד. די רוימישע גלחים האָבען פערפאַסט א ברייטע ליטעראַטור איבער רעליגיעזע דינים, היסטאָרישע געשעהענישען און קאַלענדאַרישע בעשטימונגען; דיעזע ליטעראַטור איז אָבער כמעט אין גאַנצען פערלאָרען געגאַנגען. אַזוי זענען נישט דערגאַנגען צו אונז אויך אַנדערע וויכטיגע ווערק, וואָס האָבען א שייכות צו דער רעליגיע, און נאָר א קלײנער טייל פון זייער אינהאַלט האָט זיך דערהאַלטען אין ציטאַטען, וואָס די קלאַסישע און קירכליכע שרייבער ברענגען. די וויסענשאַפטליכע אויסגראָבונגען אין איטאַליע ענטדעקען אויך פון צייט צו צייט נייע דאָקומענטען און פערשיעדענע רעשטען, וואָס ווערען פובליקירט אין געוויסע אַלטערטום׳ס-זשורנאַלען און פערשפרייטען א נייעם ליכט אויף די אַלטע רוימישע אמונות.

---

## § 2. די געטער פון די פערצייטיגע רוימער.

אויפ'ן פארום-מארק אין רוים זענען געשטאנען צוועלף פיגורען פון די הויפט-געטער, — יופיטער און זיינע יועצים. זיי האבען געפיהרט די וועלט, בעשטימט דאס שיקזאל פון מענשען און געשיצט די מלוכה. ניט די פלאסטישע קונסט, ניט די לעגענדען, און ניט די רעליגיעזע געפיהלען און געדאנקען האבען אבער פערמאגט צו מאכען פון דיזע געטער לעבעדיגע גייסטיגע וועזענס, וואס האבען צווישען זיך און מיט דער וועלט קלארע בעציהונגען. ס'זענען אויך געווען ריינע אבסטראקציעס, נאטור-כחות אהן א שום פערזענליכקייט, ווי יוגענד און גליק. דאסזעלבע האבען די אלטע רוימער פערגעטערט די פערשטארבענע עלטערן, און געגלויבט אין א מענגע גייסטער און האלב-געטער.

ספעציעלע געטער זענען געווען ממונה אויף יעדער געשעהעניש, אויף יעדען ווילטיגען מאמענט פון קינדער-ערציהונג, פון ערד-ארבייט, פון פיה-צוכט, פון פאמיליען-לעבען און ז. וו.. די געטער האט מען פערעהרט דורך קרבנות און תפילות, אין וועלכע מ'האט נאר דערמאנט די ראלע פון די געטער אבער ניט זייער בפירוש'ן נאמען. די רוימער האבען געהאט א טבע צו בעטראכטען יעדע ערשיינונג אלס א פראדוקט פון געוויסע גייסטיגע קרעפטען, וועלכע האבען בעקומען מיט דער צייט די בעדייטונג פון געטער. בעזונדערס אייפריג האט מען פערעהרט דורך בילדער, מזבחות און טעמפלען די גליקס-געטין פארטונא. איהרע עלטסטע צוויי טעמפלען האט געבויט סערוויוסטוליוס אויפ'ן ברעג פון טיבער און אויפ'ן מארק-באאריום. דעם 24-טען יוני פלעגט דארט געפייערט ווערען א פרעהליכער יום-טוב דורך די מאסען און שקלאפען. די יונגע לייט האבען דער פארטונא געאפפערט די ערשטע שפראצונג פון זייער באָרד.

אין דער אונטער-וועלט פון די מתים הערשט ארקוס. די מאנעס, אדער די נשמות פון די פערשטארבענע, האט מען פערעהרט דורך א ספעציעלען קולט. די רוימער האבען אויך געלערנט פון די גריכען צו פערגעטערן די היסטארישע העלדען; דעם מת האט מען בעגלייט צום בית-עלמין מיט גרויס פאראד. ביי דער לויה האט מען געטראגען די מאסקעס און עמבלעמען פון זיינע עלטערן, און אויפ'ן צעהנטען טאג האט מען געמאכט פון זיין כבוד וועגען א באנקעט מיט קרבנות. אין בעשטימטע טעג פון יאהר האבען די קרובים פון מת איהם געבראכט

מתּנות אויפ'ן קבר; די פערגעסענע נשמות, אָדער לאַרוועס, ווייזען זיך צווישען די לעבעדיגע און טוען שלעכטס; אין געוויסע נעכט פון חודש מאַי האָבען די פאָטערס פון פאַמיליעס געוואָרפען פאַר דיזע עלענדע נשמות שוואַרצע באָב, כּדי צו דערוויַיטערן זיי פון וואוינונג.

יעדער מענש, יעדעס אָרט, יעדע זאַך, יעדע שטאָדט, זאָגאַר יעדער גאָט, האָט אַ ספּעציעלען שוץ־גייסט אָדער געניוס. אין דער צייַט פון צוויַיטען פּונישען קריעג איז דער געניוס פון רוימישען פאָלק געווען זעהר פערעהרט, און אין דער מאָנאַרכישער עפּאָכע האָט דער געניוס פון קיַיזער בעקומען אַ גרויסע חשיבות. דאָס פאַמיליען־לעבען איז איבערהויפּט געשיצט געוואָרען פון די לאַרעס און פּענאַטעס; מ'האָט זיי געאָפּפערט אין הויז פערשידענע שפּייַזען, און זייערע פיגורען זענען געשטאַנען בייַם קאַמין, וואו ס'ברענט דאָס פייַער אַלס סימבאָל פון דער פאַמיליען־היַיליגקייַט און זיכערהייַט.

צווישען די גרעסערע געטער, וואָס האָבען אַ וויכטיגערע בעדייַטונג, דאַרף מען רעכענען יאַנוס, דעם גאָט פון אַלע התחלות. זייַן קולט איז געגרינדעט געוואָרען, לויט דער לעגענדע, דורך ראָמולוס, דעם פאָטער פון רוים, און זייַן טעמפּעל בייַם פאָרום איז געווען אָפען נאָר אין דער צייַט פון קריעג. אַ פערצייַטיגער גאָט איז אויך פאַונוס, דער קעניג פון די פעלדער, און דעם 15־טען פעברואַר האָט מען צו זייַן עהרע געפייַערט אַ הירטען־ אָדער תּשובה־יום־טוב. מאַרס איז פון אָנהויב געווען דער גאָט פון פריהלינג און פרוכטבאַרקייַט, ווען די יונגע קריעגער פלעגען זיך אָפּט ווידמען און געהן אין גלות אונטער זייַן שוץ; שפּעטער, בעת די קריעג האָט פערשלונגען דאָס גאַנצע רוימישע לעבען, איז ער אָבער געוואָרען דער קריעגס־גאָט.

אַ שותּפות'ע געטין בייַ די גריכען און רוימער איז געווען וועסטאַ, די פייַער־געטין. זי איז צוליעב דעם געוואָרען דער צענטר פון פאַמיליען־ און געזעלשאַפטליכען לעבען, וואָס איז ממונה אויפ'ן היַיליגען קאַמין. איהר קולט אין די טעמפּלען האָבען געפיהרט, אונטער דער לייַטונג פון כּהן־גדול, די וועסטאַלינען, צניעות'דיג־ריַינע יונג־פרויען. אויב איינע פון זיי איז בעשולדיגט געוואָרען אין אויסגעלאַסענהייַט, דאָט מען זי בעגראָבען לעבעדיגערהייד. דאָסזעלבע האָט מען די וועסטאַלינען שטרענג בעשטראָפט, אויב ס'האָט זיך אויסגעלאָשען דאָס איַיביגע היַיליגע פייַער, וואָס זיי מוזען שטענדיג אונטערהאַלטען אין טעמפּעל. זזאַ געשעהעניש האָט געדיענט אַלס אַ אומגליקס־צייַכען פאַר'ן רוימישען

פאָלק, און דאָס וועסטאַ-פייער האָט מען זיערער אַנגעצונדען רייבענדיג פרוכט-האָלץ אָדער זון-שטראַהלען.

דער גרעסטער גאָט איז געווען יופּיטער, וואָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף אַלע געביטען פון נאַטור און לעבען, און האָט געשיצט בעזונדערס דאָס רעכט און די פּאָליטישע פרייהייט. דיזען נאַציאָנאַל-גאָט האָט טאַרקוויניוס געבויט אַ טעמפּעל אויפ'ן קאַפּיטאָל. ער איז דער הויפּט-שיצער פון רוימישען גליק, און אַלע אונטערטעניגע פעלקער פון דער רוימישער אימפּעריע האָבען זיך בעטייליגט אין זיין קולט. אַנטיו-כוס-עפּיפאַן, „די אַפּע פון די רוימער", האָט געבויט אַ יופּיטער-טעמ-פּעל אין אַנטיוכיאַ, און אַנדריאַנוס האָט געבויט אזא טעמפּעל אויף די חורבות פון בית-המקדש אין ירושלים. יופּיטער'ס פרוי האָט געהייסען יוּנאָן, די שיצערין פון די פרויען, איבערהויפּט ביים געווינען קינדער. אויפ'ן קאַפּיטאָל האָט מען אויך פערעהרט מינערוואַ, די געטין פון שכל און שאַרפזין.

## § 3. רעליגיע און מלוכה.

די רוימישע רעליגיע איז געווען דער יסוד פון דער מלוכה, און יעדע אָפיציעלע אונטערנעהמונג פלעגט געטאָן ווערען אונטער איהר שוץ. בעת מ'האָט געגרינדעט די שטאָדט רוים אויפ'ן פּאַלאַטין-פּלאַץ האָט מען איהם געהייליגט דורך אַ ספּעציעלע צערעמאָניע: מ'האָט איינגעשפּאַנט אין אַנ'אַקער אַ ווייסען אָקס מיט אַ ווייסער קוה, און מ'האָט אַרומגערינגעלט דעם פּלאַץ מיט אַ אַנ'אַקער-שטרייף. דער צענטער פון דיזען הייליגען פּלאַץ איז געווען דער קאַפּיטאָל, וואו די טרעפערס פלעגען בעאָבאַכטען דעם הימעל, בעצייכענענדיג איהם מיט אַ שטעקען דעם אָרט פון די סימנים, לויט וועלכע זיי דייטען אויס די צוקונפט. שפּעטער, בעת די רוימישע ממשלה האָט זיך אויסגעברייטערט און אַריינגענומען אין איהרע גרענעצען אַ סך נייע לענדער, האָבען די טרעפערס געזאָגט זייערע נבואות אויך אויסער רוים, און די אַרמעען פלעגען מיט זיך טראָגען אין דער מלחמה אַלע הייליגע סימבאָלען, וואָס מ'האָט געברויכט דערצו.

די פּערזאָנען און חפצים, וואָס האָבען געהערט צום קולט, האָבען זיך גערעכענט פאַר הייליג. דורך געוויסע צערעמאָניעס האָט מען

מקדיש געווען (הייליג געמאַכט, איינגעווייהעט, געווידמעט) פּריוואַטע אָדער שטאַטס-זאַכען צום קולט; צו די געטער האָט מען אויך מקדיש געווען געוויסע סאָרטען פערברעכער. דעם מאַן וואָס האָט פערקויפט, למשל, זיין פרוי האָט דאָס געזעץ אָבגעשענקט די געטער פון אונטער-ערד, כדי זיי זאָלען זיך מיט איהם אָברעכענען; די פּאַטראָנ׳ס און קליענטען, וואָס האָבען ניט געהיט זייער פליכט, האָט מען איבערגעגעבען יופּיטער׳ן, און די וואָס זענען מסיג גבול — צום גאָט טערמינוס.

די רעגירונג האָט אַכטונג געגעבען דורך איהרע גלחים אויף דעם פאַמיליען-קולט, וואָס יעדער האָט אָבגעריכט צו הויז, בעזונדערס אויף דער אויספיהרונג פון די פליכטען, וואָס יעדער איז שולדיג זיינע פערשטאָרבענע עלטערען. די גלחים האָבען געזאָרגט, אז דער מת זאָל בעקומען א פּאַסענדען קבר, און אז זיינע לעבעדיגע קרובים זאָלען פאַר איהם אָבריכטען די נויטיגע צערעמאָניעס און איהם ברענגען די בעשטימטע קרבנות. די אָפיציעלע גלחים האָבען אויך געפיהרט די צערעמאָניעס פון דער חתונה, וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר א הייליגע אינסטיטוציע.

מיט׳ן קולט פון געוויסע געטער האָבען זיך נאָר בעשעפטיגט בעשטימטע מיוחס׳דיגע פאַמיליעס, און אז זיי פלעגען אויסשטאַרבען האָבען איבערגענומען דיעזען קולט אָפיציעלע חברות. ס׳האָבען אויך עקזיסטירט פּריוואַטע חברות מיט רעליגיעזע צוועקען, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דער קבורה פון אָרימע לייט, און ד. ג. בכלל איז דאָס רוימישע פאָלק געווען איינגעטיילט אין דרייסיג קוריעס, וואָס יעדערע פון זיי האָט געהאַט א בעזונדער קולט. אויסערדעם האָבען זיי געהאַט אַנ׳אַלגעמיינעם קולט, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער לייטונג פון א כהן-גדול. די הוצאות פון עפענטליכען קולט האָט געגעבען די רעגירונגס-קאַסע. אין די לאַנדס-ימים-טובים האָבען די קוריעס געמאַכט מאָלצייטען, געאָפּפערט א פעטע קוה צו דער געטין טעלוס, און געברענט תבואה מיט קערנער, געברויכענדיג דאָס אַש אויף ריינינגונגס-צערעמאָניעס.

אין בעשטימטע טעג און ביי געוויסע געלעגענהייטען האָט מען געפייערט צערעמאָניעס פון תשובה און ריינינגונג, כדי די תבואות און בהמות זאָלען געראָטען זיין, כדי אָבצוואַשען די זינד פון פאָלק, אָדער כדי פּטור צו ווערען פון א אומגליק. מ׳האָט דאַן געאָפּפערט אַ חזיר, א שעפּס און אַנ׳אָקס, ארומפיהרענדיג פריהער די קרבנות דריי מאָל

ארום דעם פונקט, וועלכען מ'האט געוואלט ריינינגען. א גרויסע ריינינגונגס-צערעמאניע פלעגט פארקומען אויפ'ן מארס-פעלד נאך דער צעהלונג פון פאלק; אין אנ'אנדער תשובה-יום-טוב, פאלילא, האט יעדער פאמיליען-פאטער אין רוים געבראכט די ריינינגונגס-ארטיקלען פון טעמפעל אהיים. ער האט זיך געלאזט אבשפריצען מיט הייליג וואסער, ער האט גערייניגט דאס הויז מיט דאמפף פון שוועבעל, איז געשפרונגען איבער ברענענדעס שטרוי פון באב, האט געאפפערט קרבנות און גענומען אנ'אנטייל אין דעם עפענטליכען מאלצייט.

די ארטיגע קולטען זענען קיינמאל ניט אויסגעגאנגען אין דער רוימישער אימפעריע. זיי זענען געווארען א טייל פון דער אפיציעלער רעליגיע, און זענען געשטאנען אונטער דער השגחה פון די גלחים אין דער הויפט-שטאדט.

---

## § 4. די גלחישע קלאסען.

די הויפט-פיהרונג פון די רעליגיעזע צערעמאניעס האט געהערט צו די מאגיסטראטען, צו די שטאטס-בעאמטע, און די גלחים האבען זיך נאר גערעכענט פאר זייערע העלפער און יועצים בנוגע צום קולט. פון דעסטוועגען האבען די גלחים געהאט א געוויסען איינפלוס אויף דער רעגירונג, און דארום האבען די פלעבעער (המון, מאסע-מענשען) לאנג געקעמפפט פאר דאס רעכט צו פערנעהמען גלחישע שטעלעס, ביז זיי האבען דערגרייכט זייער וואונש אין יאהר 300 פאר קריסטוס.

די גלחים וואס זענען געווען ממונה אויף דער נאציאנאלער רעליגיע, די פאנטיפיצעס, זענען געשטאנען אונטער דער השגחה פון כהן-גדול. פערצייטען האבען זיי געדיענט אויך אלס ריכטער, וואס ערקלערען די געזעצען פון די צוועלף טאבעלן, און האבען בעשטימט דעם לוח פון יאהר; שפעטער איז אבער זייער ראליע וואס וויי־טער קלענער געווארען, און זיי איז נאר פערבליבען די פיהרונג פון די ריין רעליגיעזע אינטערעסען. זיי האבען געזארגט, אז די צערעמאניעס זאלען ריכטיג אויסגעפיהרט ווערען, און פאר געוויסע עבירות האבען זיי פערארדנעט א זינד-קרבן. בעת ס'איז פארגעקומען א אונגעוועהנליך געשעהעניש, ס'האט פאסירט א ערד-ציטערניש אדער א דונער איז ערגעץ אראבגעפאלען, האט זיך די רעגירונג געווענדט מיט אנ'אנפראגע צו די

גלחים, ווי איינצושטילען גאָט׳ס כעס. אָפטמאָל האָבען די גלחים אנער־קענט, אז די געשעהעניש מוז אויסגערעכענט ווערען, און דאן האָט מען זיך געווענדעט צו דער קלאס טרעפּערס, וואָס האָבען ערקלערט די בעדייטונג פון צופאל און האָבען בעשטימט די מיטלען פון תשובה.

די גלחים האָבען אויך געהאט א שייכות צו די הייליגע נדבות. אין נאַציאָנאלע אומגליקען, ווי א מגפה, א מפלה אין דער מלחמה און ד. ג., האָבען זיך די רוימער נוהג געווען צו שענקען די געטער טעמפּ־לען, קרבנות און אנדערע מתנות. דאָסזעלבע האָבען די מאגיסטראטען געשענקט די געטער מתנות אלע ניי־יאָהר, און אין שפּעטערע צייטען — פון קייזער׳ס וועגען, און אין דיזע אלע פעלען האָט דער גלח אויסגע־שפּראָכען דעם נוסח פון דער הייליגונג, און דער מאגיסטראט אָדער דאָס פאָלק האָט עס ווידערהאָלט.

אַן אנדער סאָרט גלחים זענען געווען די פּופּצעהן פלאמינ׳ס, וואָס האָבען געפיהרט בעשטימטע קולטען. דער גרעסטער פון זיי האָט געמוזט פיהרען א שטרענג רייגעס לעבען. ער האָט נישט געטאָרט זעהן קיין שום טויטע אָדער אומריינע זאך, זיין שפּייז און קליידונג האָבען געמוזט זיין גאנץ ריין, און אז ער פלעגט זיך בעוויזען האָט מען אויפ־געהערט יעדע קריעג און בעשעפטיגונג און פריי געלאָזען די געבונדענע אַרעסטאַנטען.

די גלח׳טעס (וועסטאלינען) פלעגען אנקומען אין זייער דיענסט צו 6 — 10 יאָהר, און האָבען ערפילט זייער פליכט אין א משך פון דרייסיג יאָהר: 10 יאָהר אלס שילערינס, 10 יאָהר האָבען זיי אָבגע־דינט דעם קולט, און 10 יאָהר אלס לעהרערינס פון די יונגע. נאָכ־הער האָבען זיי געמעגט פערלאָזען די שטעל און חתונה האָבען, דאָס רוב פון זיי זענען אָבער פערבליבען דאָס גאנצע לעבען אין טעמפּעל. די וועסטאלינען האָבען אונטערגעהאלטען דאָס הייליגע פייער אין וועסט־טעמפּעל, און צוגעגרייט די מאכלים און זינד־אָפּפער פאר׳ן עפענטליכען קולט. זיי זענען געווען זעהר געעהרט, דער קאָנסול אליין פלעגט זיי אָבטרעטען דעם פּלאַץ אין גאס; ביי די פאָלקס־שפּיעלען זענען זיי געזעס־סען אויבען־אָן, דעם פערמשפּט׳ען, וואָס זיי האָבען בעגעגענט האָט מען פריי געשפּראָכען, און נאָכ׳ן טויט האָט מען זיי מקבר געווען אויפ׳ן פאָרום. דערפאר האָט מען זיי שטרענג געשטראָפט פאר אונפּינקטליכ־קייט אין זייער ראָליע. האָט זיך אויסגעלאָשען דאָס פייער אין טעמפּעל האָבען די וועסטאלינען בעקומען שמיץ, און פאר אויסגעלאַסענהייט האָט

מען זיי לעבעדיג בעגראבען. מ'דערצעהלט א מופת, אז די וועסטאלין
שוקציא האט אין יאהר 145 פאר ק. געטראגען וואסער אין א זיפ, כדי
צו דערווייזען איהר אונשולד.

א גרויסע ווירקונג אויף דעם געזעלשאפטליכע לעבען האבען אויך
געהאט די טרעפער'ס (אויגורעס). ביי יעדער געלעגענהייט האט
זיך די רעגירונג געווענדעט צו זייער ראט, און זיי האבען געקענט אב-
שטעלען אדער בייטען אלערליי החלטות. די טרעפער'ס פלעגען פארזא-
גען די צוקונפט, אויסדייטענדיג דאס פליהען פון די פויגלען און זייער
געזאנג, די געשטאלט פון בליץ און דאס פיקען פון די הינער. דיעזע
לעצטע אויסדייטונג האט מען געברויכט אם מייסטען אין דער היסטארי-
שער עפאכע; דאגעגען האט מען זיך געהיט אויסצודייטען די סמנים פון
די פיער-פיסיגע בעלי-חיים און די צופעליגע ערשיינונגען, ווייל זיי פלעגען
אפט געבען שלעכטע נבואות. ס'זענען אויך געווען אין רוים פריוואטע
און פרעמדע טרעפערס (הארוספיצעס), בעזונדערס פון עטרוריע. זייער
קונסט האט זיך גערעכענט פאר אבערגלויבען, פון דעסטוועגען פלעגט
זיך דער סענאט אפטמאל מיט זיי בעראטען.

א בעזונדער קלאס גלהים האט זיך בעשעפטיגט מיט'ן קולט פון
די פרעמדע געטער, וואס זענען אפיציעל פערעהרט געווארען. צו דיע-
זען קולט האבען א נאהענטע שייכות די סיבילישע נבואה-ביכער, וואס
פערעהרען איבערהויפט דעם גאט אפאלאן. בעת דער סענאט האט עס
פערלאנגט, האבען די גלחים אויסגעדייט די סיבילישע נבואות, כדי צו
ראטען וועגען דער צוקונפט.

אויסער די פיער הויפט-גרופעם פון גלחים, האט זיך אין רוים
געפונען א גאנצע סעריע פון וועניגער וויכטיגע גלחים. א געוויסע גרופע
גלחים (פעטיאלעס) איז געווען ממונה, למשל, אויף דאס אינטערנאציא-
נאלע רעכט, אויף די צערעמאניעס פון שלום און קריעג. בעת רוים
האט געשלאסען א פריינדשאפטס-בונד מיט אנ'אנדער מלוכה, האבען
אט די גלחים געלאזט שווערען ביידע צדדים ביי דער הייליגקייט פונ'ם
שטיין, וואס זיי האבען געבראכט פון יופיטער-טעמפעל, און האבען
געהייליגט דעם בונד, אפפערנדיג א חזיר אויף דיעזען שטיין. אידער
רוים האט ערקלערט א קריעג, האט דער ערשטער פון דיעזע גלחים
געפאדערט ביים שונא בעפרידיגונג בדרך שלום, און אז ס'האט ניט
געהאלפען, האבען די גלחים 33 טעג שפעטער אריינגעשאסען א בלוטי-
גע פייל איבער דער גרענעץ פון זיין לאנד, צו צייגען, אז די מלחמה

הויבט זיך אָן. אין שפּעטערע צייטען, בעת רוים האָט געפיהרט מלחמות אין ווייטע לענדער, האָט מען יוצא געווען, אָבמאַלענדיג דיזע צערעמאָניע פאַר׳ן טעמפעל פון בעלאָן.

די גרופּע גלחים סאַליענס האָבען געזונגען און געטאַנצט לכבוד געוויסע געטער און געהייליגט די פייל-בויגענס. די גלחים פון פאַלנוס פלעגען לויפען אין תשובה-יום-טוב פון לופּערקאַלעס האַלב נאַקעט איבערן פאַלאַטין-פלאַץ, און פלעגען שמייסען מיט רצועות די עקרות, וואָס זיי האָבען בעגעגענט, כדי זיי זאָלען האָבען קינדער. דאָסזעלבע פלעגען די אַרוואַלעס בעזאָרגען דורך געוויסע צערעמאָניעס די פרוכטבאַרקייט פון דר׳ערד.

---

## § 5. דער לוח און די ימים-טובים.

ביז יוליוס-צעזאַר איז דער רוימישער לוח געווען צומישט און אונבעשטימט, און דיזער הערשער האָט איהם רעפאָרמירט און געאָרדנעט. פריהער האָט אַ גלח פערציילענט דאָס ערשטע מאָל ווען די לבנה האָט זיך בעוויזען, און דאַן האָט מען מודיע געווען דעם עולם, ווען דער חודש הויבט זיך אָן. אין געוויסע טעג האָט מען געאָפפערט צו די געטער, אין אַנדערע טעג זענען ניט פאָרגעקומען קיין עפענטליכע זיצונגען. געוויסע טעג האָבען זיך גערעכענט פאַר ניט-מזל׳דיגע, ווען מ׳מאַכט ניט קיין נייע אונטערנעהמונג, מ׳פייערט ניט קיין חתונה און מ׳פאָהרט ניט אַרוים אין וועג. און דאָס אלץ איז געווען בעצייכענט אין לוח. אייניגע מאָנאַטען האָבען געהייסען לויט נעמען פון געטער, ווי מאַיוס (מאַיאַ — געטין פון פריהלינג), יאַנואַריוס (יאַנוס), מאַרטיוס (מאַרס). אין בירגערליכען לעבען איז יאַנואַר געווען דער ערשטער מאָנאַט, בנוגע צו רעליגיע האָט זיך אָבער דער תשובה-מאָנאַט פעברואַר גערעכענט פאַר׳ן לעצטען.

אין לוח זענען נאַטירליך געווען פערציילענט נאָר די ימים-טובים, וואָס זענען בעשטימט אויף אַ פעסטען טאָג. צווישען די אונבעשטימטע ימים-טובים האָבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט די „לאַטינישע פייערטעג". די נייע קאָנסולען האָבען ניט געטאָרט אָברייזען אין דער פּראָווינץ כל-זמן מ׳האָט ניט געפייערט דיזע ימים-טובים. מ׳האָט דאַן מקריב געווען אויפ׳ן בארג אַלבאַנוס אַ ווייסען אָקס צו יופּיטער, און

צוטיילט זיינע חלקים צווישען די שטערן פון לאטיינישען בונד. נאכהער האט מען געמאכט א מאלצייט, און איינגעארדענט עפענטליכע שפיעלען. די פעסטע ימים-טובים אין פערציישטיגען רוים האבען געהאט א שייכות צו ערד-ארבייט, צו וויין-קולטור, צו דער זון, צום פאמיליען-לעבען און ז. וו.; מיט א בעזונדער פאראד האבען זיך אויסגעצייכענט די ימים-טובים פון קריעגס-גאט מארס אין חודש מארט. מ'האט דאן פערעהרט די פיילען-בוינעגס, געטאנצט מיט די כלי זין און געהייליגט די קריעגס-טרומייטען.

אין לוח זענען אויך געוועזען בעצייכענט די געבורטס-טעג פון דער קייזערליכער פאמיליע, די טעג ווען מ'האט געגרינדעט די גרויסע טעמפלען און די עפענטליכע שפיעלען. די עלטסטע פון זיי זענען די „רוימישע שפיעלען", וואס מ'האט איינגעארדנעט אין הערבסט, בעת די זיעגער-ארמעע האט זיך אומגעקעהרט פון שלאכט-פעלד. פון אנהויב האבען זיי נאר געדויערט איין טאג, נאכהער — 16. די רוימישע יוגענד און די שפיעלער זענען דאן געגאנגען אין א פייערליכער פראצעסיע מיט די הייליגע סימבאלען און די געטער-פיגורען. דאס וועטען איז בעשטאנען אין לויפען און פאהרען. ביי די „פלעבעאישע שפיעלען" האט מען אויך פארגעשטעלט סצענעס, און בעת די „תבואה-שפיעלען" האט מען צוגעבונדען האלאוועשקעס צו די עקען פון פוקסען און זיך געיאגט נאך זיי; ס'זענען אויך געוועזען א גוזמא אנדערע אפיציעלע און פריוואטע שפיעלען, די פרעהליכסטע פון זיי, לכבוד אפאלאן, זענען אויסגעפאלען אין מאי.

## § 6. די אור-לעגענדען.

די לעגאנדארישע ערצעהלונגען וועגען דער ענטשטעהונג פון רוים, וואס זענען געוועבט געווארען אין משך פון יאהרהונדערטען, ענטדעקען אונז פיעל פערציישטיגע רעליגיעזע מנהגים און פאליטישע געשעהענישען, וואס די געשיכטע ווייס פון זיי ניט. דער הויפט-העלד אין די לעגענדען איז הערקולעס, דער פאטער פון לאטיינישען פאלק. ער האט דערהרג'עט דעם ריעז ז'עריאן, אוועקגערויבט זיינע אקסען און זיך בעזעצט ביים קעניג עוואנדר אויפ'ן פאלאטין-בארג. באלד נאכדעם איז געקומען דער רויבער קאקוס, וואס האט געוואוינט אין א הייל פון בארג אווענטין,

און האט גע'גנב'עט די אָקסען, שלעפענדיג זיי הינטערוויילעכס, כדי הערקולעס זאָל נישט דערקענען די טריט. די אָקסען האָבען אָבער אנגעהויבען שרייען, דער העלד האט דערהערט דאס געשריי און געהרג'עט דעם גנב. און דאן האט הערקולעס געמאַכט מאַלצייטען פאַר די רוימער, און געגרינדעט דעם קולט פון „אַרא מאַקסימאַ".

לויט דער לעגענדע, איז די שטאָדט רוים געבויט געוואָרען אויפ'ן פּאַלאַטין-בארג דורך ראָמולוס. ער און זיין צווילינגס-ברודער רעמוס זענען געבוירען פון אַ קעניגליכער טאָכטער פון אַלבע, וואָס האט געדיענט אלס וועסטאַלין און איז שוואַנגער געוואָרען פון גאָט מארס. אונטער'ן פּאַלאַטין-בארג האט אַ וועלפין אָנגעזויגען די פערלאָזענע קינדער און אַ פּאַסטוך, פאַוסטולוס, האט זיי ערצויגען. נאָכהער האָבען זיי צוזאַמען מיט די פּאַסטוכער געגרינדעט די שטאָדט רוים, און דער אָראַקול האט בעשטימט פאַר'ן הערשער ראָמולוס, וועלכער האט ערמאָרדעט זיין ברודער רעמוס, דערפאַר וואָס ער איז איבערגעקראָכען איבער'ן מויער פון שטאָדט, כדי צו ווייזען, אַז דער מויער איז נישט היילינג. אַ שפּעטערע לעגענדע איז מוסיף, אַז ראָמולוס איז נישט געשטאָרבען, נור פערשוואונדען געוואָרען אין אַ שטורם-ווינד און איז ארויף לעבעדיג אויפ'ן הימעל.

מיט דער גרינדונג פון רוים האט זיך שפּעטער אויך פערבונדען די לעגענדע פון ענעאוס, — אַ נאָמען, וועלכען די געשיכטען פון טראָיאַ האָ־ען צוטראָגען איבער אַלע גריכישע קאָלאָניעס. מעגליך, אַז די גריכישע סיבילען-ליטעראַטור האט אין דעם אויך אַ טייל. ס'ווערט דערצעהלט, אַז די העלדען פון טראָיאַ, וועלכע זענען זיך צולאָפען נאָך דער אומגליקליכער מלחמה מיט די גריכען, האָבען זיך געראַטעוועט אויף אַ שיף, וואָס איז צובראָכען געוואָרען נישט ווייט פון די איטאַליענישע ברעגען. דאָן זענען פאָרגעקומען דריי מופתים, וואָס האָבען איבערצייגט די אַנטלאָפענע, אַז זיי דאַרפען זיך בעזעצען אין איטאַליען און דאָרט גרינדען שטעדט: זייערע בעגלייטער האָבען איינגעשלונגען די אָפּפער-טישען; אַ חזיר, וואָס האט זיי געדיענט אלס וועג-ווייזער, האט אויפ'ן ברעג געבוירען 30 חזירים'לעך, וועלכע בעצייכענען די דרייסיג שטעדט פון לאַטיינישען פערבאַנד; און אַן אָדלער מיט אַ וואָלף האָבען גענעהרט דאס פייער, וואָס זיי האָבען פונאַנדערגעלייגט אין וואַלד, — אַ צייכען, אַז יופּיטער און מארס וועלען היטען פון אויסלעשען דאס היילינגע פייער פון דער נייער קאָלאָניע. ענעאוס פון

טראָיאַ האָט דאַן חתונה געהאַט מיט לאַוויניאַן, די טאָכטער פון איטאַליענישען קעניג לאַטינוס, און געגרינדעט דאָס הייליגע לאַוויניום, וואו ער האָט איינגעפיהרט דעם קולט פון די פענאַטען, וועלכע ער האָט געבראַכט פון זיין פאָטערלאַנד. ענעאוס איז מיט דער צייט פערגעטערט געוואָרען, און זיין לעגענדע האָט בעקומען אויך אַ פּאָליטישע שאַטירונג. די שווערע מלחמה פון פירוס מיט רוים האָט מען, למשל, בעטראַכט אַלס אַ נקמה פון די גריכען נעגען זייערע אַלטע שונאים, די טראָיער. דאָס זעלבע האָבען די רוימער פערלאַנגט פון דער גריכישע רעגירונג בעזונדערע פריווילעגיעס פאַר זייערע „טראָיער קרובים“, וואָס זיצען אין קליין-אַזיע. מיט דעם טראָיער יחוס האָבען זיך אָבער איבערגענומען אין די שפּעטערע צייטען ניט דאָס רוימישע פאָלק בכלל, נאָר די אַריסטראָקאַטישע פאַמיליעס, בעזונדערס די קייזערליכע פאַמיליע „יוליא“. די „ענעאידע“ פון דיכטער ווירגיל איז דאַרום פערפאַסט געוואָרען אין דער קייזער-צייט.

---

## § 3. רעליגיע און מלוכה.

די רוימישע רעליגיע אַליין האָט זיך ניט ענטוויקעלט, און איז געבליבען כמעט אין אַ משך פון מעהר ווי טויזענד יאָהר, ביז דער קייזער טהעאָדאָסיוס האָט אין פיערטען יאָהרהונדערט נאָך ק. געמאַכט אַ סוף צו איהרע אַלטע אינסטיטוציעס. פון דעסטוועגען קען מען איהר געשיכטע איינטהיילען אין פערשידענע פעריאָדען, לויט די רייכע הוספות, וואָס זי האָט בעקומען פון פרעמדע גלויבענס. די רוימער האָבען געהאַט אַ טבע צו לייהען ביי די פעלקער, וואָס זיי האָבען איינגענומען, די גייסטיגע אייגענשאַפטען, וואָס זייער אמונה האָט נישט געהאַט. פון די גריכען האָבען זיי זיך, למשל, געלערנט צו רעגולירען זייערע געדאַנקען און זייער מאָראַלישען לעבען, און די מזרחישע אמונות האָבען זיי געדינט אַלס מוסטער פון הייליגער התלהבות און טיעפען גלויבען. דיעזע נייעסען האָבען, אמת, וועניג געשטימט מיט די פערגליווערטע פאָרמען פון דער אַלטער שטאַטס-רעליגיע; זיי האָבען אָבער געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף דעם גייסטיגען לעבען פון דער לאַטיינישער הויפּט-שטאָדט. מיר קענען אַלזאָ איינטהיילען דיעזען איינפלוס אין פיער פעריאָדען: 1) ביז טאַרקוויניוס, 2) ביז די

פונישע מלחמות, 3) ביז'ן סוף פון דער רעפובליק, און 4) די קייזער־צייט.

די רוימער האָבען געהאַלטען זייער רעליגיע פאַר אַזוי אַלט ווי די שטאָדט רוים אַליין, און אַלס איהרע גרינדער האָבען זיך גערע־כענט ראָמולוס און נוחא.

אין דיעזער פערצייטיגער רעליגיע געפינען מיר אַלע פּרטים פון אַמאָליגע אמונות, וועלכע זענען דאָ גאַנץ בולט, ווייל די פערצייטיגע רוים האָט נישט געהאַט נישט קיין מיטאָלאָגישע שילדערונגען און נישט קיין דאָגמאַטישע טעאָריעס, וואָס זאָלען דיעזע פּרטים פערהי־לען מיט אַ שלייער. מיר זעהען דאָ ביי דעם קולט פון דער נאַ־טור, פון בוימער און בעלי־חיים, ביי דעם פּרימיטיווען פעטישיזם און די פערגעטערונג פון רוחות, מתים און נשמות. אין דער היס־טאָרישער צייט האָט נאָך רוים געהאַט הייליגע וועלדער, און האָט פערגעטערט דאָס וואַסער און דאָס פייער. דאַסזעלבע האָט מען פערהייליגט געוויסע חיות, ווי דעם וואָלף און דעם פּיק־פויגעל, און אַלטע געוועהר, ווי די פּיקע פון קווירינוס.

דורכ'ן קולט האָבען די רוימער, ווי אַנדערע פעלקער, געזוכט מפייס צו זיין די געטער, אום יענע זאָלען זיי שיצען פון אַלע אומ־גליקען. זיי האָבען געוועהנליך געאָפּפערט חזירים, שעפּסען, אָקסען, אָפּטמאָל אויך פערד. די מענשען־קרבנות האָבען זיך אין די שפּע־טערע צייטען סימבאָליזירט אין די דרייסיג ליאַלקעס, וואָס מ'האָט אַריינגעוואָרפען אין טיבער, און אין דעם מנהג מקדיש צו זיין די יוגענד צו מאַרס. אַ געוויסען איינפלוס אויף דער רוימישער רעליגי־יע האָט געהאַט די מרה־שחורה'דיגע אמונה פון די עטרוסקער, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער אכזריות'דיגען קולט, מיט זייע־רע אומעטיגע געדאַנקען וועגען יענער וועלט און מיט גרויס פּחד פאַר די נבואה־צייכענס. דעם ערשטען רוימישען טעמפּעל אויפ'ן קאַ־פּיטאָל האָט אויך געבויט אַ עטרוסקער אַרכיטעקט, לויט דעם פער־לאַנג פון טאַרקוויניוס דעם אַלטען. אין דיעזען טעמפּעל, וואָס איז שפּעטער געוואָרען דער רעליגיעזער צענטר פון דער רוימישער אימ־פּעריע, האָט מען פערעהרט דריי געטער: יופּיטער, יונאָ און מי־נערווע.

אין קאַפּיטאָל־טעמפּעל האָבען זיך אויך געפונען די סיבילישע נבואה־ביכער, וועלכע האָבען איינגעפיהרט אין דער רוימישער אָביצ־

יעלער אמונה גריכישע געטער, ווי אפאלאן. די לעגענדע דערצעהלט, אז מ'האט געבראכט נייַן אזעלכע ביכער טארקוויניוס דעם יונגען און ער האט זיי נישט געוואלט קויפען, ער האט אבער באלד חרטה געהאט און האט מיט גרויס מיה קוים בעקומען דריי פון זיי. א ספעציעלע גרופע פון גלחים איז געווען בעשטימט אויף אויסצודייטען דיעזע שריפטען, און איינצופיהרען זייערע רעליגיעזע מנהגים. אין לעצטען יאהרהונדערט פון דער רעפובליק, בעת די סיבילען-ביכער זענען פערברענט געווארען אין דער גרויסער שרפה, האט דער סע-נאט באלד אופגעזאמעלט אלע סיבילישע טראדיציעס, וואס זענען געבליבען אין קליין-אזיען, זייער געבורטס-לאנד. די סיבילען זענען געווען זייער טייער אין רוים, ווייל זיי האבען אנגעוויזען, ווי מ'קען פטור פון די גרויסע פאלקס-אומגליקען דורך צערעמאניעס לכבוד גע-וויסע גריכישע געטער. אין יאהר 431 פאר ק., בעת ס'האט אויסגעבראכען א גרויסע עפידעמיע אין רוים, האט מען דארט גע-בויט דעם ערשטען טעמפעל צו אפאלאן, דעם גאט פון רפואה און מחילה. דאסזעלבע האט מען שפעטער איינגעפיהרט פון זיין כבוד וועגען די „אפאלאנישע שפיעלען", און מ'פלעגט זאגאר זיך געהן בעראטען מיט זיין אראקול אין דעלפע. ביסלעכווייז האבען די סי-בילען פערשפרייט אין רוים אויך אנדערע גריכישע געטער, וואס מ'האט אפטמאל פעראייניגט מיט די רוימישע. צולעצט האט מען אראבגעבראכט מיט גרויס פאראד פון עפידאר דעם מעדיצין-גאט עס-קולאפ, כדי איינצושטילען א שרעקליכע מגפה אין יאהר 291.

דאן זענען איינגעפיהרט געווארען אין רוים אויך פיעל רעליגיע-זע מנהגים פון גריכענלאנד. למשל, דער מנהג צו לעגען די געטער פארוויין אויף בעטען אויף אפענע פלעצער אדער אין טעמפעל, און צו שטעלען פאר זיי טישען מיט אנ'אפפער-מאלצייט. אזוי וואקסט פון גריכענלאנד אויך די צערעמאניע פון די פייערליכע פראצעסיעס, אין וועלכע דער המון געהט געקרוינט מיט לארבער-בלעטער און מיט מוזיק פון איין טעמפעל צום צווייטען, כדי איבעראל מתפלל צו זיין. אין דיעזער צווייטער עפאכע פון דער רעליגיאנס-געשיכטע האבען די מאסען פלעבעער אנגעהויבען נעהמען אנ'אנטהייל אין אפיציעלען קולט און בעקומען גלחישע שטעלעס,—א רעפארם, וואס דאט שפעטער אב-געשוואכט די רוימישע רעליגיע. די ירידה האט זיך אנגעהויבען אין דער צייט פון די פונישע מלחמות.

גענעראַלען ווי פלאַמיניוס און פאַביוס-קונקטאַטאָר האָבען אויפגעהערט צו גלויבען אין די נבואות פון די טרעפער און האָבען זיי מעהר אין קריעג נישט מיטגענומען, און אַנ'אַנדער בעפעהלער האָט זיך נישט אָבגעשראָקען פאַר די הינער. וואָס האָבען נישט געוואָלט פיקען די קערנער, וועלכע מ'האָט זיי געגעבען; אָנשטאָט צו זעהן אין דעם אַ שלעכטע נבואה און צו טאָן תשובה, האָט ער געהייסען אַרײַנוואַרפען די הינער אין ים. פונדעסטוועגען האָבען די נײַע מפלות אין קריעג און אַנדערע פאָלקס-אומגליקען בעוואוינגען די רוימער צו בויען נײַע טעמפּלען פאַר פרעמדע הילפס-געטער. מיט אַ בעזונדער פאַראַד האָט מען געבראַכט אין רוים, לויט דעם ראַט פון די סיבילליען און דעם גריכישען קעניג אַטאַלע, דעם הייליגען מופתים-שטיין פון דער „גרויסער מוטער", ד. ה. פון דער אידאַ-געטין. דאַגעגען האָבען זיך אַנדערע פרעמדע קולטען שווער פערשפרייט אין רוים. דעם קולט פון איזיס האָט מען אין יענער עפּאָכע זאָגאַר איינינגע מאָל פערבאָטען אַלס אַ נאַרישען אַבערגלויבען און אַ אורזאַך פון פּאָליטישע מהומות. געוויסע מזרח'ישע קולטען זענען דאַרום אײַנגעפיהרט געוואָרען אין רוים בעהאַלטענערהייד; אין יאָהר 186 פאַר ק. האָט מען, למשל, ענטדעקט אין רוים דעם בעהאַלטענעם באַקחאַנאַלען-קולט, וואו ס'פלעגען פאָרקומען שרעקליכע פערברעכען, און מעהר ווי צעהן טויזענד מענשען זענען פעראורטיילט געוואָרען פאַר פערגיפטונג, הפקרות און רמאות. אַ סימן פון דער רעליגיעזער ירידה קען מען שוין זעהען דאַן אויך אין דעם, וואָס געוויסע רוימער האָבען זיך ערלויבט אין יאָהר 181 פאַר ק. אונטערצוואַרפען אַ פאַלשע צוואה דעם פערצײַטיגען קעניג נומא אין זײַן בלומרשט'ען קבר. דיזע אפּיקורסישע שריפט האָט געשטרעבט מבטל צו זײַן די פּאָזיטיווע פאָלקס-רעליגיע, און דער סענאַט האָט זי, נאַטירליך, פערברענט.

די אײַנפאַכע און פרומע זיטען פון די פערצײַטיגע רוימער זענען אין יענע צײַטען פערדאָרבען געוואָרען דורך דעם נײַעם לוקסוס. די נצחונות אין די פונישע מלחמות האָבען רוים אײַנגעבראַכט אַ סך רײַכטימער, און ס'האָט זיך אָנגעהויבען ענטוויקלען אַ קלאַס ספּעקולאַנטען און לעב-יונגען, וואָס זוכען געפעהרליכע מסחר-אונטערנעהמען און אויסגעלאַסענע מזרח'ישע פערגניגענס; דער קולט האָט אויך בעקומען אַ גרויסע פראַכט, און זײַן גוואַלדיגער לוקסוס האָט אַרויפגעלעגט אויף דער רעגירונג און די גלויביגע אַ גוזמא הוצאות. די

שפּיעלען און די הייליגע מאָלצייטען האָבען זיך אויך אויפגעצייכענט מיט גרויס פּאַראַד און גוואַלטיגע אויסגאַבען. ס'האָט זיך דאַרום פערשפּרייט דער מנהג, אַז די גבירים זאָלען שענקען רייכע נדבות פאַר די געטער און די טעמפּלען.

אין דיעזער עפּאָכע האָט זיך אויך אָנגעהויבען פערשפּרייטען אין רוים די גריכישע פילאָזאָפיע, וואָס איז שוין געקומען צו אַ ירידה. ענעאוס האָט דער ערשטער אָנגעהויבען זוכען אין די רעליגיעזע לעגענדען היסטאָרישע געשעהענישען און פילאָזאָפישע געדאַנקען, אָבשוואַכענדיג ד'ערמיט די אמונה. אין יאָהר 155 האָבען די בירגער פון אַטהען געשיקט קיין רוים אַ דעפּוטאַציע פון דריי פילאָזאָפען, מיט אַ בקשה, אַז מ'זאָל זיי בעפרייען פון דער שווערער געלד-שטראָף, וואָס די רעגירונג האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט. די געשיקטע פילאָזאָפען האָבען גלענצענד פערטיידיגט זייער זאַך דורך אַ דיאַלעקטישען פּלפּול, וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסען רושם אויף די רוימער און האָט געבויגען זייערע גלייכע און אונבעוועגליכע געזעצען. אין צווייטען יאָהרהונדערט פאַר ק. האָט זיך אויך בעזעצט אין רוים דער סטאָאיקער פּאַנעטיעס, דער אמת'ער גרינדער פון דער רוימישער פילאָזאָפיע, וואָס האָט נאָכגעאַהמט דער גריכישער.

ס'פערשטעהט זיך, אַז די פרעמדע אמונות, זיטען און אידעען, האָבען אין רוים אויך אַרויסגערופען אַ געגען-רעאַקציע פון נאַציאָנאַלען פאַנאַטיזם. אין יאָהר 161 האָט דער סענאַט פערטריבען פון רוים די גריכישע פילאָזאָפען און רעדנער, און קאַטאָן דער אַלטער האָט פערטיידיגט די פערצייטיגע זיטען געגען די פרעמדע קולטען, דעם פערדאָרבענעם לוקסוס און די גריכישע פילאָזאָפיע. ער האָט זיך קיינמאָל נישט בעראַטען מיט אַ פרעמדען טרעפער, און האָט זאָגאַר פעראורטהיילט די ליטעראַטור בכלל צוליעב דעם גריכישען איינפלוס. די גריכישע קולטור האָט שוין אָבער דאַן געהאַט אין רוים אזעלכע ענערגישע פערטיידיגער, ווי די סציפיאָנס און די גראַקכען. זיי האָבען בעטראַכט די רוימישע רעליגיעזע אינסטיטוציעס פאַר'ן אומוויסענדיגען המון, און די געטער אַלס סימבאָלען פון פילאָזאָפישע געדאַנקען. אַזעלכע אַנשויאונגען האָבען אָבער אָבגעשוואַכט די תמימות'דיגע אמונה פון פאָלק, און דאָס אָנזעהן פון דער אָפיציעלער רעליגיע איז וואָס ווייטער מעהר געפאַלען.

## § 13. די ענדע פון דער רעפּובליק.

די אָבשוואַכונג פון די שטרענגע זיטען, ווי דער אינדעפערענטיזם בנוגע צו אמונה־זאַכען און פּאַטריאָטיזם בכלל, האָבען סוף כל סוף געבראַכט צו אַ פּאָליטישער און געזעלשאַפטליכער איבערקערעניש. די דיקטאַטור פון סילאַ איז געווען אַנ'אָנזאָג, אַז די מאָנאַרכיע קומט באַלד אָן. ס'זענען נאָך אָבער נויטיג געווען בירגערליכע מלחמות אין דעם משך פון פופציג יאָהר, כדי צו פערניכטען דעם רעשט פון אַלטען רוימער־שטאָלץ — די לעצטע פּאַטריאָטישע פריַיהייטס־געפיהלען.

די רוימישע פילאָזאָפיע האָט אין דיזער עפּאָכע געהאַט פערשידענע ריכטונגען, וועלכע זי האָט געליהען ביי דער גריכישער פילאָזאָפיע, וואָס האָט שוין דאַן אויך געהאַט פערלוירען איהר אָריגינאַליטעט. די סטאָאישע שיטה האָט דאָ בעקומען אַ ספּעציעל רוימישען חאַראַקטער, און האָט זיך בעמיהט צו שטיצען די רעליגיע, די מאָראַל און די טרעפערייַ. די רוימישע סטאָאיקער האָבען זיך ווייניג בעשעפטיגט מיט די וועלט־לעהרען פון דיזער פילאָזאָפיע, זיי האָבען איבערהויפּט ענטוויקעלט איהרע פּראַקטישע אַנזיכטען. די גלייכקייט, די שטרענגקייט, די חשיבות אין האַלטונג און די גלייכגילטיגע בעציהונג צום שמערץ, זענען געלעגען אין רוימישען חאַראַקטער נאָך איידער די סטאָאישע שיטה איז בעקאַנט געוואָרען אין רוים; זי האָט זיך אַלזאָ לייכט געקאָנט צופּאַסען צו דער רוימישער מאָראַל און צו די רוימישע זיטען. צו ענדע פון דער רעפּובליק האָבען זיך אָבער געפונען פיעל דענקער, וואָס האָבען שטרענג קריטיקירט די שוואַכע זייט פון סטאָאיציזם, זיינע מיינונגען וועגען השגחה און אייביגקייט פון דער נשמה. לוקרעץ, למשל, איז שאַרף אַרויסגעטרעטען אַלס עפּיקורעער, וואָס וויל בעפרייען די רוימישע וועלט פון די רעליגיעזע קייטען און פון דעם פחד פאַר די געטער און פאַר'ן טויט. מעהר פאַר אַלעמען זענען אָבער דאַן געווען אין רוים סקעפּטיקער, וואָס האָבען זיך פערהאַלטען גלייכגילטיג צו אַלץ, און האָבען לפנים שלום געמאַכט סיי מיט די וועלטליכע פּאָדערונגען פון דער צייט, סיי מיט דער אָפיציעלער רעליגיע.

דיזער צושטאַנד האָט נישט לאַנג געדויערט. ס'האָבען זיך אָנגעהויבען וויַיזען די פּאָזיטיווע ריכטונגען פון דער צינישער און פּי־

טאנארעאישער פילאזאפיע, וואס האט אין דער קייזער=צייט בעקומען די פאלשטענדיגע הערשונג איבער די גייסטער. די שיטה פון פי= טאגאראס האט אבער אין רוים בעקומען א נייע געשטאלט, און האט צונויפגעבונדען געהיימע טעאריעס און כשוף=אמונות מיט אלער= ליי רעליגיעזע מנהגים פון פערשידענע לענדער. ס'איז געשאפען געווארען א מאדנע צוזאמענמישונג פון פילאזאפיע און רעליגיע, פון הויכע אידעען און פערשידענע אבערגלויבענס — א מישונג, וואס האט צוגעגרייט דעם באדען פאר דער ניי=פלאטאנישער לעהרע, וועל= כע העט זיך ארויסגעוויזען מיט עטליכע הונדערט יאהר שפעטער. די ניי=פיטאגאראאישע סעקטע, וואס האט זיך געגרינדעט אין רוים, האט אויך גערשה'ט פון פיטאגאראס איניגע פראקטישע כללים: נישט צו עסען קיין פלייש, צו פייניגען דעם קערפער און צו גלויבען אין גלגול=נשמות.

דער גרעסטער רוימישער פילאזאף און דער גייסטיגער פאר= שטעהער פון זיין צייט איז ציצעראן, האטש ער איז נישט קיין טיע= פער און קיין אריגינעלער דענקער. ער האט צוזאמענגעשטעלט אנ= אויסוואהל פון פערשידענע גריכישע ווערק, און איז געוועזן צוגלייך א מאמין און א סקעפטיקער, א טרעפער און אנ'אפיקורס.

---

## § 9. די רעליגיעזע רעפארם אונטער אויגוסטוס צעזאר.

די אלטע רוימישע רעליגיע איז, טראץ דער זיטען=פערדארבענהייט און דעם פילאזאפישען סקעפטיציזם, נאך געוועזן אין אנהויב פון דער קייזער=צייט געגוג שטארק אין דער רוימישער פראווינץ און ביי דעם המון אין דער הויפט=שטאדט. זי האט נאך געהאט געגוג לעבענס=פע= היגקייט צו פערלאנגען געוויזע רעפארמען, כדי זיך צוצופאסען צו די פאדערונגען פון דער צייט. דער ערשטער קייזער, אויגוסטוס, האט ווידער אויפגעהויבען די זעפאלענע רעליגיע, ער האט בעניית מעהר ווי אכציג טעמפלען אין רו ם, בעקומען דעם טיטול „כהן=גדול", איינגע= פיהרט נייע קולטען, און גזוכט צו ווירקען אויף דער געזעלשאפטליכער מאראל דורך געזעצען און גייסטיגער טעטיגקייט. בענייענדיג די אלטע

רעליגיעזע אינסטיטוציעס און פערפעסטיגענדיג די געזעלשאַפטליכע אָרד־נונג, האָט אויגוסטוס געשטיצט און פערשטאַרקט זיין אייגענע הערשאַפט. די גלחים, וואָס ער האָט בעשטעלט צו פיהרען דעם קולט פון די לאַ־רעס (וועלכע בעשיצען דאָס פאַמיליען־לעבען, די וועגען און פעלדער) אין די 265 אָבטיילונגען פון דער שטאָדט רוים — זענען געווען האַלבע רעגירונגס־בעאַמטע, וואָס דינען די אינטערעסען פון קייזער. און אין דיזען פאָפולערן לאַרעס־קולט איז אַריינגעבראַכט געוואָרען אויך דער געניוס פון אויגוסטוס, וועלכען מ'האָט פערעהרט דורך קרבנות און תפילות. דאָסזעלבע איז איינגעפיהרט געוואָרען דער קולט פון קייזער אין אַלע הויפט־שטעדט פון די פראָווינצען, ווי לוגדונום (ליאָן), נאַרבאָנאַ, עפעזוס און ז. וו..

די געטין ווענוס, וואָס האָט זיך גערעכענט אַלס מוטער פון די ענעאַדען, פאַר דער שיצערין פון דער יוליוס־פאַמיליע — איז בעעהרט געוואָרען מיט אַ גרויסאַרטיגען טעמפעל אויפ'ן יוליוס־פלאַץ. די אַלטע שפּיעלען, וואָס האָבען אין דער מהומה־צייט אויפגעהערט, האָבען ווידער אויפגעלעבט, בעקומענדיג אַ נייעם כאַראַקטער פון אַ יום־טוב לכבוד דעם קייזער און לכבוד דער אויפבליהונג פון דער אימפעריע אונטער זיין ממשלה.

ס'איז מעגליך, אַז אויגוסטוס האָט געשטיצט די רעליגיע ניט בלויז צוליעב פּאָליטישע צוועקען, נאָר אויך פון אַ אינערליכער פרומער נייגונג. ווי אַנדערע הערשער, האָט ער, וויזט אויס, געגלויבט אין פיעל מיסטישע זאַכען און אין דעם מזל פון זיין שטערן; מ'שילדערט איהם אָבער אָפט אַלס סקעפּטיקער, אַלס אַ קינד פון זיין אפּיקורסישער עפּאָכע. די געבילדעטע קלאַס האָט דאַרום בעטראַכט זיינע אַלע רעליגיעזע רע־פאָרמען נאָר אַלס אַ נוצליכע מאָדע, וואָס מ'דאַרף נאָכטאָן לפנים ווע־גען. אַ וועלטליכער שרייבער, ווי אָווידיוס, רעדט אָפט וועגען רעליגיע מיט אַ שמייכעל, פון דעסטוועגען לויבט ער די אַלטע נאַציאָנאַלע אמונה און די פערצייטיגע זיטען־ריינהייט. נעהנטער צו דער רעליגיע שטעהט דער אָפיציעלער דיכטער האָראַציוס, וואָס בעזינגט דאָס ריינע לאַנד־לעבען און די איינפאַכע מדות פון די אַלטע רוימער. ער טאַדעלט דאַ־נעגען אין בייסענדע סאַטירען דאָס פערדאָרבענע גרויסשטעדטישע לעבען. און בעעהרט מיט אַ לויב־געזאַנג דעם קייזער אויגוסטוס און זיינע מאָראַ־לישע רעפאָרמען.

מעהר פון אלע זענען אבער געווען צופריעדען פון אויגוסטוס'עס רעליגיעזע טעטיגקייט דער היסטאריקער טיטוס-ליוויוס און ווירגיל. זיי זענען ביידע געבארען אין דער פראווינץ, וואו די פריידענקעריי און די זיטען-פערדארבענהייט האבען דער רעליגיע און דער מאראל אזוי פיעל ניט געשאדט, ווי אין דער הויפט-שטאדט. זיי זענען דארום געבליבען טריי די אלטע אידעען און מנהגים, און געווען פעסט איבערצייגט, אז רוים ערפילט אין דער וועלט א רעליגיעזע מיסיע. ווירגיל האט פיעל געלערנט און גרינדליך שטודירט די פילאזאפיע; ער איז אבער געבליבען ביי זיין נאטירליכער נייגונג צום לאנד-לעבען און ביי זיין ליעבע צו די איינפאכע פאלקס-זיטען. זיין פאעמע „ענעאידע" איז דער היפך פון האמער'ס וועלטליכער „איליאדע", וועלכע האט איהר געדיענט פאר א מאדעל. זי איז דורך און דורך רעליגיעז, און מאכט דעם הויפט-העלד ענעאוס פאר א פרומען רעליגיאנס-גרינדער, וואס בעשעפטיגט זיך איבערהויפט מיט דער פערפלאנצונג פון דער טראיאנישער אמונה אין איטאליע. אין זעקסטען בוך פון זיין פאעמא שילדערט ווירגיל דעם גיהנם מיט לעבהאפטע פארבען, כדי צו איבערצייגען דעם לעזער, אז ס'איז דא א „יענע-וועלט" און א גענויע בעלוינונג אדער בעשטראפונג פאר די מענשליכע מעשים. ער האט דערמיט געגעבען א מוסטער דעם שפעטערן דיכטער דאנטע, וואס האט אויך געשילדערט דעם גיהנם אין זיין „געטליכער קאמעדיע". די קריסטען האבען דארום בעטראכט ווירגיל'ן אלס דעם נביא פון די געצענדיענער, וואס האט זיי געגעבען א פארגעפיהל פון דער אמת'ער רעליגיע און צוגעגרייט דעם באדען פאר'ן קריסטענטום. דאנטע שילדערט איהם זעהר טרעפענד אלס א געצענדיענער, וואס טראגט א לאנטערנע אויפ'ן רוקען, וועלכע לייכט ניט פאר איהם, נאר פאר די, וואס קומען פון הינטען — פאר די שפעטערדיגע דורות.

---

## § 10. די רעליגיע אין די ערשטע צוויי הונדערט יאהר פון דער מאנארכיע.

אין דיעזער עפאכע איז דער קולט פון קייזער דער צענטר פון דער רוימישער רעליגיע. צעזאר האט דער ערשטער בעקומען נאכ'ן טויט א געטליכען כבוד, און דער סענאט האט געלאזט בויען א טעמפעל

אויפ'ן אָרט, וואו מ'האָט פערברענט זיין קערפער. דאָסזעלבע זענען די שפּעטערדיגע קיסרים פערגעטערט געוואָרען נאָכ'ן טויט. ביים לעבען האָט מען שוין די קיסרים בעעהרט מיט גרויסאַרטיגע טיטולען און מיט אַ אונמענשליכען כבוד; די אמת'ע פערגעטערונג פלעגט זיך אָבער ערשט אָנהויבען נאָכ'ן טויט. אַזעלכע קיסרים ווי קאַליגולאַ און דיאָקלעטאַן, וואָס האָבען פערלאַנגט, אַז מ'זאָל זיי פערגעטערן נאָך ביים לעבען האָבען דערפאַר ניט זוכה געווען צו דער פערגעטערונגס־צערעמאָניע נאָך זייער טויט. קאַליגולאַ האָט פערשפּרייט איבעראַל זיין סטאַטוע אַלס אָבגאָט, און אַז די יודען האָבען געוואָלט פון איהר מציל זיין דעם בית־המקדש אין ירושלים, האָבען זיי געמוזט שיקען דעם פילאָזאָף פילאָן פון אַלכסנדריה, כדי אויסצופועל'ן דיזע הנחה ביים קייזער. דאַגעגען האָבען אַנדערע קיסרים ווי אַספּסינוס און קאַראַקאַלאַ געקוקט גאַנץ סקעפּטיש אויף זייער געטליכקייט. בכלל האָט זיך דער קייזער־קולט ענטוויקעלט ביסלעכווייז, און אויף די מטבעות איז דער איינפאַכער לאָרבער־קראַנץ פון קייזער פערביטען געוואָרען מיט דער צייט אויף אַ געטליכער ליכט־קרוין. ביז ענדע פון דריטען יאָהרהונדערט האָט מען פערגעטערט אין דער רוימישער אימפּעריע בעך 37 קיסרים און קייזערינס. צו דיזען כבוד האָט אויך זוכה געווען, אַלס אויסנאַהם, אַנטינאָוס, דער ליבלינג פון אַדריגוס, וואָס האָט זיך געאָפּפערט פאַר'ן לעבען פון קייזער.

פיעל שטעדט אין אַזיען, בעזונדערס עפעזוס, האָבען פערלאַנגט צו ווערען אַ ספּעציעלער צענטר פון קייזער־קולט, גרינדענדיג טעמפּלען און איינפיהרענדיג עפענטליכע שפּיעלען לכבוד דיזען קולט. פון פערגעטערן די קיסרים האָבען זיך נאָר אָבגעזאָגט די יודען, און צוליעב דעם זענען אַרויסגעגעבען געוואָרען געגען זיי פערשיעדענע בירגערליכע בעגרענצונגען. שפּעטער האָבען דערפון די קריסטען אויך געליטען, ווייל זיי זענען געצוואונגען געווען אויסצוקלייבען איינס פון די ביידע: אָדער בלייבען געזעצליכע אונטערטאַנער פון דער אימפּעריע און פערגעטערן דעם קיסר, אָדער פאָלגען זייער רעליגיע, וואָס פערבאָט אַזאַ פערגעטערונג, און אָבזאָגען זיך פון די בירגערליכע פּריווילעגיעס. און מנצח געווען האָבען דאָס רוב די ערדישע אינטערעסען: דער קייזער־קולט איז געווען גאַנץ טיעף איינגעוואָרצעלט, און די קריסטליכע אמונה האָט אַ לאַנגע צייט געמוזט קעמפּפען מיט איהם. אַפילו קריסטליכע קיסרים, ווי קאָנסטאַנטין, קאָנסטיענץ און וואַלענטיניאַן, האָבען נאָכ'ן טויט בעקומען דעם טיטול פון „געטער".

די נאָהענטע בעציהונגען, וואָס רוים האָט דאַן געהאַט מיט פיעל פרעמדע פעלקער, האָבען פערשפרייט אין דער אימפעריע אַלערליי געטער, וועלכע האָבען זיך אָפט אויפגעמישט צוזאַמען. די רוימער האָבען זיך אין אמונה-זאַכען לייכט אַסימילירט, און זייער רעליגיעזעס געפיהל, וואָס איז געבליבען לאַנג אונבעפריעדיגט, האָט געזוכט אַ נעהרונג אין פרעמדע קולטען. די מזרח'ישע רעליגיעס זענען געשטאַנען צום מענשען פיעל נעהנטער, ווי די טרוקענע אָפיציעל-רוימישע אמונה; זיי האָבען געוועקט זייגע געפיהלען דורך הייליגען עקסטאַז, בערוהיגט זיין נשמה מיט פייניגונגען, און איהם בעצויבערט מיט געהיימע מיסטעריען. בעזונדערס זענען די פרויען געווען להוט נאָך פרעמדע אמונות, און די מזרח'ישע גלחים האָבען אָפט געמאַכט מיאוסע סקאַנדאַלען. אין יאָהר 19 נאָך ק. האָט דער גלח פון איזיס-טעמפעל אויפגעפיהרט איינע פון די אָנגעזעהענסטע פרויען אין רוים מיט אַ ריטער, וואָס האָט זיך פערקליידט אין קאָסטיום פון גאָט אַנובים און האָט זי געשענדעט. דער קייזער טיבעריוס האָט דאַן שטרענג בעשטראָפט דעם גלח, און האָט אין יענעם יאָהר פערטריבען אין סאַרדיניע פיער טויזענד בעפרייטע קנעכט, וואָס האָבען זיך געלאָזען פערפיהרען פון די מצרישע און יודישע אמונות; דאָסועלבע האָט דיעזער קייזער בעגרענעצט די פריוויליגיע פון די פרעמדע טעמפלען אין קליין-אַזיע, וואו פיעל פערברעכער האָבען זיך בעהאַלטען פאַר'ן געריכט. די פרעמדע אמונות האָבען זיך אָבער אַלץ פערשטאַרקט אין דער אימפעריע, ווייל די רוימישע גלחים האָבען זיי ניט געהאַלטען פאַר קיין קאָנקורענטען, און האָבען זיי שטענדיג געעהרט און געשטיצט.

איבערהויפט האָבען זיך פערשפרייט אין דער אימפעריע די מצרישע אמונות, דאָס יודענטום, די קריסטליכע רעליגיע, דער פערסישער גלויבען פון מיטראַ און איינינע סורישע קולטען. אין דריטען יאָהרהונדערט איז דער פלאַנטער פון די אמונות אין דער רוימישער וועלט געקומען צו זיין העכסטער מדרגה. דער מצרישער קולט איז געווען בעזונדערס פערברייטערט אין די ערשטע צוויי הונדערט יאָהר נאָכ'ן ק., און האָט זיך פערשפרייט ניט בלויז אין אַלע פּאָרטען פון מיטעל-ים, נור אויך אין אַלע אינערליכע פראָווינצען. פיעל קיסרים האָבען זיך בעטייליגט אין דיעזען קולט, און זאָגאַר אדריינוס, וואָס איז זיך בעגאַנגען שטרענג מיט אַלע פרעמדע אמונות, האָט פערעהרט די מצרישע געטין איזיס. דיעזע „גרויסע מוטער", וואָס איז פעראייניגט גע-

וואָרען מיט אלערליי געטינס, און דער מצרי׳שער גאָט סעראַפּיס, זענען בעטראַכט געוואָרען אלס די הערשער פון דער וועלט, און די גאַנצע נאַטור — אלס זייער פערקערפּערונג. זייער קולט האָט אויפגענומען אין זיך פילאָזאָפּישע געדאַנקען לויט דער פּאַנטעאיסטישער שיטה, און אויך אלערליי אַבערגלויבעריי׳ען. סעראַפּיס האָט זיך גערעכענט פאַר א גרויסען היילגאָט, און איזיס — פאַר דער הויפּט־שיצערין פון די פרויען; זייער קולט האָט בעצויבערט דעם עולם מיט זיין פּראַכט און פייערליכקייט. דער וואָס האָט געוואָלט ווערען א פערטרויטער אין די מיסטעריען פון איזיס, האָט געמוזט פאַסטען, זיך רייניגען און אויסשטעהן פערשידענע נסיונות, נאָכהער האָט מען איהם עפענטליך אויפגענומען אין קרייז פון די פערטרויטע דורך סימבאָלישע צערעמאָניעס און פרעהליכע ימים־טובים. אויסערדעם האָט מען געפייערט לכבוד דער געטין צוויי פעסטע ימים־טובים, אין מאַרט א שיפער־ יום־טוב, און אין נאָוועמבער — דעם יום־טוב ווען די געטין איז געשטאָרבען און איז ווידער לעבעדיג געוואָרען. אין די טעג, ווען מ׳האָט דער געטין געזוכט נאָכ׳ן טויט, האָט געהערשט א פאָלקס־טרויער, און בעת מ׳האָט זי נאָכהער ענטדעקט נאָכ׳ן אויפלעבען איז געווען שמחה וששון. אין געוועהנליכען קולט פון איזיס האָט מען געברויכט א מין מצרי׳שען פלייט, וואָלענע קליידער און היילינגעס וואַסער פון נילוס אויף בעשפריצונג. דיזער קולט האָט אויך פערבאָטען געוויסע שפּייזען.

אלערליי מופתים און שוואַרצע קונצען זענען געוועזען זעהר גאַנגבאַר אין דער קייזער־צייט, חאָטש דאָס געזעץ פון די צוועלף טאַבעלען האָט שוין פערבאָטען צו געברויכען כשוף. מכשפים, ווי אַפּאָלאָניוס פון טיאַן, זענען אין רוים געוואָרען זעהר רייך און בעריהמט, די טרעפעריי איז אויך געוועזען זעהר פערשפּרייט אין דער אימפּעריע אונטער פערשידענע פאָרמען. די אלטע מנהגים, אויסצודייטען די צוקונפט לויט פערשידענע סימנים, זענען נאָך ניט פערגעסען געוואָרען, דער אָראַקול פון דעלפי, וואָס האָט א געוויסע צייט געשוויגען, האָט ווידער אָנגעהויבען זאָגען נביאות, און די מזרח׳ישע שטערנזעהער האָבען יעדערן בעשטימט זיין מזל פאַר געצאָהלט. מ׳האָט אויך פאָרגעזאָגט די צוקונפט דורך פּותר זיין חלומות, און א געוויסער אַרטעמידאָר האָט פערפאַסט א גרויסען בוך, וואָס לערנט סיסטעמאַטיש דיזע מלאכה. די אָראַקול׳ן פון געוויסע געטער, ווי אַסקלעפּיאָס, סעראַפּיס און א., פלעגען געבען נוטצע עצות אין חלום די גלויביגע, וואָס קומען שלאָפען אין זייערע טעמפּלען.

סעראַפּיס איז צוגלייך דער גאָט פון רפואה און פון טויט, און זיין קולט זאָגט צו עולם הבא. דער המון און די געבילדעטע רוימער, וואָס זענען געוועזען ערצויגען אויף פלאַטאָנ'ס שיטה, האָבען שטאַרק געגלויבט אין דער אייביגקייט פון דער נשמה; דאגעגען האָבען פיעל דענקער, ווי טאַציטוס און פליניוס דער עלטערער, געצווייפעלט אין דעם. אויף די מצבות פון די קברים לעזט מען אָפט אַנ'אויפשריפט, וואָס הייסט לעבען אַ גוטען טאָג און געניסען פון ווייִן און ליעבע, ווייל נאָכ'ן טויט איז גאָר נישטאָ. זייט דעם ערשטען יאָהרהונדערט נאָך ק. האָבען עקזיסטירט אין רוים קבירה-פעראיינען פון אָרימע-לייט, קנעכט און בעפרייטע, וואָס האָבען געהאַט אַ שותפות'ע קאַסע צו קויפען קברים פאַר די פערשטאָרבענע מיטגליעדער.

---

## § 11. די פילאָזאָפען און די לעהרערס פון מאָראַל.

די רוימישע פילאָזאָפיע האָט ניט געהאַט קיין אָריגינעלע געדאַנ־קען, און האָט זיך בעסער בעשעפטיגט מיט פּראַקטישע לעהרען, איידער מיט אַבסטראַקטע אידעען וועגען לאָגיק און נאַטור. די דענקער האָבען זיך אָבגעגעבען מיט מאָראַלישע פראַגען. און שרייבער ווי סענעקאַ און פּלוטאַרך האָבען פערפאַסט פילאָזאָפישע „נחמות" צו טרייסטען דורך לאָגישע בעטראַכטונגען זיך אַליין אָדער זייערע פריינד אין אַ שלעכטער צייט. די פילאָזאָפען האָבען געהאַט אַ בעדייטענדען איינפלוס אויפ'ן פאָלק, זיי זענען אָבער אָפט געוועזען אין געפאַהר; אין נעראָנ'ס צייט האָט מען זיי פערפאָלגט גלייך מיט די רעפּובליקאַנער, אַספּאַסיאַנוס האָט געגען זיי געזוכט מיטלען און דאָמיציאַנוס האָט זיי פערטריבען פון רוים. נאָך דיעזען קייזער האָט זיך אָבער די לאַגע פון די פילאָזאָפען געענ־דערט, און בעזונדערס גרויס איז געוועזען זייער חשיבות אונטער'ן קייזער מאַרקוס-אורעליוס, וואָס איז אַליין געוועזען אַ פילאָזאָף.

דער שטאַנד פון די פילאָזאָפען איז געוועזען זעהר פערשיעדען; נעבען דעם מיניסטער סענעקאַ זעהן מיר אַ בעפרייטען קנעכט עפּיקטעט. פיעל רייכע פאַמיליעס האָבען אויסגעהאַלטען אַ הויז-פילאָזאָף, וואָס האָט געדיענט אַלס יועץ און ערציהער פון די קינדער. פאַר'ן טויט האָבען די גבירים געשמועסט מיט זייער פילאָזאָף וועגען דעם גורל פון דער נשמה און איהר שיידונג פון גוף. די הויז-פילאָזאָפען האָבען אָפט

געליטען פון זייערע הערדען, זיי האָבען אָבער אויף זיי געהאַט א געוויסע מאָראַלישע ווירקונג. פיעל בעסער איז געוועזען די לאַגע פון די פילאָזאָפען, וואָס האָבען געדיענט אַלס לעהרער אין די שולען אָדער וואָס זענען אַרומגעפאָהרען אַלס רעדנער, וועלכע לעזען רעפעראַטען איבער פילאָזאָפיע. דיזע רעדנער האָבען אָפט צוגעצויגען דעם עולם מיט לוסטיגע פלוידעריַיען, און האָבען געריסען געלד ביי זייערע יונגע שילער, וואָס האָבען געהערט די לעקציעס נאָר אַלס פערוויילונג; די רעדנער האָבען אָבער טראָצדעם געהאַט א גרויסען איינפלוס אויפ׳ן פאָלק. בעזונדערס האָבען זיך אויסגעצייכענט אַלס פאָלקס-לעהרער די ציניש פילאָזאָפען, וואָס זענען געוועזען פריַיע וואַנדערער, אָהן א היים און אָהן א פאַמיליע, און האָבען געהאַלטען ערנסטע מוסר-רעדען. מ׳האָט זיי בעטראַכט ווי געשיקטע פון גאָט, ווי ברידער פון אַלע מענשען, וואָס זאָרגען פאַר זייער נשמה און בעצייכענען זיי דעם רעכטען וועג. די ציניקער האָבען קיין דרך-ארץ ניט געהאַט אפילו פאַר׳ן קייזער. דער בעריהמטער פילאָזאָף דעמעטריוס האָט זיך אָבגעזאָגט פון די גרויסע סומען, וואָס קאַליגולא האָט איהם אָנגעבאָטען, און שפּעטער האָט ער שטרענג קריטיקירט אַספּאַסיאַנוס׳ן. אַן׳אַנדער פילאָזאָף האָט געזידעלט טיטוס׳ן בריש-גלי פאַר זיין ליעבע צו דער יודישער מיידעל בערעניקע. ס׳האָבען אויך ניט געפעהלט קיין שאַרלאַטאַנעס, וואָס האָבען זיך אָנגעגעבען פאַר ציניקער, און אַרומגעוואַנדערט אַלס קדושים מיט א גרויסער באָרד און א שטעקען, כדי צו בעקומען לייכטע געלד.

אַזוי ווי די רעליגיע אין דער קייזער-צייט איז געוועזען א מיש-מאַש פון פערשיעדענע אמונות און פול מיט אַבערגלויבעריַיען — אַזוי איז אויך די פילאָזאָפיע דאַן געוועזען א געמיש פון פערשיעדענע אידעען, און האָט געהאַט א שטאַרקע נייגונג צו מיסטיק, צו איבערנאַטירליכע פאָרשונגען. די סטאָאישע שיטה, וואָס האָט געהאַט פיעל בעריהמטע אַנהענגער, איז אויך ניט געבליבען טעאָרעטיש טריי דעם אַלטען סיסטעם, און האָט זיך בעשעפטיגט איבערהויפּט מיט פּראַקטישע פראַגען. די רוימישע סטאָאיקער האָבען געשטרעבט צו דערגרייכען אין מאָראַל א הויכען, כמעט אונערדרייכבאַרען אידעאַל. זיי האָבען זיך צוגעוועהנט בייצושטעהן שווערע נסיונות, צו זיין שטענדיג פרעהליך און אונאָבהענגיג, און צו בלייבען פריי פון אומעט און ליידענשאַפט. די רעליגיע האָט אָבער פון דעם ניט פיעל געוואונען, ווייל די סטאָאיקער האָבען זיך וועניג אינטערעסירט מיט׳ן בעגריף פון גאָט און זיין ווירקונג.

און האָבען געלעגט די גאַנצע געוויכט אויף דער פערזענליכער אָנ־שטרענגונג . דער גלויבען אין דער אַמביגקייט פון דער נשמה האָט אויך ניט געקאָנט שטיצען די סטאָאישע מאָראַל, ווייל איהרע אנהענגער האָבען אָפט געצווייפעלט אין דיעזען גלויבען . די אויפגעלעבטע רעליגיע האָט אלזאָ געקאָנט געפינען א געוויסע שטיצע נאָר אין דער ניי־פּלאַטאָ־נישער פילאָזאָפיע , וואָס האָט זיך אָנגעהויבען ענטוויקלען אין צווייטען יאָהרהונדערט נאָך ק. .

פלוטאַרך , אלס אָנהענגער פון דיעזער שיטה , טאַדעלט , אמת , די אבערגלויבער , וואָס האָבען מורא פאַר גאָט און האלטען איהם פאַר א פועל רע ; ער ערקלערט אָבער , אז יעדער מענש בעקומט א אינער־ליכע בעלייכטונג פון גאָט , וועלכען ער בעגרייפט מיט א ספּעציעלען אָרגאַן. סענעקא פערבינדט די טראַדיציע מיט דער פילאָזאָפיע, קעמפפט פאַר גלייכהייט און מענשען־ליעבע , און ערקלערט , אז די צרות אויף דער וועלט זענען געשיקט פון גאָט כדי צו בעסערן דעם מענשען . דיעזער דענקער האָט פערשפרייט אזוי פיעל פרומע געדאַנקען , אז די גרינדער פון קריסטענטום בעטראַכטען איהם פאַר א רעליגיעזען חבר . די לעגענדע דערצעהלט זאָגאַר , אז דער אַפּאָסטאָל פאול האָט געפיהרט א קאָרעספּאָנדענץ מיט סענעקאָ׳ן . נאָך ווייטער אין מאָראל און פרומקייט איז אַוועק עפּיקטעט , וועלכען מ׳קען בעטראַכטען אלס א אמת׳ען קדוש. ער האָט געזעהן אין דער וועלט אָרדנונג , האַרמאָניע און געטליכע השגחה , און האָט געמוסר׳ט דעם עולם מיט מוט און אָפּענהערציגקייט . דאָסזעלבע האָט דער קייזער־פילאָזאָף מאַרקוס אורעליוס געזוכט צו בערוהיגען זיין נשמה דורך מעשים טובים און פרומע געדאַנקען וועגען דעם סוף פון מענשען .

---

## § 12. די אויסמישונג פון די רעליגיעס אין אָנהויב פון דריטען יאָהרהונדערט .

בעת קאָמאָדוס , דער לעצטער קעניג פון דער אַנטאָנינער־דינאַס־טיע , איז געשטאָרבען , האָבען אויסגעבראָכען גרויסע מהומות אין דער רוימישער מלוכה , און די נאַציאָנאַלע רעליגיע , ווי די קולטור בכלל , זענען געקומען צו א גרויסער ירידה . די אַפריקאַנישע ווי די סירישע

קיהרים, וואָס זענען גאָלהער ארויף אויפ׳ן טראָן, האָבען איבערגע־
טראָגען דעם הויפּט־צענטער אין דער רעגירונג פון רוים אין די פּראָווינ־
צען. די פרעמדע קולטורען און רעליגיעס האָבען דאַן בעקומען נאָך
אַ גרעסערן איינפלוס ווי פריהער.

דער קולט פון די עגיפּטישע געטער איזיס און סעראַפּיס האָט זיך
אין דריטען יאָהרהונדערט נאָך ק. שטאַרק פערשפּרייט אין רוים, און די
„גרויסע מוטער״ פון פריגיע האָט אָנגעהויבען ארויסווייזען איהר גאַנצע
אַכזריות און אויסגעלאַסענקייט. אין קלויד׳ס צייטען האָט רוים צום
ערשטען מאָל געפייערט אין מאַגאַט מאַרט דעם יום־טוב פון דיזער
געטין; מ׳האָט לכבוד דעם יום־טוב געפּייניגט און צוקאַליעטשעט געפאַנ־
גענע גאַליער, און זיך משמח געווען מיט אַ ווילדער אויסגעלאַסענהייט.
די זעלבע אַכזריות און הפקירות האָט אויך געבראַכט אין רוים די
סירישע געטין פון הערעפּאָלים. די סירישע בעלים האָבען זיך פערמישט
מיטן נאַציאָנאַלען גאָט יופּיטער, און די קיסרים האָבען געבויט טעמפּלען
פון זייער כבוד וועגען. דער קייזער סעפּטימוס־סעווערוס האָט זאָגאַר
געשיקט אין עמעזא זוכען פאַר זיך אַ פרוי צווישען די טעכטער פון די
דאָרטיגע גלחים, לויט ווי מ׳האָט איהם מודיע געווען אין חלום.

מעהר פון אַנדערע מזרחי׳שע אמונות האָט זיך אין יענער עפּאָכע
פערשפּרייט דער קולט פון מיטראַ. צום ערשטען מאָל האָבען די
רוימער דערקענט דיזען גאָט בעת די עקספּעדיציע פון פּאָמפּעיוס האָט
געקעמפּפט געגען די ים־רויבער פון סיליקיע. אין ערשטען יאָהרהונדערט
האָט נאָך פּלוטאַרך בעטראַכט די אמונה פון מיטראַ, ווי אַ באַרבאַרישען
אַבערגלויבען; צו ענדע פון צווייטען יאָהרהונדערט איז זי שוין אָבער
געשטאַנען אין דער ערשטער מדרגה, בעהערשענדיג די רוימישע וועלט
ביז׳ן סוף 4־טען יאָהרהונדערט. מיטראַ איז פערעהרט געוואָרען אין
דאָרף, ווי אין קייזערליכען הויף, און אין 3־טען יאָהרהונדערט האָט
ער זיך גערעכענט פאַר׳ן ערשטען גאָט אין דער רוימישער אימפּעריע.
מ׳שילדערט איהם אין אַ פריגישען קאָסטיום, שטעכענדיג אַן אָקס אין
אַ הויל מיט אַ שפּיז, וואָס ערינערט אַ געוויסע לעגענדע. מיט דער צייט
האָבען זיך פערקניפּט מיט דיזען גאָט פערשידענע אידעען און סימבאָ־
לען, און ער האָט געבראַכט די געצענדינערישע וועלט נעהנטער ווי
אַלע אַנדערע געטער צום גלויבען אין אַן איינציגען גאָט (מאָנאָטעאיזם).

מיט דעם קולט פון מיטראַ זענען געווען פערבונדען אַלערליי
מיסטערישע צערעמאָניעס און סימבאָלישע קרבנות. דער גלויביגער האָט

זיך געלאָזט הייליגען אויף אַ גאַנץ אָריגינעלען אופ'ן. מ'האָט איהם געלעגט אין אַ גראָבען, װאָס איז געװען בעדעקט מיט ברעטער, אויף װעלכע מ'האָט נאָכהער מקריב געװען אַ געפּוצטען אָקס אָדער באַראַן. און בעת דאָס בלוט פון קרבן האָט דורכגעשפּאַרט די לעכער פון די ברעטער און בענאָסען דעם גלויביגען, איז ער געהייליגט און גערייניגט געװאָרען פון זינד.

מיטרא האָט מען געדיענט ניט אין טעמפּלען נאָר אין קלײנע ביידלעך און אונטער־ערדישע היילען, װאָס זענען געװען פיל מיט סימבאָלישע פיגורען. די פרומע געמיינדע פון דיעזען גאָט איז געװען אַ מין געהיימע חברה, װי די היינטיגע פריי־מויערער. די נייע מיטגליעדער זענען אַהין אָנגעקומען נאָך לאַנגע פּראָבעס פון פייער און װאַסער, פערשיעדענע פּייניגונגען, הונגער, דאָרשט, קעלט, בלוטיגע עינויים און ד. ג. ביי יעדער נייער מדרגה האָט דער געהייליגטער מיטגליעד בעקומען אַ נייעם טיטול, װי לויב, קראָהע, און ז. װ. איבער יעדען ראַנג האָט געהערשט אַ „פּאָטער“, און איבער אַלע „פּאָטערס“ איז געשטאַנען דער העכסטער „פּאָטער“. די אמונה פון מיטרא האָט געהאַט אַ רעכט ענטװיקעלטע טעאָלאָגיע, װאָס האָט בעפרידיגט די אינטימע רעליגיעזע געפיהלען און די שטרעבונג צו אונשטערבליכקייט. זי האָט דארום געקאָנט אייניגע יאָהרהונדערט בײשטעהן אין קאַמפּף געגען קריסטענטום, װאָס האָט געשטרעבט צו בעהערשען די אַלטע װעלט.

די קיסרים פון דער סעװער־דינאַסטיע האָבען אויך געמאַכט פערשיעדענע רעליגיעזע רעפאָרמעס, און שטענדיג לויט דער איניציאַטיװע פון די הויף־פרויען. סעפּטימיוס־סעװער האָט אויפגעלעבט די ניי־פּיטאַגאָרישע לעהרע, װעלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין דער ביאָגראַפיע פון אַפּאָלאָניוס פון טיאַן. די קייסערינע יוליא־דאָמנאַ האָט געבעטען דעם שרייבער פילאָסטראַט, אַז ער זאָל פערפאַסען אַ לעבענס־שילדערונג פון אַ הייליגען מאַן, װאָס זאָל דיענען אַלס אַ מוסטער פאַר די גאַנצער. און דער שרייבער האָט אויסגעקליבען אַלס העלד דעם דערמאַנטען אַפּאָלאָניוס, און אויפגעשטעלט אַ ראָמאַן פון אַװאַנטיורען און װאונדערליכע געשעהענישען אויפ'ן גריכישען שטייגער. דיעזער ראָמאַן, װאָס זיין היסטאָרישער יסוד איז ניט פעסטגעשטעלט, האָט אָבער אַ קלאָרען רעליגיעזען צװעק.

אַפּאָלאָניוס האָט פון יוגענד אָן געלעבט אין ריינהייט און אין הייליגקייט. לויט דער פּיטאַגאָרעאישער מאָראַל האָט ער זיך געקליידט אין

וואָל און קיין פליישׁ ניט פערזוכט . נאָכהער האָט ער פערבראַכט א געוויסע צייט ביי די בראהמאנער אין אינדיע , וואו ער האָט זיך בעקענט מיט'ן זון-קולט ; ער האָט דאָרט אויך געלערנט די העכסטע חכמה פון גלגול-נשמות , פון וועלט-שעפּפונג דורך איין גאָט , פון נבואה און היילונג פון אלערליי קראנקהייטען דורך געטליכע קרעפטען . די גלחים און מכשפים פון מצרים , צווישען וועלכע אפאָלאָניוס האָט שפּעטער געלעבט , האָבען דארום איהם קיין נייעס ניט געקאָנט ענטדעקען , ווייל זיין קראַפט איז בעשטאַנען אין ריינקייט און היילינקייט און ניט אין טמא'דיגען כישוף . ער האָט דורכגערייזט די גאנצע וועלט און געלערנט די מענשען פטור צו ווערען פון אלע צרות דורך גוטסקייט , ברכות און זיטען-ריינהייט .

פילאָסטראַט האָט אין דיעזען ראָמאַן קאָפּירט פיעל פּרטים און כאראַקטער-שטריכען פון נייעם טעסטאמענט , בענוצענדיג אלערליי קוועלען , כדי צו פערפאָלקאָמען זיין אידעאַלעם בילד . אין דער געבורטס-שטאָדט פון העלד , אין טיאַן , האָט מען פון זיין כבוד וועגען אויסגעבויט א טעמפּעל , און דער קייזער קאַראַקאַלא האָט איהם פערעהרט מיט גרויס פּאראַד . דאָסזעלבע האָט דער קייזער אלעקסאנדער-סעווער געצעהלט אפאָלאָניוס'ן צווישען די הייליגע פּערזאָנען , ווי אָרפעאוס און יעזוס-קריסטוס . דער נייער קולט האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט , און האָט ניט געלאָזען קיין גרויסען רושם .

נאָך וועניגער האָט געדויערט דער סירישער זון-קולט , וואָס דער קייזער העליאָגאַבאל האָט איינגעפיהרט . בעת די רוימישע אַרמיע האָט ארויפגעזעצט אויפ'ן טראָן דעם שענעם און יונגען גלח פון זון-גאָט עלאַגאַבאל , האָט ער זיך באלד גענומען פערשפּרייטען דעם נייעם קולט אין רוים . ער האָט געבראַכט פון עמעזא אין רוים א שווארצען שטיין (מייזט אויס , א האָגעל-שטיין) אלס סימבאָל פון זון-גאָט , און האָט איהם געפייערט דורך פּראָצעסיעס , ימים-טובים און עפענטליכע אויסגעלאַסענקייט . ס'האָט אָבער באלד אויסגעבראָכען א רעאַקציע געגען דעם סירישען הפקירות-קולט . דער קוזין פון קייזער האָט געמאַכט א פערשווערונג געגען העליאָגאַבאל , און האָט איהם ערמאָרדעט מיט זיין מוטער , בעשטייגענדיג דעם טראָן אונטערן נאָמען אלעקסאנדער-סעווער . און דאַן איז אויך געפאַלען דער זון-קולט נאָך דער מפלה פון זיין בעשיצער . דעם שווארצען שטיין האָט מען צוריק אָבגעפיהרט אין עמעזא .

מעהר ווי אלע מאָל האָבען זיך פערמישט און פערפלאָנטערט אלערליי אמונות אונטער אלעקסאנדער-סעווער . דיעזער פרומער קייזער

האט פערעהרט אלע געטער און הײליגע, געאכט די מצרישע ווי די
יודישע אמונות, און האט גענומען אנ׳אנטײל אין די קרבנות פון
קאפיטאל, ווי אין די צערעמאניעס פון דער „גרויסער מוטער". אלעקסאנ-
דער-סעווער האט זאגאר געוואלט בויען א טעמפעל לכבוד דעם קריסט,
נאר די טרעפערם פון דער רוימישער רעליגיע האבען איהם אבגעהאל-
טען. דער קײזער האט זיך אויפגעשטעלט א קולט פון קדושים, און
האט אלע טאג מתפלל געווען צו די פרומע לײט און די וואוילטעטער
פון דער מענשהײט: אברהם, ארפעאוס, יעזוס-קריסט, אפאלאניוס
פון טיאן, אלעקסאנדער-מוקדון. ס׳זענען אויך געווען קדושים פון א
ניעדעריגערער מדרגה, ווי ציצעראן און ווירגיל. מ׳האט דאן אויפגע-
הערט צו רודפ׳ן די קריסטען, און זײ האבען בעקומען דאס רעכט צו
קויפען ערד און אויסקלײבען העכערע גלחים. פיעל קריסטען זענען
געווען בעליעבט אין קײזערליכען הויף; דעם קײזער׳ס מוטער, מאמעא,
האט געהאט א געשפרעך מיט׳ן קריסטליכען געלעהרטען אריגענעס, און
די „פאטערס" פון דער קירך האבען שטארק געלויבט איהר פרומקײט.
די לאגע פון די קריסטען האט זיך אזוי ווײט פערבעסערט, אז דער
יוריסט אולפיען האט געפונען פאר נויטיג אויפצוקלײבען אלע בעפעהלען,
וואס מ׳האט אמאל ארויסגעגעבען געגען זײ, כדי צו דערמאנען דער
רעגירונג, אז זי זאל ניט זײן צופיעל גוט.

ווי מיר זעהן, האבען זיך די רוימישע קיסרים פון סירישער אב-
שטאמונג אויסגעצײכענט מיט גרויס סבלנות אין רעליגיעזע ענינים.
מ׳האט אנגעהויבען זעהן איין גאט אין אלע פערשיעדענע געטער, און
איין פרומען אידעאל אין אלע אמונות. ס׳האט זיך געפיהלט אין יענער
עפאכע א שטארקע שטרעבונג צום מאנאטעאיזם (געטליכע איינהײט), און
א גרויסער פערלאנג צו געפינען א געטליכען-מענשען, וואס זאל דיענען
אלס בײשפיעל פאר דער וועלט, און אט די שטרעבונג האט פארבע-
רײט דעם פלאץ פארן קריסטענטום.

---

## § 13 דער סוף פון געצענדיענערײ.

נאכ׳ן טויט פון אלעקסאנדער-סעווער (235) האבען זיך וויעדער
בענײט די רדיפות געגען די קריסטען, און אין א פיעל שטארקערער פארם
ווי אין די צײטען פון נעראן, טראיאן, מארקוס-ארעליוס און סעפטימוס-

סעווער. פיעל קסרים האבען ארויסגעגעבען א בעפעהל צו שטראפען מיט'ן טויט אלע אנהענגער פון דער קריסטליכער אמונה, און ס'האט אויסגעזעהן, אז די רוימישע רעגירונג שטרעבט אויסצוראטע סיסטעמאטיש דיזען גלויבען. בעזונדערס פיינדליך געגען די קריסטען איז געווען געשטימט די רוימישע ארמעע. די בעריהמטע פערפאלגער פון די קריסטען, מאקסימין און דעציוס, זענען געווען גענעראלען איידער זיי זענען ארויף אויפ'ן טראן. די סאלדאטען זענען געווען בעזונדערס אבערגלויביש, און די אפטע מלחמות האבען זיי שטארק פערבונדען מיט די אבגעטער, וואס האבען זיי כלומרשט אויסגעהאלפען אין אלע סכנות. זיי האבען דארום ארויסגעוויזען גרויס שנאה צו די קריסטען, וואס האבען זיך אבגעשיידט פון געצענדינעריי. אגב, האבען די לעגיאנען פעראכטעט די קריסטען דערפאר, וואס זיי האבען זיך שטענדיג דערווייטערט פון מיליטער-דינסט. די שטרענגע רדיפות האבען אבער דעם קריסטענטום נאך מעהר פערשטארקט, ווייל די מסירות-נפש פון די היילינע מארטירער האט געדינט פאר א ביישפיעל פון טיפען גלויבען. אין אנהויב פון פיערטען יאהרהונדערט איז די קריסטליכע קירך שוין געווארען אזא שטארקע מאכט, אז ס'איז שוין געווען געפעהרליך פאר דער רעגירונג צו קעמפפען מיט איהר. די קיסרים גאלער און דיאקלעטיען האבען, אמת, ניט געקוקט אויף דער געפאהר, און האבען פערפאלגט די קריסטליכע אמונה מעהר ווי אלע פריהערדיגע הערשער; זיי האבען אבער גארנישט פועל געווען, ווייל זייער פאנאטיזם האט ארויסגערופען א געגען-פאנאטיזם ביי די קריסטען, וואס האבען זיך נאך מעהר פערשטארקט אין זייער גלויבען.

פאר'ן אבשטארבען האט די געצענדינעריי נאך געמאכט א לעצטע פראבע אויפצולעבען אויף נייע יסודות. די ניי-פלאטאנישע בעוועגונג האט געפרובט, אונטער דער לייטונג פון פלאטין, אריינלעגען א נייעם פילאזאפישען אינהאלט אין דעם פערעלטערטען און פוסטען קולט. די ניי-פלאטאנישע לעהרע איז געווען עהנליך אין פיעל פרטים צו דער גנאסטישער שול. פלאטין איז געווען א טיעפער דענקער, און האט אויפגעשטעלט זיין לעהרע פון פערשידענע פילאזאפישע אידעען. ער האט פערשפרייט זיין שיטה אין רוים אין די יאהרען 244 — 270, און האט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט.

לויט דיזער לעהרע עקזיסטירען צוויי פרינציפען, איינער א

מאַטעריעלער, וואָס ענטפּלעקט זיך אין דער וועלט, און דער צווייטער אַ געטליכער, וואָס שטעהט העכער פאַר דער נאַטור. גאָט קען מען נאָר בעגרייפען אין אַ צושטאַנד פון עקסטאַז אָדער הייליגער התפעלות, צו וועלכען מ׳קומט דורך מאָראַלישע מעשים און הייליגע פּייניגונג, וואָס טויט אָב דעם נידעריגען קערפּער מיט זיינע תאוות. צווישען דער וועלט און דעם העכסטען געטליכען פּרינציפּ איז אָבער פאַרהאַן אַ מענגע געטליכע קרעפטען, וועלכע דיענען אַלס פערמיטלער. אַזעלכע קרעפטען זענען די פאָלקס-געטער און די לעגענדאַרישע העלדען פון דער מיטאָלאָגיע. אויף אַזאַ אופן האָבען די רעליגיעזע מנהגים בעקומען אַ העכערן זין, און די פּיעל-געטערײַ איז געוואָרען דער אויסדריק פון אַ העכערער פילאָזאָפיע. זאָגאַר כישוף און טרעפעריי האָבען ערהאַלטען אַ נייעם ווערט אַלס ענטדעקונג פון די געהיימע קרעפטען, וואָס רינגלען אַרום דעם מענשען און די וועלט.

די תלמידים פון פּלאָטין, פּאָרפיר און זשאַמבליך, זענען אַוועק נאָך ווייטער אין דער פּראַקטישער רעליגיע. פּאָרפיר האָט פערפאַסט פיער ביכער וועגען מעסיגקייט אין תאוות און וועגען דער מאָראַלישער פפליכט צו נעהרען זיך נאָר פון פלאַנצונגען און ניט פון פלייש. דאָס-זעלבע האָט ער געשריבען 15 ביכער געגען דער קריסטליכער אמונה, וועלכע זענען נאָכהער פערלאָרען געוואָרען. די נײַ-פּלאַטאָנישע לעהרע האָט דאַן אָנגעהויבען אָראָבשטייגען פון איהר פילאָזאָפישער הויכקייט, און האָט זיך אויסגעמישט מיט די המונישע אָבערגלויבערייען. פון דעסטוועגען האָט זי נאָך געהערשט איבער דער רוימישער וועלט ביז׳ן 5-טען יאָהרהונדערט. איהרע הויפּט-צענטערן זענען געווען אין אַטהען און אַלעקסאַנדריע, וואו איהר לעצטער גרויסער לעהרער, היפּאַטיע, איז געפאַלען פאַר אַ קרבן פון קריסטליכען פאַנאַטיזם. די קריסטליכע גלחים האָבען איהם אין אָנפאַנג 5-טען יאָהרהונדערט, צוריסען אויף שטיקער, אַלס פאָרשטעהער פון דער ציוויליזירטער געצענדיענערײַ.

צווישען קיינע אמונות אין דער אַלטער וועלט איז ניט געווען אַזאַ שטאַרקע שנאה ווי צווישען געצענדיענערײַ און קריסטענטום. די רוימישע מלוכה האָט אויפגענומען אַלע קולטען און האָט שלום געמאַכט מיט אַלע רעליגיעס, אויסער דער קריסטליכער. מ׳האָט די קריסטען בעטראַכט אַלס שונאים פון אָפיציעלען קולט, און ביי יעדער נאַציאָנאַלען אומגליק האָט דער המון און די אַרמע פערלאַנגט, אַז מ׳זאָל זיך נוקם זיין אָן די קריסטען, כדי מפיים צו זיין די געטער. דאָס-זעלבע

האָבען זיך די קריסטען אַרויסגעמאַכט פון צו ערפילען די בירגערליכען פליכטען, און דאָס האָט אויך אויפגעבראַכט אויף זיי די רעגירונג. אין דער צווייטער העלפט פון 3-טען יאָהרהונדערט זענען אָבער די קריסטען געוואָרען אַ שטאַרקע מאַכט, און די רדיפות געגען זיי האָבען שוין לאַנג ניט געקאָנט דויערן. דער קייזער גאַליען האָט אין יאָהר 260 געשענקט די קריסטען דאָס רעכט צו קויפען ערד און מאַכען עפענטליכע פערזאַמלונגען, און קאָנסטאַנטין האָט זיך בעמיהט צו געבען די קריסטען גלייכע רעכט מיט אַלע אַנדערע בירגער. דיזער קייזער האָט געזוכט אַ פּאָליטישע שטיצע אין דער קריסטליכער קירך, וועלכע האָט זיך גוט אָרגאַניזירט. ער איז נאָך אָבער געווען ווייט פון געדאַנק צו מאַכען דעם קריסטענטום פאַר דער אָפיציעלער רעליגיע פון דער רוימישער אימפעריע. קאָנסטאַנטין האָט זיך ניט אָבגעזאָגט פון זיין טיטול „העכסטער גלח" אין נאַציאָנאַלען קולט, די פריהערדיגע קיסרים האָט ער פערעהרט אַלס „געטער", און זיין נייע רעזידענץ, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט ער געהייליגט מיט אַלערליי געצענדינערישע צערעמאָניעס. דאָסזעלבע האָט ער אָנגעזאָגט די קריסטען, אַז זיי זאָלען ניט בעליידיגען די רעליגיעזע געפיהלען פון די געצענדינער. ער האָט נאָר פערבאָטען געהיימע קולטען, וואָס קענען שאַטען דער מאָראַל, און האָט אָפטמאָל קאָנפיסקירט רייכע אוצרות פון די טעמפּלען. ער האָט אַ צייט געשטרעבט צו מאַכען די רעגירונג אונפּאַרטייאיש בנוגע צו רעליגיע, און נאָר ביסלעכווייז האָט ער זיך מתקרב געווען צום קריסטענטום. קאָנסטאַנטין האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער סעקטען-בעוועגונג אין דער קריסטליכער קירך, און אונטער זיין לייטונג האָט זיך פערזאַמעלט די גלחים-קאָנפערענץ אין ניצע. אין זיינע לעצטע יאָהרען האָבען די קריסטליכע גלחים בעקומען אַ גרויסען איינפלוס אין הויף. די פרינצען האָט מען ערצויגען אין דער קריסטליכער אמונה, ווען דער קייזער אַליין האָט אויך אָנגענומען דיזען גלויבען פאַר'ן טויט.

קאָנסטאַנטינ'ס קינדער האָבען געפיהרט די זעלבע נייטראַלע פּאָליטיק ווי זייער פאָטער. אַ בעזונדער נייגונג צו געצענדינעריי האָט נאָר אַרויסגעוויזען יוליאַן (361 — 363), וואָס האָט געוואָלט בענייען דעם אַלטען קולט אויפ'ן יסוד פון דער נאָי-פּלאַטאָנישער לעהרע. זיין טרוימערישע נאַטור האָט געבענקט נאָך די מיסטעריען, נאָך די געהיימע צערעמאָניעס; ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט אויפצולעבען די קינדערשע חלומות פון דער פערגאַנגענהייט. בעת יוליאַן האָט געוואָלט

בענייען דעם אָראַקול פון דעלפע מיט זיינע נבואות, האָט ער בעקומען אַנ׳ענטפער, אַז דער רוח־הקדש האָט זיך שוין פון טעמפעל אָבגעטאָן, און „דער קוואַל פון נבואה איז שטום געוואָרען". אין פיעל ערטער, וואו דיזער קייזער האָט אויפגעשטעלט דעם נאַציאָנאַלען קולט, איז שוין ניט געוועזען ניט קיין רעליגיעזע געמיינדע, ניט קיין גלחים. די געצענדיענערײַ האָט נאָך געפונען אָנהענגער נאָר אין דער פראָווינץ און אין רוים, וואו ס׳האָבען זי זאָגאַר פערטיידיגט אינטעליגענטען און סענאַטאָרען. קאָנסטאַנטין האָט אייניגע מאָל צוגענומען פון סענאַטס־געביידע די געטין וויקטאָריאַ, צו וועלכער מ׳האָט דאָרט מקריב געווען קרבנות, און יעדעס מאָל האָט מען זי אַהין צוריקגעבראַכט. און נאָך אין יאָהר 384 האָט סימאַק פערטיידיגט אין נאָמען פון סענאַט דעם קולט פון דיזער געטין.

די געצענדיענערײַ האָט שוין אָבער גע׳גוסס׳ט און האָט ניט לאַנג איבערגעלעבט איהר פערטיידיגער, יוליאַן. די קריסטליכע גלחים האָבען וואָס ווייטער מעהר געפאָדערט, אַז די רעגירונג זאָל אונטער־דריקען די געצענדיענערײַ, און די הערשער האָבען ביסלעכווייז נאָכ־געגעבען. דעם לעצטען שריט אין דעם האָט געמאַכט טעאָדאָסיוס דער גרויסער, אויף וועמען דער הייליגער אַמבראָזיוס האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס. טעאָדאָסיוס האָט לכתחילה פערבאָטען די בעקעהרטע צום קריסטענטום אומצוקערן זיך צו געצענדיענערײַ; און אין יאָהר 392 איז אַרויס אַ בעפעהל, וואָס פערבאָט לחלוטין די געצענדיענערײַ. מ׳האָט דאַן צוריבט די טעמפלען פון די אָבגעטער, און די פאַנאַטישע קריסטען האָבען געקאָנט פרײַ אַרויסווייזען זייער צאָרן געגען זייערע אַמאָליגע גענ..ער.

---

## דרייצעהנטעס קאפיטעל.

# די סלאווען און גערמאנער.

## די סלאווישע פאמיליע.

### די באלטישע פעלקער און די סלאווען.

אין אנהויב פון דער קריסטליכער ערא (יאהרען־צעהלונג) זענען שוין די באלטישע פעלקער געווען אבגעטיילט פון די איבעריגע סלאווען. דיעזע האלבע־גערמאנער, האלבע סלאווען זענען געזעסען אויף די ברעגען פון ווייסעל, און האבען זיך צוטיילט אין ליטוואקעס, לעטען און פרייסען. טאציטוס רופט זיי עסטען, און צעהלט זיי צווישען די גערמאנער. פיעל שרייבער פון מיטעל־אלטער בעשרייבען זייערע זיטען און אמונות, און פעטער פון דויאיסבורג שרייבט אין יאהר 1326 פון די פרייסען: „זיי האבען געהאלטען פאר געטער אלע געגענשטאנדען: די זון, די לבנה, די שטערן, די קלעפ פון דונער, די פייגלעך, די פיער־פיסיגע חיות, זאגאר דעם קראט; זיי האבען אויך געהאט הייליגע וועלדער, פעלדער און וואסער, וואו זיי האבען זיך ניט ערלויבט צו שניידען בוימער, צו זייען תבואות און צו חאפען פיש.

דיעזע פעלקער האבען געדינט, ווי פיעל אנדערע, צו נאטור־געטער, ווי ס'צייגען זייערע לעגענדעס און פאלקס־ליעדער. זיי האבען אפט גערופען די געטער ליעבליך „גאטעס זענדליין" (זוהנ'כל). דער שטארקער גאט פון דונער איז געווען איבעראל פערעהרט, די פרייסען האבען צו איהם מתפלל געווען אין א געוויסער, און ביז'ן 17־טען יאהרהונדערט האבען זיי איהם מקריב געווען קרבנות, כדי ער זאל געבען רעגען.

די באלטישע פעלקער האבען אויך פערעהרט פיעל גייסטער און הויז־רוחות: געניוס'ן פון רייכקייט, פון פאמיליע, און איבערהויפט דער הויז־שלאנג, וועמען מ'פלעגט אפפערן שפייז. יעדע געלעגענהייט, יעדע ערשיינונג האט געהאט איהר ספעציעלען גייסט. ס'זענען געווען גליקס־גייסטער, וואס האבען בעוואכט די קינפעטאריגס, און אנדערע גוטע

רוחות, וואס האבען אלטונג געגעבען אויף די סטארעס, אויף ערד-ארבייט און די ביהן-שטאקען. די גרויסע טעמפלען זענען געווען פול מיט פרעכטיגע נעצען, און די גלחים זענען געווען גוט ארגאניזירט. די היסטאריקער דערצעהלען זאגאר פון א גרויסען גלח, קריווע, וועלכען מ׳האט שטארק פערגעטערט.

די סלאווען פערטיילען זיך אין פולען, ווענדען, סלאוואקען, טשעכען, מאראווען און רוסען, אויסער בולגארען, סערבען-קראאטען און עסקלאוואנער, וואס זיצען אין דרום-זייט. די ווענדען, פולען, טשעכען און מאראווען זענען קאטוילען און אנהענגער פון פויפסט, בעת די איבעריגע סלאווען געהערן צו דער ביזאנטישער קירך. אין 17-טען יאהרהונדערט האט די סלאווישע פערשפרייטונג אין איראפע דערגרייכט איהר העכסטען גראד, און פון דאן אן האבען זיי די דייטשען ביסלעכווייז צוריקגעשטויסען. די סלאווען האבען, ווייזט אויס, אויך פערגעטערט פערשידענע רוחות און נאטור-ערשיינונגען, בעזונדערס בעריהמט איז געווען דער גאט סוואנטאוויט, וואס האט געהאט זיין טעמפעל און פיעל-קעפיגען געץ אויף דער אינזעל רוגען. דער גלח האט געמוזט פערהאלטען דעם אטעם אין טעמפעל. אלע יאהר האט מען געפייערט מיט גרויס פאראד דעם יום-טוב פון סוואנטאוויט, און די גלחים פלעגען פרובען דעם געטראנק, וואס שטעהט א יאהר לאנג אין הארן, כדי צו וויסען, וואס פאר א גרעטעניש ס׳וועט זיין דעם קומפטיגען יאהר.

די רוסען האבען זיך ענטוויקעלט א ביסעל אנדערש ווי די סלאווען. זיי האבען בעקומען אנ׳איינפלוס פון די סקאנדינאווישע פעלקער, וואס האבען זיי געגעבען די דינאסטיע פון רוריק. דאס זעלבע האבען געווירקט אויף די רוסען ביזאנץ, וואס האט זיי געגעבען, צו ענדע 10-טען יאהרהונדערט, די קריסטליכע אמונה, און די טאטארען, וואס האבען אפט אנגעפילט זייער לאנד אין מיטעל-אלטער. די הויפט-קוועלע פאר דער אלטער געשיכטע פון רוסלאנד זענען די שריפטען פון מאנאך נעסטאר (1056 — 1114). דיעזע שריפטען שטעהען נאך גאנץ נאהנט צו די געצענדינערישע צייטען, און גיבען אונז איבער פון זיי פיעל ערצעהלונגען. דאסזעלבע דערצעהלען אונז פון יענע צייטען די פאלקס-לעגענדען און די אראבישע רייזענדער, וואס האבען בעזוכט רוסלאנד.

דאסווארט „באג“, מיט וועלכען די סלאווען בעצייכענען גאט,

געפינט זיך אויך ביי די פערסער. א זכר פון דער אלט-פערסישער רעליגיע געפינען מיר אויך אין דעם מנהג צו בעגראבען א הונט מיט'ן מת, — א מנהג, וואס האט עקזיסטירט ביי די רוסען אין אנהויב 10-טען יאהרהונדערט, ווי ס'דערצעהלט אונז אנ'אראבישער רייזענדער. די נעמען פון די אלט-רוסישע געטער ציינען אונז לייכט זייער בעדייטונג: סוואראג איז דער גאט פון הימעל, דייבאך — פון דער זון, אגאני — פון פייער, סטריבאג — פון ווינט, און. א. וו.. דעם הויפט-פלאץ אין קולט האט פערנומען דער דונער-גאט פ ע ר ו ן, וואס האט געהאט סטאטוען אין קיעוו און נאווגאראד. אין דער פאלקס-לעגענדע איז ער לעבען געבליבען אונטער'ן נאמען עליא. וולאדימיר האט אין יאהר 988 צונעבונדען דעם קיעווער געץ צו אנ'עק פון ערד און איהם אריינגעווארפען אין דניעפר. דיעזער אבגאט איז געווען פון האלץ, און האט געהאט א זילבערנעם קאפ מיט א גאלדענער בארד; אין האנד האט ער געהאלטען א טייער-שטיין, און א פייער פון בעריאזע האט שטענדיג געברענט פאר איהם.

אונטער'ן רוסישען המון האבען איבערגעלעבט ביז יעצט א מחנה נייסטער: וואדיאנאי (וואסע-גייסט), לעשנאי (וואלד-ייגסט) און דאמאוואי (הויז-גייסט). דער דאמאוואי איז א רוח פון פערשטארבענע עלטערן אדער א הויז-גייסט, און ציינט זיך איבערהויפט פסח-צייט. ער העלפט אין א אומגליק, מאכט אבער אמאל אויך שלעכטע שטיק. דאס פאלק וויים אויך פון שענע רוסאלקעם, וואס ציהען צו דעם מענשען, דאס זעלבע דערצעהלען די לעגענדען פון דעם אונשטערבליכען קאשטשיי, אדער דעם פראסט-שד, און פון דער באבא-יאגא, די אלטע און בייזע מכשפה, וואס וואוינט אין א קליין שטיבעל אויף א הינערשער פיסעל. אין פריהלינג און הערבסט היט נאך אב דער המון פערשידענע מנהגים, וואס האבען א געצענדיענערישען חאראקטער.

די מתים פלעגען די אמאליגע רוסען מקבר זיין אדער פערברענען. איידער מ'האט דעם מת מקבר געווען האט די נשמה ארומגעבלאנדזשעט איבער די בוימער. באלד ווי מ'האט אבער דעם מת אבגעטאן אלע נויטיגע צערעמאניעס, איז די נשמה אוועק אין איהר רוה, אין די פעלדער און וועלדער פון די נייסטער. זי איז אהין אנגעקומען דורך דעם רוחות-וועג (מילך-שטעג אדער רעגענבױגען). מ'האט דעם מת מיטגעגעבען עטליכע נוציגע זאכען:

א ביסעל געלד אויף הוצאות-הדרך , און א לייטערל אויף ארויסגעהן פון קבר . דער אראבישער רייזענדער איבן-פאדלאן , וואס האט בעזוכט רוסלאנד אין יאהר 921 דערצעהלט , אז מ'האט אין זיין אנוועזענהייט געהרג'עט א יונג מיידעל , כדי א געוויסער מת זאל האבען א ווייב אויף יענער וועלט .

די דרום-סלאווען דערצעהלען פיעל לעגענדען וועגען די ווילאס , אדער די שענע מיידלעך , וואס וואוינען אין די פעלדער , וועלדער און וואסערן . זיי היילען קראנקע , פערכשופ'ן , פערליבען זיך , גנב'ענען קינדער . געוויסע נשמות פון מתים ווערען וואמפירען , וואס זויגען אויס דאס בלוט פון די לעבעדיגע . די סערבען , קראאטען און עסקלאוואנער אפפערן יום-טוב קרבנות דער גליקס-געטין סרעצא , און בעת זיי מאכען אב א עסק שענקען זיי איהר א מטבע אויף גוט גליק .

---

# די גערמאנער .

## § 2 . איינינע פאר-בעמערקונגען

די גערמאנען זענען אונז בעקאנט זייט צעזאר און אוינוסטוס , און זיי טיילען זיך איין אין פיעל שבטים , וואס האבען זיך אין אנהויב מיטעל-אלטער פערשפרייט אין פערשידענע לענדער . די אמונות פון דיעזע שבטים זענען אפט פערשידען , און זייער רעליגיעזע ענטוויקלונג איז ניט קיין גלייכע אין נארמאלע . אין די גרויסע בעוועגונגען , וואס די גערמאנישע פעלקער האבען געמאכט פון לאנד צו לאנד , האבען זיי געליהען פיעל אמונות און מנהגים פון אנדערע פעלקער און רוסען . אין די פערשידענע אמונות פון די גערמאנער זענען אבער פערהאן פיעל אלגעמיינע שטריכען . זייערע לעגענדעס און טראדיציעס זענען זעהר רייך אין מאטעריאל , און די רעליגיעזע וויסענשאפט קאן פון זיי פיעל לערנען .

וועגען די פערצייטיגע גערמאנער און זייערע זיטען דערצעהלען אונז די גריכישע און רוימישע היסטאריקער . נאך טאציטוס , האט זיך די רוימישע ליטעראטור מיט זיי ניט בעשעפטיגט עטליכע הונדערט יאהר ; בעת ס'האט זיך אבער אנגעהויבען , צום סוף פון דער אלטער עפאכע , די גרויסע פעלקער-בעוועגונג , האבען די רוימישע און

ביזאנטישע היסטאריקער ווידער געוואָרפען אנ׳אויג אויף די גערמאנישע שבטים, וואס פערפלייצען און רעגען אויף גאנץ אייראפע. אין זעקסטען יאהרהונדערט האבען די אָסטגאָטען, וואס האבען בעזעצט איטאליע, געשאפען אנ׳אייגענע היסטארישע ליטעראטור. דאסזעלבע האבען די חראניק־פיהרער און די היסטאריקער־מאנאכען פון מיטעל־אלטער געשילדערט דאס לעבען פון די אלטע גערמאנער און זייערע רעליגיעזע מנהגים. ווערטפולע ערשיינונגען פון דער אלט־גערמאנישער וועלט געפינען מיר אויך אין די אויפשריפטען און פאלקס־לעגענדעס. דיעזע העלדען־לעגענדעס, מיט וועלכע די גערמאנער זענען אזוי רייך, זענען אפט א קאסטבארע היסטארישע קוועלע און פיעל געלעהרטע שטודירען זיי מיט א בעזונדער ענערגיע. די לעגענדעס האבען אין זיך א גרויסען טייל אמת, און דערצעהלען ווירקליכע פאקטען אין א פאעטישער פארם; זיי שטאמען אבער כמעט אלע פון דער קריסטליכער עפאכע, בעת די געצענדיענעריי האט שוין געהערט צו דער פערגאנגענהייט.

---

## § 3. געשיכטע.

צעזאר און טאציטוס שילדערן אונז די גערמאנישע שבטים אלס האלב־וואנדערנדע; זייער פאליטישע ארדנונג און אמונה האבען שוין אבער בעשטימטע און פעסטע פארמען. די גערמאנער האבען זיך בעגעגענט מיט ציווילעזירטערע פעלקער פון זיי, מיט די רוימער און קעלטען, און זענען פון די לעצטע שטארק בעאיינפלוסט געווארען. דארום איז אונז שווער צו דערקענען, וועלכע עלעמענטען אין דער אלט־גערמאנישער קולטור זענען אייגענע, און וועלכע פרעמדע. אויסערדעם שווייגט די געשיכטע וועגען די עטליכע הונדערט יאהר צווישען טאציטוס און דער פעלקער־בעוועגונג, און מיר וויסען לחלוטין ניט, וואס אין דיעזער צייט איז פארגעקומען אין גערמאניע. די גערמאנער האבען ניט אויפגעהערט צו קעמפפען געגען רוים, און זייער בעוועגונג אין דרום־זייט איז געוועזען די לעצטע פארם פון דיעזען קאמפף. אנפילענדיג די רוימישע לענדער, האבען זיך דארט די גערמאנער ניט געפיהלט גאנץ פרעמד. זייט די רוימישע אימפעריע איז געגרינדעט געווארען, האבען איהר די גערמאנער וואס ווייטער מעהר געדיענט אלס קאלאניסטען, זעלנער און זאגאר הויכע בעאמטע. די רוימישע אידעען און זיטען האבען זיך אלזא זייט יענער

צייט, שטארק פערשפרייט אין דער גערמאנישער וועלט; דאס האט אבער ניט אבגעשטעלט די ענטוויקלונג פון דער נאציאנאלער טראדיציע ביי די גערמאנער און האט ניט געענדערט דעם חאראקטער פון זייערע אייגענע רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

פיעל רייבער און אריגינעלער זענען אבער געבליבען דיעזע אינסטיטוציעס ביי די צפון גערמאנער. די לענדער, פון וואנען די אנגלא-זאקסען שטאמען, האלשטיין, שלעזוויג און יוטלאנד, זענען געלעגען אויסער דעם איינפלוס-ראיאן פון די רוימער, און די ריין-גערמאנישע קולטור, וואס זיי האבען מיטגעבראכט אין ענגלאנד, איז לאנג געבליבען פריי פון א פרעמדער פערמישונג. בעת די גערמאנער, וואס זענען געקומען אין גאליע האבען באלד איבערגענומען די גאלא-רוימישע ציווילויזאציע — האבען די גערמאנער אין ענגלאנד פערטריבען די איינגעבארענע קריסטען-ברעטאנער, ניט איבערנעהמענדיג פון זיי קיין שום גייסטיגע גיטער. דארום איז פאר אונז די אלטע אנגלא-זאקסישע ליטעראטור בעזונדערס וויכטיג, הגם זי שטאמט פון דער קריסטליכער צייט. די כשוף-פארמולען און די העלדען-לעגענדען, וואס זי ענטהאלט, שילדערן דעם אמת'ן גייסט פון פערצייטיגען געצען-דיענסט ביי די גערמאנער.

זייט דעם זעכטען יאהרהונדערט האבען די נארוועגיער און דענער אפט בעזוכט די בריטאנישע אינזלען און די פראנקישע מלוכה, וואו זיי האבען זיך בעקענט מיט די קריסטליכע אידעען. און אין צעהנטען יאהרהונדערט האט די קריסטליכע רעליגיע פאלשטענדיג איינגענומען דיעזע לענדער. גראד אין דיעזער צייט זענען אבער געשאפען געווארען אין נארוועגיע און איסלאנד די בעריהמטע לעגענדען פון עדדא, וואס שילדערן אונז די היידנישע וועלט פון די צפון-גערמאנער. פיעל פון דיעזע פאעמען האבען, ווייזט אויס, א גאנץ אלטען אינהאלט, נאר דאן האבען זיי בעקומען זייער ליטעראַרישע פארם און זענען פערמישט געווארען מיט געוויסע פרעמדע עלעמענטען.

## § 4 דער סוף פון געצענדיענעריי.

די פערצייטיגע גערמאנער האבען ניט געהאט קיין פעסטע און פארמולירטע תפילות, קיין לוח פון שטענדיגע ימים-טובים און קיין ספע-

ציעלע גלחים. די הײדנישע רעליגיע האט זיך בײ זײ אויסגעטײשט מיט׳ן פריוואטען און געזעלשאפטליכען לעבען, מיט די פארמען פון דער מלוכה, מיט די געזעצען און זיטען. יעדער שבט האט געהאט זײן הײליגען װאלד, װאו ער פלעגט אבהאלטען זײנע עפענטליכע פערזאמלונגען װעגען אלגעמײנע אינטערעסען. ס׳זענען אויך געװען אזעלכע הײליגע ערטער, װאס האבען געדיענט אלס פערזאמלונגס־ארט פאר די פערבונדענע שבטים. בײ די סקאנדינאװישע פעלקער האבען זיך די טעמפלען געראכענט ביז א שפעטיגערע צײט פאר פאליטישע צענטערס. דער פערצײטיגער גערמאנישער גלח איז געװען צוגלײך אויך א ריכטער און א פאליטיקער; ער האט אבער ניט געהערט צו קײן ספעציעלער אבגעשלאסענער קאסטע. די מלכים און די מנהיגים (זארלס) האבען אויך אפט אבגעריכט די הײליגער עבודה.

בײ יעדער װיכטיגער געלעגענהײט אין געזעלשאפטליכען לעבען האבען די גערמאנישע שבטים מקריב געװען קרבנות. טאציטוס דערצעהלט אונז, אז די ס ע מ א נ ע ס האבען זיך פערזאמעלט אין זײער הײליגען װאלד, און מקריב געװען פײערליך א מענשען־קרבן. אין א צײט פון א קריעג אדער א הונגער האט מען געאפפערט קרבנות פון צוקונפט־טרעפערײ און תשובה. בעת די מנהיגים האבען געשטערט די פערשפרײטונג פון דער קריסטליכער אמונה צװישען די גערמאנישער שבטים, האט זײ אלאף טריגװאזאן גערראהט, אז מ׳װעט מוזען אפפערן די גרעסטע מענשען צו די פער׳כעס׳טע געצען, אויב מ׳װעט זיך אומקעהרן צוריק צו זײער דיענסט.

די אמונה אין רוחות איז געװען שטארק אײנגעװארצעלט בײ די אלטע גערמאנער, און עד היום איז נאך פון איהר געבליבען א זכר בײם גערמאנישען המון. אין געװיסע צײטען האבען די שדים א בעזונדער שליטה: אין די צװעלף נעכט פון קריסט־געבורטסטאג ביז עפיפאניע, ערשטען מאי, 24 יוני און 11־טען נאװעמבער. מ׳פלעגט זיך דארום בעדיענען מיט פערשיעדענע מנהגים אלס שמירה. טרעפערײ און כשוף האבען אויך פערנומען א װיכטיגען פלאץ אין דער אלט־גערמאנישער רעליגיע. די גלחים פלעגען אויסדײטען פערשיעדענע סימנים, כדי פארצואגען די צוקונפט. ס׳זענען אויך געװען נביאים און טרעפערקעס, װעלכע מ׳האט זעהר געאכטעט. די צוקונפט פלעגט מען טרעפען אויף פערשיעדענע אופנים: לויט דאס הירזען פון פערד, דאס פליהען פון פויגלעך, דאס מעקען פון קרבנות־קעלבעל, דורך װארפען געלד און ז. װ.

די טרעף־קונסט איז אויך געוועזען דער יסוד פון דער יסורים־פּראָבע, וואָס מ'האָט געמאַכט אויף די בעשולדיגטע. איבערהויפּט האָט מען זיך בעדינט אין כשוף און טרעפעריי מיט געוויסע שרייב־צייכענס. די אַלטע סקאַנדינאַווישע ליטעראַטור בעשעפטיגט זיך אָפט מיט חלומות און זייער אויסדייטונג.

דער כשוף איז געוועזען זעהר פערברייטערט אונטער די אַלטע גערמאַנער. די פּאָעמען פון עדאַ שילדערן די געטער אַליין אַלס גרויסע מכשפים. און די לעגענדע פון טהאָר־וואַלד דערצעהלט, אַז אַ קריסטליכער גלח האָט אַרויסגעטריבען אַ רוח פון אַ שטיין מיט הייס וואַסער, אין דורך דעם איז איהם געלונגען צו בעקעהרען אַ געצען־דינער צום קריסטענטום.

דער געצענדיענערישער קולט פון די אַלטע גערמאַנער האָט נאָך ניט דערגרייכט די מדרגה פון אַ בעוואוסטזיניגער מאָראַל. אין דער גרויסער עהרע, וואָס זיי האָבען אָבגעגעבען דער פרוי און אין זייער בעזונדער ליעבע צו הכנסת־אורחים, האָבען זיי, אמת, אַרויסגעוויזען אַ געוויסע זיטען־ריינהייט און גוטע מדות; זיי האָבען אָבער אויך געהאַט גרויסע פעהלערן אין מאָראַלישען זין, ווי, למשל, די תאוה צו שכרות. די אַלט־גערמאַנישער לעגענדען שטעלען זעהר הויך די פליכט אויפצונעהמען פריינדליך אַ גאַסט, און לויבען דעם מוט און דעם פערשטאַנד. די העכסטע גיטער פאַר אַ מענשען זענען זיעג, כבוד און רייכקייט. די לעגענדען לויבען אָפט דעם אמת, זיי ריהמען אָבער כמה מאָל אויך די הינטער־געדאַנקען און די רמאות. אין מיטעל־אַלטער האָבען די דייטשען געהאַלטען די עהרליכקייט פאַר דער גרעסטער מעלה פון אַ איינפאַכען מענשען, און די נוטהערציגקייט — פאַר דער גרעסטער מעלה פון אַ פּרינץ. דאָס איז אַ געמיש פון היידנישען אידעאַל מיט דער אַלט־קריסטליכער אַנשויאונג. בעזונדערס שטאַרק גלויבען די גערמאַנישע לעגענדען אין פאַטאַלען שיקזאַל, וואָס קיין מענש איז נישט אימשטאַנד איהם אויסצומיידען

---

# § 5. די געטער און די אמונה.

די אַלטע גערמאַנער האָבען, פערשטעהט זיך, אָבגעהיט דעם קולט פון נשמות און נאַטור־גייסטער, ווי אַלע אַנדערע פערצייטיגע

פעלקער. זיי האבען אבער בעזונדערס פערעהרט די גרויסע נאטור-געטער פון ווינט, דונער, הימעל, פייער און ערד. וועגען דיזע געטער ווערען דערצעהלט פערשידענע לעגענדעס, אין וועלכע מ'קען לייכט דערקענען די הויפט-שטריכען פון דער נאטוראליסטישער מיטאלאגיע. זיי שילדערן אונז די רייזע פון דער זון ארום הימעל, דעם סעזאן-וועקסעל און דעם טויט פון דער נאטור אין הערבסט. אין די לעגענדען פון די צפון-דייטשען שפיעלט דער ים א הויפט-ראלע.

די געטער פון די אלטע גערמאנער זענען אבער ניט קיין פערקערפערונג פון פערשידענע נאטור-קרעפטען און ערשיינונגען; זיי זענען קודם כל בעשטימטע פערזענליכקייטען, וואס שיצען דעם שבט, דאס פאלק. יעדער פון די דריי גערמאנישע הויפט-שבטים, די אינגעוואנער, הערמינאנער און איסטעוואנער, האט געהאט זיין געטליכען העלד, וואס איז אפשר מעהר ניט, ווי א ספעציעלע געשטאלט פון דעם איינציגען גאט טיוואז. געוויסע שבטים האבען פערעהרט מארס, מערקור, איזיס, אדער קאסטאר און פאלקס. אלע יאהר פלעגען זיך פעראייניגען זיבען פערוואנדטע שבטים, כדי צו פייערן דעם קולט פון נערטהוס. גאנץ אפט שטאמען די קעניגליכע פאמיליעס פון געוויסע העלדען-געטער, לויט דער יחוס-טראדיציע. יעדע געגענד האט געהאט איהר ספעציעלען גאט, וועלכען די איינוואוינער האבען בעזונדערס פערעהרט אלס זייער שיצער און פארשטעהער.

די געטער שיצען, אמת, די גערעכטיגקייט אין עפענטליכען געריכט פון די שבטים; זייער מאראלישע ראלע איז אבער מעהר ניט ווי א ביי-זאך. זיי האבען פערשידענע בעשטימונגען אין דער נאטור און אין דער מענשליכער געזעלשאפט. וואדאן איז, צום ב. ש., דער גאט פון ווינט, פון דער אונטער-וועלט, ערטערווייז אויך פון הימעל. אנדערע שבטים האלטען איהם פאר'ן גאט פון תבואה-געוועקס-גיש, אבער שילדערן איהם אלס חכם, מכשף און אייביגען רייזענדער, וואס נעהמט אן פערשידענע געשטאלטען און בעטייליגט זיך אין מלחמות.

די הויפט-געטער פון די סקאנדינאווישע גערמאנער — וואדאן, דאנאר און פרעיער — האבען אויך פרויען אדער געטינס. די געטין העל הערשט איבער דער אונטער-ערדישער מתים-וועלט; און פרייא איז די געטין פון לופט און הימעל. די געטינס האבען אויך א גרויסע שייכות צום טויט און לעבען, צום זייען און שניידען, צום

שפּינען און וועבען. זייער פערזענליכקייט איז אָבער גאַנץ ווייניג ענטוויקעלט, און ס'איז אָפט שווער צו אונטערשיידען איינע פון די אַנדערע.

די אַלטע גערמאַנער האָבען אויך געגלויבט אין אַ מענגע גייסטער, אין כשוף און גלגולים. זיי האָבען שטאַרק מורא געהאַט פאַר צוריקגעקומענע טויטע און פאַר מכשפים, וואָס פערשטעלען זיך אין אַ געשטאַלט פון אַ וואָלף און לויפען אַרום איבער די פעלדער. זיי האָבען איבעראַל געזעהן פערבלאָנדזשעטע נשמות, און פיעל הויכע ערטער האָבען בעקומען דעם נאָמען „מתים-בערג". די נשמות האָבען זיך בעוויזען אין פערשיעדענע געשטאַלטען; למשל, אין דער פאָרם פון אַ מויז. אין דער לופט האָבען זיך געיאָגט מחנות פון רוחות אין אַ ווילדען געיעג. די פאָלקס-לעגענדען דערצעהלען גאַנץ אָפט פון ריזען און קאַרליקעס. די ריזען געהערען צו דער געטער-פאַמיליע, און צייכענען זיך אויס מיט אַ גראָבען און ווילדען כאַראַקטער. זיי ווייזען אַרויס אַ מורא'דיגען כעס, וואַרפען פעלזען, טראָגען איבער בערג און ווייכען פון קולטיווירטע ערטער. די ריזען זיינען אָבער ניט שטענדיג שלעכט און מורא'דיג אין געשטאַלט; זיי האָבען אָפטמאָל רייצענד-שעהנע פרויען, און זיינען בכלל רעכט געבויט פיזיש און גייסטיג. די אַלטע געזעצען שטאַמען פון זייער פערשטאַנד, און איבערהויפּט זיינען זיי פעהיג צו בויקונסט. ס'זיינען דאָ ריזען פון וואַסער, פון לופט, פון אייזען און פון ערד. לויט די לעגענדען פון עדאַ, זיינען די ריזען די ערשטע בעשעפענישען אויף דער וועלט; די בריאה איז אַרויס פון ערשטען ריז, ימיר.

ווייניגער שייכות צו די געטער האָבען די קאַרליקעס; דער גייסט פעלט האָט זיך אָבער מיט זיי פיעל מעהר בעשעפטיגט. לויט דער לעגענדע, האָבען די קאַרליקעס געשאַפען פיעל וואונדערבאַרע זאַכען, און אין פיעל ערטער האָט מען זיי פערגעטערט אין אַ ספּעציעלען קולט. נאָך גאָר ניט לאַנג, דערצעהלט מען, האָבען אין שוועדען עקזיסטירט מזבחות פון קאַרליקעס, אויף וועלכע מ'האָט מקריב געווען קרבנות פאַר קראַנקע. די קאַרליקעס האָבען זיך פערטייִשט אין טעגליכען לעבען, און מ'האָט איבעראַל געפיהלט זייער אַנוועזענהייט. זיי האָבען געשפּיעלט די ראָליע פון אַ מין געטליכער השגחה. דער פאָרשער גרים טיילט איין די פערשיעדענע מינים גייסטער אָדער עלפען פון דעם סאָרט אין העלע, אין גרויע אָדער ברוינע, און אין שוואַרצע. די שוואַרצע קאַרליקעס וואוינען אונטער דר'ערד און האָבען רייכע אוצרות. זיי האָ-

בין מורא פאר דער שין, און בעת זיי בעווייזען זיך אויף דער וויסער וועלט טוען זיי אן א כשוף-מאנטעל אדער-היטעל, כדי מ'זאל זיי ניט זעהן. ס'זענען אויך דא הויז- און וואסער-קארליקעס, וואס פערשליפען דעם מענשען אין תהום, די קארליקעס פערהאלטען זיך אפט זעהר פריינדליך צום מענשען. מ'רופט זיי: רוהיגעס פאלק, גוטע קינדער, שטילע לייט. די העלע קארליקעס זענען שטענדיג גלאנציג און שען; זיי זענען אבער אפטמאל אויך געפעהרליך. זיי הרג'ענען מיט'ן בליק, פערבייטען קינדער אויף קליינע שדים'לעך, און שיקען בייזע חלומות דעם שלאפענדיגען מענשען. זיי מאכען שטיק פון היילע רשעות, אדער כדי זיך לוסטיג צו מאכען; זייערע שפילערייען האבען אבער אפט א שלעכטען סוף. אמאל רופען זיי א מענשען, ער זאל קומען העלפען א קארליק'ס פרוי, וואס געהט צו קינד. און אפטמאל קומט פאר, אז מענשען הייראטען אזא פרוי. די ריהרענדע לעגענדע פון מעלוזין און אנדרין שילדערט אונז, ווי די קארליק-פרוי בינדט זיך צו צום מענשען, כדי צו בעקומען א אונשטערבליכע נשמה. און אנדערע לעגענדען דער-צעהלען, ווי די קארליקעס מאכען פליטה, פיהלענדיג, אז זייער שליטה איז פערניכטעט געווארען דורך דער קריסטליכע רעליגיע, וואס האט זיך אנגעהויבען פערשפרייטען צווישען די גערמאנער.

## § 6. די קעלטען.

די קעלטען, וואס קומען ארויס פון אינדא-גערמאנישען שטאם, זענען אמאל געווען פערשפרייט איבער גאנץ מערב איראפע. מיר בע-געגענען זיי פוןביידע זייטען אלפען-בערג, פון רהיין ביז'ן אטלאנטישען ים, און ז. וו.. צעזאר האט שוין געוואוסט, אז ס'איז פערהאן א היסטא-רישע שייכות צווישען די קעלטען פון גאליע און זייערע שטאם-ברידער פון די בריטאנישע אינזלען. די רוימישע שריפטשטעלער האבען פיעל געשריבען וועגען דער רעליגיע פון די איינוואוינער אין דער אלטער גאליע; די נעמען, וואס זיי גיבען די געטער זענען אבער אפט לויט דעם רוימישען נוסח. ס'זענען דא הויפט-געטער און געטער פון א ניע-דעריגערע מדרגה, וואס הערשען איבער וועלדער, בערג, טייכען, און ז. וו., די קעלטען האבען אויך פערעהרט גרופעס פון געטינס, געטיילט

צו דריי, וועלכע שיינען צו זיין עהנליך צו די „וויסע דאמען" און אנ־דערע גוטע מכשפות.

די קעלטישע גלחים, אדער דרויאידען, האבען געשפּיעלט א גרויסע ראלע. איינינע אלטע שרייבער האבען געהאלטען, אז די לעהרע פון די דרויאידען שטאמט פון פיטאגארעי'ס פילאזאפיע, וועלכע זיי האבען אנגעקליידט אין פערשידענע סימבאלען. דאגעגען בעטראכטען אנדערע שריפטשטעלער די טעאריע פון די דרויאידען פאר קינדישע רעיונות פון ווילדע מענשען.

די דרויאידען זענען געווען גוט ארגאניזירט און האבען אויסגע־וועהלט צווישען זיך א פארשטעהער. זייער צענטער איז געווען קארנוטום. די כהונה איז ביי זי ניט איבערגעגאנגען בירושה, און די נייע גלחים פלעגען אויסגעקליבען ווערען פון די בעסטע יונגע לייט. די דרוי־אידען האבען זיך געטיילט אין דריי־פיער מדרגות, אין דורך זייערע פריווילעגיעס האבען זיי בעקומען א פאליטישען איינפלוס. דער גלח עדוען־דיוויטיאקוס איז געשיקט געווארען אין רוים אלס דעלעגאט פון די קעלטען, און שפעטער האבען איינינע דרויאידען געבראכט דאס פאלק צו אנ'אויפשטאנד געגען רוים. די גלחים זענען געווען פריי פון קריעג און צינז, זיי האבען געהאט דאס רעכט צו שטראפען, מחרים צו זיין, און אויסצושליסען פון די הייליגע צערעמאניעס די אונגעהארכזאמע גלויביגע. דער דרויאידישער קולט איז געווען א בלוטיגער. מ'האט מקריב געווען צו די געטער אויך מענשען־קרבנות, איבערהויפט פערברעכער. פליניוס שילדערט אונז א איינענטימליכע צערעמאניע פון דער קעלטישער אמונה: די דרויאידען, געקליידט אין וויסען, שטעהען פאר'ן שיין פון דער לבנה און שניידען ארום מיט א גאלדענעם סערפ די ווילדע געוויק־סען פון די בעריאזעס. זיי קלייבען נאכהער אויף די געוויקסען אין א טוך, און מאכען פון דעם א געטראנק צו היילען קראנקע.

די דרויאידען האבען זיך אויך בעשעפטיגט מיט מעדיצין און מרעפעריי, איבערהויפט מיט קינדער־ערציהונג. זייער לעהרע איז ניט געשריבען געווארען, און האט זיך איבערגעגעבען מינדליך אין פערזען. כדי צו קענען דיעזע לעהרע גרינדליך, האט מען זי געמוזט לערנען א יאהר צוואנציג. לויט צעזאר, האט זיך די טעאריע פון די דרויאידען אויך בעשעפטיגט מיט וועלט־לעהרע און שטערנזעהעריי; איהר יסוד איז אבער געווען דער גלויבען אין אונשטערבליכקייט פון דער נשמה. די קעלטען האבען מיטגעגעבען דעם מת אלץ, וואס ער האט נויטיג אין זיין נייער

עקזיסטענץ, און האבען אפט געליהען געלד אבצוגעבען עס אויף יענער וועלט. די דרויאידען האבען אויך געגלויבט אין גלגול-נשמות, און דיעזער גלויבען האט זיי געדיענט אלס יסוד פאר מאראל און אלס נחמה געגען שרעק פאר'ן טויט.

די בעציהונגען פון די רוימער צו די דרויאידען זענען געווען נישט אלעמאל גלייך. בעת צעזאר האט געקעמפפט געגען די עקיטען, האט ער געזוכט א שטיצע ביי די דרויאידען; נאכ'ן נצחון האט זיך אבער די לאגע געענדערט. די עקיטען פון גאליע האבען בעקומען די בעסטע שטעלעס ביי דער רוימישער רעגירונג, בעת זי האט געזוכט מיט אלע מיטלען צו פערניכטען דעם איינפלוס פון די דרויאידען אויפ'ן פאלק. געוויסע פאליטישע, אבער נישט רעליגיעזע, מאטיווען האבען זי בעוואוינגען רודף צו זיין די קעלטישע גלחים. אגב האבען די רוימער געפיהלט די ווילדקייט און די אכזריות פון דרויאידען-קולט, און האבען נישט געקאנט ערלויבען זיינע מעשים-תעתועים.

דער לעצטער רעשט פון דער קעלטישער ציוויליזאציע איז פערניכטעט געווארען דורך דער קריסטליכער רעליגיע, וואס האט זיך פריה פערשפרייט אויף די בריטאנישע אינזלען. אין יאהר 400 האט זיך שוין דאס קריסטענטום איינגעווארצעלט אין אירלאנד, וואו די קעלטישע קולטור איז געווען שטארקער ווי אומעטום. מען טיילט געוועהנליך די קעלטען אין צוויי הויפט-גרופעס: אין אירלאנדער און גאאדלער, און ברעטאנער, צו וועלכע ס'געהערן אויך די גאלער און די איינוואוינער פון ארמאריק, אויף יענער זייט לא-מאנש. די קעלטען פון די ברעטאנישע אינזלען האבען אונז איבערגעלאזט א רייכע ליטעראטור; אויסער די בעריהמטע ווערק, וואס גילדאס און נעניוס האבען געשריבען אין לאטייניש איבער דער קעלטישער קולטור, דריקט זי זיך אוים אין פיעל אירלענדישע קוועלען. זייט דעם פינפטען יאהרהונדערט איז אירלאנד געווארען א צענטר פאר אייראפעאישע ציוויליזאציע, און בעת אין גאנץ מערב-אייראפע האט מען שוין לאנג פערגעסען די גריכישע שפראך האבען נאך די אירלאנדער פלייסיג געלערנט די אלט-קלאסישע ליטעראטור. אין 7-טען יאהרהונדערט זענען די אירלענדער געווען די אמת'ע פארשטעהער פון דער אייראפעאישער קולטור, און זאגאר אין דער עפאכע פון קארל'ס דינאסטיע האבען זיי זיך נאך גערעכענט פאר די בעסטע לעהרער אין די שולען. די

אירלענדישע ציוויליזאציע איז, פערשטעהט זיך, געווען א קלאסישע און א קריסטליכע, זי האט אבער אויך געהאט פיעל עלעמענטען פון דער קעלטישער ליטעראטור. זי האט איבערגעגעבען און ענטוויקעלט די אלטע קעלטישע לעגענדען, בעזונדערס אין דער עפאכע פון די וויקינגס. דובלין האט ארום 12-טען יאהרהונדערט אויפגעזאמעלט פערשיעדענע שריפטען, וואס ענטהאלטען די גראמאטיק, געזעץ-לעהרע, געשיכטע און פאעזיע פון די אלטע אירלענדער. די אירלענדישע לעגענדען זענען געבויט אויף פיעל היסטארישע ערינערונגען און ווירקליכע געשעהענישען; זיי האבען אבער אויך א שטארקען יסוד פון דער נאטור-מיטאלאגיע, וואס שטאמט פון דעם קעלטישען געצענדיענסט.

מ'דארף אבער נישט פערגעסען, אז די הײדנישע לעגענדען האבען ביי די אירלענדער, פיעל וועניגער ווי ביי אנדערע פעלקער, געקאנט בלייבען אין זייער אייגען געשטאלט. דאס אירלענדישע פאלק, וואס האט זיך פיעל יאהרהונדערטען ערצויגען אויף דער קריסטליך-קלאסישער קולטור און האט אזוי פיעל געליהען ביי לייטען — האט געמוזט ענדערן זיינע אלטע טראדיציעס. די אירלענדישע לעגענדען האבען אפט געשעפט זייער מאטעריאל פון ווירגיליוס און אווידיוס, פון דער ביבעל, פון קריסטליכע ערינערונגען און פון היסטארישע קוועלען.

די אלטע אירלענדישע שריפטען געפינען מיר אין אימראמא, א זאמלונג פון געשיכטען וועגען רייזען אויפ'ן ים אין מיטעל-אלטער, און אין מאבינאגיאן, א זאמלונג פון ערצעהלונגען, וואס געהערט צו דער עפאכע פון דער אירלענדישער ציוויליזאציע אין גאליע. דיעזע זאמלונג שילדערט אונז, ווי די קעלטען האבען זיך בעטייליגט אין דער אלגעמיינער ליטעראטור. זי ווייזט אויך, ווי די קעלטען האבען זיך אויסגעצייכענט מיט א רייכער פאעזיע.

די פעלקער, אין וועלכע ס'געפינט זיך קעלטישעס בלוט, האבען אונז נאך אין די שפעטערע צייטען אויך געשענקט בעגאבטע דיכטער מיט א לעבעדיגער פאעזיע.

# שימינס פערלאג.

## יודישע בעלעטריסטיק:

1) ג. י. זאבי. „צווישען הימעל און ערד" 50 ק.
(נאָוועלע)
2) „ „די זאבא" — — — 40 ק.
(אילוסטרירטע פרעמיע אויסגאבע)
3) שלום אש. שריפטען, I באנד יוגענד 70 ק.
4) II, א שטעדטיל 70 ק.
5) III, ערציילונגען 70 ק.
6) IV, מאַמזיוען 70 ק.
7) V, ארץ ישראל 70 ק.
8) „ מאַנקריאַס (הומאָרעסקע) — -- 5 ק.
9) ח. נ. ביאליק. אריה בעל גוף (ערצעהלונג) 15 ק.
10) י. מ. וויסענבערג. שריפטען — 75 ק.
11) מ. מיימיש. שריפטען — — — 75 ק.
12) ס. סמאָחסקי. אידיליען און בילדער — 25 ק.
13) „ „ „ „ א טיבעל — — 5 ק.
14) ס. ספעקטאָר. א ראָמאַן אָהן א נאָמען — 50 ק.
15) דוד פינסקי. דראבקין און יום כפור 25 ק.
(ערצעהלונגען)
16) מ. ז. פייערבערג. וואוהין? — — 25 ק.
17) יונה ראָזענפעלד. אין די שמאָלע
געסלעך (ערצעהלונגען) 25 ק.
18) אברהם רייזען. די אלטע וועלט 25 ק.
19) „ „ „ „ יונגווארג — — 25 ק.
(ערצעהלונגען)
20) ג. שאָפמאַן. פון יענער זייט (נאָוועלע) 25 ק.
21) יהודה שטיינבערג. חסידישע מעשה'לעך 25 ק.
22) „ „ „ „ „ אין יענע צייטען — 25 ק.
23) יעקב שטיינבערג. נאָוועלען — — 25 ק.
24) ז. שניאור. שריפטען — — — 75 ק.

ווארשא, נאלעווקי 33